פ. קאַץ

# געקליבענע שריפטן

## באַנד II

אַרויסגעגעבן פון אַ
געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט
ביים פאַרלאַג „איקוף"



בוענאָס איירעס
1946

סוף סעפּטעמבער 1928, האָט אַ לאַנד־קאָנגרעס פון „פּראָקאָר" — די אַרגענטינישע שוועסטער־אָרגאַניזאַ־ציע פון אַלפאַרבאַנדישן „געזערד", נאָרד־אַמעריקאַנישן „איקאָר" און ענלעכע אָרגאַניזאַציעס אין בראַזיל, דרום־אַפריקע, אויסטראַליע און פּאַלעסטינע, וואָס זייער ציל איז צו שטיצן די איבערוואַנדערונג פון אידן אויף ערד אינעם ראַטנפאַרבאַנד — באַשלאָסן צו שיקן אַ דעלע־גאַציע פון אַרגענטינער אידן, וואָס זאָל זיך באַקענען אויף די ערטער מיט דעם גאַנג און מיט די דערפאָלגן פון דער היסטאָרישער איבערבוי־אַקציע.

אַרום דער דאָזיקער אַקציע, וואָס איר באַזע זיינען געווען די ברייטע ערד־שטחים, וואָס די ראַטנמאַכט האָט באַשטימט פאַר אידישער באַזעצונג אין קרים און אין אַ ריי אַנדערע געגנטן פון אוקראַינע: טשאָנגאַר, זאַפּאָראָ־זשיע, ניקאָפּאָלער, כערסאָנער און אָדעסער קרייזן, ווי די אַסיגנירטע דערויף מיליאָניקע סומעס, און האָט אויך געהאַט די פינאַנציעלע שטיצע פון „אַגראָדזשוינט", „איקאָ" און „אָרט", איז זיך צעוואַקסן אַ ברייטע גע־זעלשאַפטלעכע הילפס־באַוועגונג, ווי עס איז צו זען פון דער גרויסער צאָל אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך אין פאַרשידענע לענדער געגרינדעט און פון דער אַקטיווי־טעט, וואָס זיי האָבן אויסגעוויקלט.

דער אינטערעס, וואָס די אַקציע האָט אַרויסגערופן אינעם אַרגענטינער אידישן ישוב, איז געווען אַ פּילפּאַ־

בער. א חוץ דעם אלגעמיין־אידישן אינטערעס צום גורל פון די מיליאנען אידן אינעם ראטנפארבאנד, וואס זוכן ארייגצופאסן זיך אין די נייע סאוועטישע פארמען פון ווירטשאפטלעכן און קולטור־לעבן און געניסן פון דער פעלקער־אויפריכטנדיקער סאוועטישער נאציאנאלער פאליטיק, האט דאך דער אידישער ישוב אין ארגענטינע גופא געהאט אלס זיין באזע די באזעצונג פון אידן אויף ערד, און מיר האבן אויף דעם געביט דערפארונגען.

דער דערמאנטער קאנגרעס האט דעריבער באשלאסן, אז אין דער דעלעגאציע פון די ארגענטינער אידן צו די נייע אידישע אגראר־ישובים אינעם ראטנפארבאנד, זאלן זיין פארטראטן די פארשידנסטע שיכטן ארגענטינער אידן: די קאלאניסטן, די ארבעטער, די אינדוסטריעלער, די קאמערסאנטן, ווי די אינטעליגענץ און די פרעסע.

אנהויב יוני 1929 איז די דעלעגאציע, אין באשטאנד פון זיבן מענטשן, אונטער דער פירונג פון ב. שלייפער אלס סעקרעטאר: דער קאלאניסט ברוך רעכאוויצקי, די שניידערן סאניע עפשטיין, דער לערער זונדעלעוויטש, דער סוחר שלמה כיטערמאן, דער פאטאגראף פויזנער און מיין ווייניקייט אלס ארגענטינער אידישער זשורנאליסט, אפגעפארן פון בוענאס איירעס און דעם 12־טן יולי זיינען מיר אנגעקומען קיין מאסקווע און פון דארט זיך פונאנדערגעטיילט אין פארשידענע ריכטונגען: דער קאלאניסט צוזאמען מיט דעם לערער — קיין ביראבידזשאן, וואו עס האט זיך שוין דעמאלט אנגעהויבן די באזעצונג פון אידן; דער סוחר — קיין בערדיטשעוו, ווי בכלל אין די וואלינער־פאדאליער שטעט פון קאמפאקטן אידישן ישוב; שלייפער און עפשטיין — אין די אלטע אידישע קאלאניעס פון כערסאנער און ניקאפאלער קרייז און דער שרייבער פון די שורות, צוזאמען מיט דעם פאטאגראף פויזנער — אויף די נייע אידישע ערדארבע־

טער־ישובים אין קרים, זאפאראזשיע און אדעסטשינע.

די קאפיטלען וואס ווערן דא געדרוקט, דערשינענע אין „די פרעסע”, וואס אויף אירע הוצאות האב איך די רייזע געמאכט, זיינען דער רעזולטאט פון מיינע באאבאכטונגען פאר קנאפע פיר חדשים אומפארן אין יענער ווערנדיקער, זיך שאפנדיקער נייער וועלט אויף די חורבות פון דער אלטער; ניי־סאוועטיש און אידיש־סאוועטיש לעבן אויף די מיסטן פון דעם צארישן. אויף די מיסטן פון דער צארישערווירקלעכקייט האט זיך צעבליט מיין אידייען־וועלט, האבן זיך אויסגעפורעמט מיינע וויזיעס פון א ניי און פריי לעבן פאר די פעלקער און דערין אויך פאר דעם אידישן פאלק. מיט דער מאס פון יענער אלטער ווירקלעכקייט פון איין זייט און פון מיין אידייען־וועלט פון דער אנדערער, האב איך געמאסטן דאס נייע, דאס אויפקומענדיקע. די מאס איז ביז גאר אן אינטימע, אבער נישט קיין פערזענלעכע, ווי אינטים און דאך נישט פערזענלעך עס איז מיין גאנצע געזעלשאפטלעכע און זשורנאליסטישע ארבעט. מיט אט דעם קריטעריום, בעט איך אויך מיינע לייענער, די קאפיטלען צו לייענען.

פ. ק.

# 1

נאָך בעת מיין נסיעה אַהינצו־וועג, צום ראַטנפֿאַרבאַנד, האָב איך אויף דער שיף באַקומען צום לייענען אַ ניי בוך וועגן סאָוועט־רוסלאַנד "Un Notario en Rusia" אַ שפּאַנישער יוריסט איז באַגאַנגען אַ העלדישקייט; קענען אַלע שטורמען און ווינטן, ווי מען זאָגט אין שפּאַניש, קענען אַלע פּחדים וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט וועגן דעם סאָוועטישן לאַנד, קעגן אַלע וואָרענישן פֿון זיינע פֿיל גוטע פֿריינט און פֿון זיין פֿאַמיליע און קעגן אַלע שוועריקייטן און וואַרטענישן, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין אויף צו באַקומען אין דער בערלינער סאָוועטישער פֿאַרשטייערשאַפֿט די וויזע אויף צו קענען אַריינפֿאָרן, האָט ער איינגעשטעלט דאָס לעבן און איז געקומען קיין מאָסקווע. אים האָט אינטערעסירט דאָס סאָוועטישע געריכט־וועזן; די שפּאַנישע געריכט־פּראָצעדור איז אַ קאָמפּליצירטע און פֿאַרפּלאָנטערטע און דער שטראָף־קאָדעקס — אַ פֿאַרעלטערטער, וואָס זוכט בלויז צו באַשטראָפֿן און נישט צו פֿאַריכטן די פֿאַרברעכער, און ע ר זוכט מוסטערן פֿאַר אַ נייעם שפּאַנישן געריכט־וועזן. איז ער דאָך אָבער נישט נאָר אַ ריכטער, נאָר אויך אַ מענטש, אַ שפּאַנישער אינטעליגענט, קוקט ער זיך אַרום צום אַרומיקן לעבן אין רוסלאַנד און שרייבט וועגן דעם אין זיינע בריוו צו זיינעם אַ פֿריינט. אָט די בריוו שטעלן צוזאַמען דאָס דערמאָנטע בוך. דער מענטש איז אַן אָרנטלעכער, איינער פֿון די „חסידי אומות העולם", פֿון די ווינציקע בירגערלעכע אינטעליגענטן אין אייראָפּע, וואָס טאַנצן נישט אינעם שדים־טאַנץ פֿון רכילות און טפּשות,

וואָס ווערט געטאַנצט אַזוי הפקרדיק אומפאַרשעמט אין דער אייראָ־פּעאישער בירגערלעכער פּרעסע איבערן קאָפּ פון דעם גאיוון ברייטן לייענער. מיט מיין גאַנצער סימפּאַטיע צו אָט דעם אָרנטלעכן שפּאַ־נישן אינטעליגענט, האָב איך געלייענט דאָס בוך, איך האָב עס איינ־געשלונגען, בלגימה אחת, נאָר אַז איך האָב עס געענדיקט לייענען און פאַרמאַכט דאָס בוך, האָב איך, אויך מיט מיין גאַנצער סימפּאַטיע, זיך אַליין פאַרכאַפּט אויף אַ גרינגשעצנדיקן וואָרטשפּיל בנוגע דעם טיטל פונעם בוך: „און אַטאַריאַ ען רוסיאַ”... אַ נאַר אין רוסלאַנד. וואָס איז די מעשה: ער איז געפאָרן, איז געגאַנגען, האָט געזען און גע־שריבן; געקומען פון גאַס, וואו עס ברויזט אַ לעבן נישט ערגער ווי אין פּאַריז צי בערלין, זיך דורכגעשפּאַצירט אויף טווערסקאַיאַ, אויף קוזניעצקי מאָסט, אין אַ „דראָזשקע” צי אין אַן אויטאָ, געזען שיינע סעקרעטאַרקעס אין „וואָקס” (געזעלשאַפט פאַר קולטורעלער פאַרבינ־דונג מיט אויסלאַנד) און זיך אוועקגעזעצט און אָנגעשריבן צו זיין פריינט און אים געטרייסט, אַז אומזיסט האָט ער זיך געשראָקן; אין רוסלאַנד לעבט מען ווי אומעטום, אַ ציוויליזירט לעבן, מער נישט, קיין טרינקגעלט נעמט מען נישט און קיין פּראָסטיטוטקעס זעט מען נישט, וואָס זאָלן צו דיר ווינקען אויף יעדן טראָט, אַזוי ווי אין יעדער גרויסער אָדער אַפילו קלענערער אייראָפּעאישער שטאָט...

איז אָט צוליב דעם — האָב איך מיר געטראַכט — כדי צו קענען טרייסטן די וועלט, אַז אינעם נייעם רוסלאַנד לעבט מען פונקט ווי אין אַלטן אייראָפּע, נאָר אַביסל מאָראַלישער, איז כדאי געווען צו שלאָגן זיך דורך טיר און דורך טויער קיין ראַטנפאַרבאַנד?... משמעות, דו האָסט גאָרנישט געזען, אָדער נאָך ערגער, דאָס אַפילו וואָס דו האָסט געזען, האָסטו נישט פאַרשטאַנען, נישט פאַרדייעט, נישט איבערגע־קאָכט. א י ך וועל דאָס נאַרישקייט נישט באַגיין: האָב איך שוין יאָ די זכיה צו זען דאָס נייע רוסלאַנד, טאָ לאָמיך עס פאַרשטיין, פאַרדייען עס, און זאָלן עס אויך די לייענער מיינע פאַרשטיין און נישט נאָר דורכ־טראָגן זיך איבער דעם מיט די אויגן ווי איבער אַ יאַריד, וואָס מען זעט פון וווייטנס. זאָלן מיינע לייענער — האָב איך מיר געזאָגט — האָבן די געדולד צו וואַרטן, פונקט ווי איך האָב די געדולד צו שווייגן, כאָטש איך ווייס ווי אומגעדולדיק עס זיינען די לייענער און טאַקע די קאָלעגן

מיינע פון „די פרעסע", וואס האבן די לייענער אזוי פיל צוגעזאגט.

נאך מער האט מיך פארשטארקט אין מיין באשלוס נישט נאכצו־מון דעם שפאנישן יוריסט — נישט צו כאפן און דערציילן באלד פון ערשטן אויגנבליק — מיין באגעגעניש אין פאריז מיט אייניקע קינסט־לער און שרייבער, וועלכע האבן, ווער ווייסט צוליב וועלכע סיבות, גראד אויף מיר ארויפגעלייגט זייערע האפענונגען, אז א י ך וועל דערציילן דעם אמת פון רוסלאנד. חיים ליבערמאן, מיט וועמען איך האב מיך אמערסטן באגעגנט און מיט וועמען איך האב די אינטימסטע פריינטשאפט געשלאסן, האט פשוט ביי מיר א תקיעת כף גענומען. גראד האב איך שוין געהאט געלייענט אין „פארווערטס" די ארטיקלען פון איר שליח כאנין, ארטיקלען פון א אידישן סאציאליסט, וואס איז געבוירן געווארן אין רוסלאנד און איז אזוי פאראמעריקאנישט געווארן, אז ער האט פארגעסן וואס רוסלאנד האט מיט זיך פארגעשטעלט אונ־טערן צאר און האט נישט געוואלט וויסן אז די מלחמה און דער בירגער־קריג האבן אויך יענע רוסלאנד חרוב געמאכט. ער איז געקומען זוכן דעם גן עדן און האט אים נישט געפונען. און עס האט טיף ביז דער לעבער פארדראסן אויף דער דאזיקער זאטקייט, וואס שפא־צירט אום אונטער דער שילד פון סאציאליזם. זאל אזא אנגעזעענער מיטארבעטער פון „פארווערטס", ווי חיים ליבערמאן, וויסן דעם אמת...

מיט אט דעם באגער צו באקאנטמאכן דעם אמת וועגן דעם לעבן אינעם נייעם רוסלאנד, בין איך אנגעקומען קיין בערלין, און דא פאלט עס איין דעם דר. ישראל רובין, וועלכער האט זיך שטארק אינטערע־סירט מיט דער פראקאר־דעלעגאציע, אלס פריינט פון דער אידישער קאלאניזאציע אינעם ראטנפארבאנד, מיר זאלן זיך באקענען מיט די אידישע גדולים, וואס וואוינען אין בערלין. און דער איינפאל איז דארנישט געווען קיין שלעכטער; אונדזער ערשטן איינדרוק וועגן דער בערלינער אידישער „עמיגראציע", האבן מיר באקומען אין ראמאנישן קאפע־הויז, וואו עס זיצן און ריידן נבול פה, אדער עס גניצן, ווארטנ־דיק אויף א פאגראם אין איינער פון די תפוצות ישראל, די קארעס־פאנדענטן פון די אמעריקאנער „פייפערס" און פון די פוילישע ציוניס־טישע און נוט־אידישע צייטונגען, ווי אויך די פאטענטירטע נאך פון די צארישע צייטן אידישע כלל־טוער, וואס האלטן דעם פאטענט אויף

צו רעגולירן, אינטערוועניִרן, א. א. וו. די נאַציאָנאַלע גלות־אַרבעט. בערגלסאָן איז גראָד קראַנק געווען און וואוינט ווייט ארויס דער שטאָט, בלייבט עס ביי אונדז מיר זאָלן זיך דורכפאָרן צום היסטאָריקער דובנאָוו. און דאָ טרעפט אונדז אַן איבעראַשונג: דער אַלטער אידישער היסטאָריקער, וועלכער אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט דעם אידישן ישוב אין אַרגענטינע, מיט דער יקאַ־קאָלאָניזאַציע, וואָס ער האָט וועגן איר אַ געוויסן באַגריף, און דערציילט אונדז באמת לעגענדאַרישע פאַקטן וועגן דער אידישער רעכטלאָזיקייט און אידישע שתדלנותן אין אַלטן רוסלאַנד, דערביי אַן אמתע מעשה, ווי אַזוי מען האָט פּאָביעדאָנאָסצעוון געגעבן אַ מיליאָן רובל ער זאָל זען מען זאָל דערלויבן אידישע קאָלאָניזאַציע אויפן באַראָן הירשס געלטער אין רוסלאַנד, און ווי ער האָט דעם מיליאָן צוגענומען און... ווי זינגט זיך דאָרט וועגן חסידל און דעם שיינעם מיידל: געהייסן שפּעטער קומען... דער זעלבער היסטאָריקער גיט אונדז אַן עצה, אַז איידער מיר פאָרן קיין סאָוועט־רוסלאַנד זיך באַקענען אויפן אָרט מיט דער אידישער ערד־איינאָרדענונג, זאָלן מיר זיך זען מיט יעקב לעשטשינסקי, וועלכער וואוינט טאַקע אין בערלין און ער וועט שוין נישט דערלאָזן, אַז מען זאָל אונדז דאָרט אָפּנאַרן... וואָרום יענע לייט קענען זיך דערוויף, זיי וועלן אונדז פירן, וועלן אונדז וויַיזן און וואָס זיי לוינט נישט, וועלן זיי פאַרשטעלן... אגב, זאָגט ער, איז די גאַנצע מעשה קאָלאָניזאַציע אַן אומגליק... זאָגן אַז אין פוילן לעבט זיך אידן גוט, איז נישט שייך, נאָר פאָרט, גייט אַרויס אַ איד אין מאַרק, האָט ער היינט נישט געכאַפּט אַ פאַרדינסטל, וועט ער מאָרגן כאַפּן, וועט ער ברענגען דעם ווייב אויף אַן אָנבייסן... אָבער אין רוסלאַנד, קיין פאַרדינסטל קען מען נישט כאַפּן און זאָל אַ איד וואַרטן אַ יאָר צייט ביז די ערד וועט אים געבן ברויט... דערצו נעמט עס דאָך די רעגירונג צו... היינט בושעוועט דאָרט דער אנטיסעמיטיזם...

עס איז פאַר מיר קלאָר געווען, אַז דער היסטאָריקער, צוזאַמען מיט זיין אויטאָריטעט אין די פראַגן פון אידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד, יעקב לעשטשינסקי, וואָלטן ביידע זייער געוואָלט די היסטאָריע זאָל זיך געבן אַ דריי אויף צוריק, כדי דאָס ליבע פאָלק ישראל זאָל קענען לעבן כמקדם, „כאַפּן פאַרדינסטלעך” און שיקן שתדלנים

מיט מיליאָנען צו פּאָביעדאָנאָסצעוון... און דערפאַר האָבן זיי אַזוי שטאַרק מורא מען זאָל אונדז דאָרט נישט אָפּנאַרן, און דערפאַר חזרן זיי איבער מיט אַזאַ פעסטן גלויבן די אַלע רבילותן און טפּשותן, וואָס דער פריער דערמאָנטער אָרנטלעכער שפּאַנישער אינטעליגענט, האָט נישט געוואָלט גלויבן.

איך פון מיין זייט, האָב בלויז געהאַט איין פעסטע איבערצייגונג: איך פאָר אין אַ לאַנד, וואו דער הערשער, דער אַרבעטער־קלאַס, ווענדט אָן אַלע זיינע כוחות אויפצובויען, און אויף סאָציאַליסטישע יסודות, דאָס לאַנד וואָס האָט אַזוי פיל געליטן פון מלחמה און בירגער־קריג און ליידט נאָך איצט אַזוי פיל דורך דער ווירטשאַפטלעכער אָפּגע־שניטנקייט פון דער אַרומיקער וועלט און דורך דער אייגענער טעכני־שער אָפּגעשטאַנענקייט אויף אַלע געביטן פון אַרבעט. איך האָב אויך פאַרשטאַנען, אַז איבערבויענדיק די יסודות פון דער ווירטשאַפט, ווערן איבערגעגרופּירט די מענטשן, זיי פאַלן אַרויס פון איין קלאַס און פאַלן אַריין אין צווייטן און געוואוסט האָב איך, אַז די ראַטנמאַכט פאַרלאָזט זיך נישט אין דער איבערגרופּירונג אויף דער סטיכיע, נאָר זי לייגט צו איר אָרגאַניזירנדיקע האַנט. אַ באַווייז האָב איך געהאַט די קאָלאָ־ניזאַציע און די אינדוסטריאַליזאַציע פון די דעקלאַסירטע אידן און דאָס אַלץ גיי איך צוזען מיט מיינע אייגענע אויגן און נישט גלאַט זען, נאָר פאַרשטיין ווי אַזוי דאָס ווערט געטון, אַליין זען די וועגן און די אויס־זיכטן פון דער דאָזיקער גרעסטער רעוואָלוציע אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

פון בערלין, מיט דער וויזע אין קעשענע, בין איך אַרויסגעפאָרן קיין סאָוועט־רוסלאַנד מיט פאָלגנדיקן באַשלוס: זען און הערן און שווייגן... ביז איך וועל באַנעמען דאָס וואָס איך זע, כדי איך זאָל קענען מיט דער געהעריקער אָביעקטיוויטעט דאָס איבערגעבן פאַר מיינע לייענער ווי פאַר אַלע מיינע פריינט, וועלכע לייגן אויף מיר זייערע האָפענונגען צו הערן פון מיר דעם אמת.

2

אויף מיין געמיט — שווארצע שאטנס פון ווארשעווער פאוויאק און ציטאדעל, פון נויט, פון קויט פון סאציאלער און פיזישער דעגענעראציע און א שווערע משא פון פארדרוס אויף אזוי פיל טפשות, וואס איך האב מיך אנגעהערט אויף מיין וועג איבער איראפע, פון אידיאטיזירטע לייענער פון דער פיל מיליאניקער איראפעאישער פרעסע און אפילו פון געלערנטע און פארשידענער „אינטעליגענץ" וועגן דעם לעבן אין ראטנפארבאנד און דערצו א מין געפיל פון גישט זיכערקייט, ווי פון א נישט געוואונטשענעם אין דעם פוילישן לאנד, וואו „א מיליאן אידן זייגען פאראן איבעריקע", לויט פילסודסקיס אפנהארציקער דערקלערונג, און וואו מען קוקט מיט חשד אויף יעדן איינעם, וואס פארט אינעם ראטנפארבאנד. אין האטעל האט מען זיך וועגן אונדז געסוידעט: קיין סאוועט רוסלאנד פארן זיי... און פאר די פים האט זיך געפלאנטערט די גאנצע צייט, אויפן וועג פון וואקזאל ביזן האטעל און פונעם האטעל ביזן וואקזאל, א טונקעלער פאליאק מיט ארויפגעלאזטע וואנצעס און שלעכטע אויגן. מיט אזא געמיט, האב איך מיך ארייגעזעצט, צוזאמען מיט מיינע חברים אין אינטערנאציאנאלן צוג, וואס גייט פון פאריז דורך בריסל, בערלין, ווארשע, ביז מאסקווע און נאך ווייטער, ביז וולאדיוואסטאק.

מיר פארן איצט איבער דעם ווייסרוסישן פוילן. אויף די וואקזאלן טרעפן מיר שוין אנדערע אידן, נישט קיין נערוועזע, אין שמאלע היטעלעך מיט פאות איבער די בלייכע באקן, נאר ברייטערע, פרייערע, מיושבדיקערע, געזונטערע. דערפלעך, שטעטלעך, שווינדן פארביי. אזעלכע רואיקע, פארשלאפענע שטייען זיי, ווי די יונגע סאסנעס און בערעזעס וואס מען לאזט אויפקומען אין די וועלדער. אט פון דאנען זיינען עס אונדזערע מאזעסווילער קאלאניסטן, די ברייטע באלעבאטים און בעלי־גופים.

און אט איז א שטעטל אזא א פארשלאפנס, אויפגערודערט געווארן. פון א נידעריק הילצערן שטיבל, מיט א ווייסן רואיקן רויך אויפן דאך, לויפט א מאמע, א צעקנייטשטע, צום וואקזאל. א יונג ווייבל לויפט איר נאך: שוויגער! און אט איז א מיידל א יונגע, א פארפלאס־

טע: מאַמע! אַ זון אירער איז געקומען, אַן אַמעריקאַנער. אָט גייט ער איבער דעם פרייען זאַמדיקן פּלאַץ אויפן וועג צום שטעטל, באַלאָדן מיט זיינע רייזע־קאַסטנס. אין זיין קעסטלדיקן ברייטן אַנצוג, מיט זיין רייזע־קאַשקעט און מיט די גראָבע אַמעריקאַנישע אויגנגלעזער...

זי געדייעט, די אידיליע פון שטעטל, מיטן כוח פון אַמעריקאַנישן ברויז. און דער אַמעריקאַנישער ברויז באַנוצט די דאָזיקע אידיליע ווי אַן אָפּיום פאַר זיין צערייצטן געמיט, ווי אַן אַפּפּיר־מיטל פאַר זיין נישט ריינעם געוויסן.

אין צוג ווערט אַלץ שיטערער. עס ווערט אַלץ ווייניקער אידן, אַלץ ווייניקער פּאָליאַקן, דייטשן מערסטנס זיינען פאַרבליבן. עס ווילט זיך פאַרפירן אַ שמועס: וואוהין פאָרן עס די דייטשן? אָבער אַזוי פרעמד האַלטן זיי זיך, אַזוי קאַרג זיינען זיי אויף ווערטער, אָט די דייטשן, עפּעס ווי זיי וואָלטן דעם אָטעם איינגעהאַלטן...

אַלץ איינגעהאַלטענער דער אָטעם, אַלץ איינגעשלאָסענער אין זיך זע איך די אַרומיקע, אַלץ איינגעשלאָסענער ווער איך אַליין אין זיך: מיר פאָרן איבער פּוילן, איבערן לאַנד פון פאַשיזם, פון אַנטיסעמיטיזם, פון שאָוועניזם, פון שנאה צו יעדן פרעמדן, פון אויפגעבלאָזנקייט און גרויסהאַלטעריי, פון גרויסוואַנזין... זע נאָר, זע, מיט וויפל מעדאַליען און קרייצן עס זיינען באַהאַנגען די פּאַווע קאָלירטע מונדירן פון זייערע יונגסטע אָפיצירן און מיט וואָס פאַר אַ געקלימפּער זיי לאָזן דאָס וויסן, אַז זיי טראָגן אַ שווערד און שפּאָרן אויף די באָטפאָרטן. אַלץ חוצפּה־דיקער קלימפּערן זיי מיט די שווערדן און שפּאָרן און אַלץ געדיכטער ווערט די לופט אין וואַגאָן, וואָס נענטער מיר קומען צו דער גרעניץ.

און אָט איז שוין די גרעניץ!

אָט זעען מיר שוין פון וויטנס דעם הילצערנעם בויגן מיט דעם איבערגעפלאָכטענעם סערפּ און האַמער און מיט זיין גאַסטפריינטלעכער אויפשריפט אין פאַרשידענע שפּראַכן: פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך! אָט זעען מיר שוין די רויט אַרמייער, וואָס באַוואַכן די גרעניץ, מיר שיידן שוין פאַנאַנדער די רויטע פינף־עקיקע שטערנס אויף זייערע קאַקי־היטלען און... ווי עפּעס וואָלט אויפגעריסן אין אַלע־מענס הערצער:

„שטייט אויף איר אַלע ווער ווי שקלאַפן...“

דאָס זינגען מיר אַלע, מיר, די דייטשען און אַפילו דער בורזשוי פון אונדזער דעלעגאַציע, דעם אינטערנאַציאָנאַל...

מיר זיינען שוין אין ניענאַרעלאָיע, אויף סאָוועטישער ערד און... אַ וואונדער איז געשען: די דייטשן זיינען באַריידעוודיק געוואָרן. מיר באַקענען זיך, מיר דריקן זיך די הענט. די דייטשן, דאָס זיינען דייטשע אַרבעטער, מענער און פרויען, וואָס האָבן אורלויב און זיי פאָרן פאַר ברענגען זייער אורלויב אין פּראָלעטאַרישן פאָטערלאַנד, אין די קור־אָרטן פון קרים און קאַווקאַז און טאַקע באַזוכן מאָסקווע, די הויפּט־שטאָט פון דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט. גרופּעסווייז צו עטלעכע און דרייסיק פּאַרשוין, פאָרן זיי מיט יעדן צוג.

אַ יונג דייטשיש מיידל באַקלאָגט זיך פאַר מיר: זי האָט אַ ברודער אין בראַזיל, איז ער דאָרט געוואָרן אַ סוחר. ער וויל זי זאָל קומען אַהין, אָבער ווי קען זי פאַרלאָזן אירע קאַמעראַדן און איר אָרט אין די קאָמוניסטישע רייען פון דייטשלאַנד... זי רעדט און די באַקן פלאַמען איר פון ענטוזיאַזם.

אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן מיט אַן אינטעליגענטן, איך וואָלט געזאָגט אידישן קוק, אַ מעדיצינערן, מיט וועלכער איך האָב נאָך פריער אַ שטומע פאַרשטענדעניש געהאַט וועגן ציל פון אונדזער נסיעה, איז צוגעקומען און האָט זיך מיט מיר ווי מיט אַן אַלטן באַקאַנטן באַגריסט.

אַ דייטש מיט אַ בלאָנד בערדל, וואָס פאַרענדיקט זיין פנים מיט אַ שפּיץ, רופט אַלעמען צונויף. ער איז דער פירער פון דער גרופּע: מען דאַרף געבן צום רעווידירן דעם באַגאַזש.

די רעוויזיע איז אַ רעוויזיע ווי אויף אַלע גרעניצן: מען הייסט אויפשליסן דעם טשעמאָדאַן, מען פאַרהויבט אַן עק ביזן דעק און מען פרעגט וואָס מען פירט. איר זאָגט, פאַרשטייט זיך, אַז איר פירט דאָס וואָס איר באַדאַרפט פאַר אייער געברויך און איר זייט דורכגעקומען די שווערע אָפּעראַציע, פאַר וועלכער עס שרעקן זיך אויף אַלע גרעניצן די גבירישע ווייבער און די שמוגלערס פון אַלע לענדער, וועלכע מען דער־קענט און ביי וועלכע מען נעמט טאַקע צו אַפילו דאָס, וואָס אַנדערע לאָזט מען דורכפירן.

נישט ווי אויף אַלע גרעניצן איז די פריינטלעכקייט, מיט וועלכער מען באַציט זיך דאָ צו אייך. פריינטלעכקייט זאָג איך און נישט קיין

העפלעכקייט. העפלעך איז מען אויך אין דייטשלאנד און אפילו אין פוילן פאלט ארויס פון די פארביסענע ליפן ביים אנגעשטעלטן אן אויסגעלערנטער „פראשע פאנא” און „פשעפראשאם”; דא איז מען אייך אלץ מפרש, אויף וועלכער שפראך אייך איז באקוועמער, וואס איר האט צו טון: איר האט א נייעם פאטאגראפישן אפאראט, חבר, זייט אזוי גוט און שרייבט דא אן אייער נאמען און דעם נומער פונעם אפאראט, אז נישט וועט איר אים צוריק נישט קענען ארויספירן; גיט אן, זייט אזוי ליב, וויפיל אויסלענדישע וואליוטע איר פירט מיט זיך, אז נישט וועט איר צוריקוועגס נישט קענען ארויספירן קיין שום וואליוטע; צירונג, טאמער האט איר, פוטערווארג, פאררעגיסטרירט עס.

אפגעפארטיקט די רעוויזיע, טראגן מיר ארייין דאס געפעק אין צוג, וואס גייט באלד אפ קיין מאסקווע, איבער מינסק.

די דייטשן אבער האבן נאך זייער געפעק נישט אריינגעטראגן. זיי קענען נישט טראגן אין זיך די פרייד פון טרעטן אויף סאוועטישער ערד; עס שטייט שוין איינער פון זיי אויף אן אימפראוויזירטער טריבונע צווישן דער גרופע און רעדט. דאס רעדל איז גאנץ היפש אויסגעוואקסן: עס זיינען צוגעקומען די באן־ארבעטער, די אנגעשטעלטע פונעם צאל־אמט. פייערלעכע ווערטער שטראמען פון זיין מויל און אז ער ענדיקט, כאפט אים אונטער דאס געזאנג פונעם אינטערנאציאנאל.

עס פארנעמט דאס ארט פונעם דייטש איינער פון די אנגעשטעלטע, טאקע דערזעלבער, וואס האט פריער רעווידירט מיין באגאזש. ער ענטפערט אין א פערפעקטן דייטש אויף דעם ברידערלעכן הייסן גרוס פון די דייטשע ארבעטער אין נאמען פון זיינע חברים און ווידער כאפט אונטער דער עולם דעם סוף פון זיינע ווערטער מיט דעם געזאנג פון אינטערנאציאנאל.

אזעלכע ברידערלעכע באגריסונגען מוזן דא פארקומען גאנץ אפט; ברידערלעכע באגריסונגען וואס ווערן פונאנדערגעטראגן איבער דער גאנצער וועלט דורך די ארבעטער דעלעגאציעס פון די פארשידנסטע לענדער און איך מיין, אז די גרעניץ־לענדער וואס שרעקן זיך פאר די באלשעוויסטישע באצילן, מוזן צו די גרעניצן שיקן די טעמפסטע פון זייערע זעלנער, אדער וויניקסטנס זיי בייטן אזוי אפט ווי מעגלעך. אזוי פיל ווארימע ווערטער פון פעלקער־פריינטשאפט און פראלעטארישער

ברידערלעכקייט קענען נישט פאַרלוירן גיין אין דער לופטן אָן אַ שפור.

איך בין געשטאַנען און געהערט די באַגייסטערטע ווערטער און געטראַכט בעת מעשה וועגן „פיינטלעכן” זעלנער וואָס שטייט דאָ נישט ווייט אויף דער וואַך. פון אים האָט זיך מיין געדאַנק ווייטער געטראָגן, צו זיין ברודער אין דאָרף, אויף דער פאַבריק, צו זיין גאַנצן אונטערדריקטן פאָלק... צי דען טראַכט נישט דער זעלנער בעת ער שטייט אויף דער וואַך? צי דען טראַכט ער מיט דערזעלביקער שנאה און גאוה, ווי עס טראַכט זיין אָפיציר אינעם קלוב און ווי עס טראַכט זיין פריץ אין דאָרף?...

מיר פאָרן שוין. אַ נייער באַן־באַגלייטער אין אונדזער וואַגאָן. אויף דער נסיעה אין די וואַגאָנען פון שערבורג ביז ניעגאָרעלאָיע האָב איך פאַרשידענע באַן־באַגלייטער באַאָבאַכט: די פראַנצויזישע, די בעלגישע, די דייטשע, די פוילישע; איר קענט דורך זיי לערנען די באַציאונג פון מענטש צו מענטש אין די אַלע לענדער. אינדיפערענט צו איך איז דער פראַנצויזישער, ער טוט זיין זאַך, ער שטעמפּלט אָפּ אייערע בילעטן און איר זעט אים נישט מער; דער בעלגישער באַשמעקט איך, ווי ער וואָלט אייך אין עפּעס חושד געווען; דער דייטש איז העפלעך און ענטפערט אייך אַז איר פרעגט אים; גיט איר עפּעס פאַר אַ טרחה און איר גיט אים גערן, איז ער דאַנקבאַר אין די גרעניצן פון זיין זעלבסטווירדע; דער פוילישער קוקט אייך אין דער האַנט אריין און האָט ער זיך נאָר אָפּגעקערט, איז ער שוין אייער שונא און אַז ער קען, טוט ער אייך אָפּ אַ שפּיצל; — דאָס האָט אַ פוילישער באַן־באַגלייטער איבערגעלאָזט אין אָפּגעטשעפּעטן וואַגאָן די חברים פון אונדזער דעלעגאַציע, וואָס האָבן אים באַצאָלט פאַר דער טובה צו לאָזן זיי דאָרט צושפּאַרן זיך אַביסל; — דער נייער רוסישער באַן־באַגלייטער, אַ מיטגליד פון זיין פראָפעסיאָנעלן פאַריין, אַ באַוואוסטזיניקער בירגער פון דעם נייעם רוסלאַנד, וואָס מיאוסט זיך צו נעמען טרינקגעלט, זאָרגט פאַר אייך דעם גאַנצן וועג: אויף דער און דער סטאַנציע קענט איר קריגן געזאָטענע וואַסער, אויב איר ווילט; טאָמער ווילט איר אַ גלאָז טיי, האָט ער מיט זיך הייס וואַסער. ער עפנט אייך דאָס פענצטער, פאַרמאַכט עס; אויף ביינאַכט, ווען איר לייגט זיך שלאָפן — און פאַר צוויי רובל קריגט איר ביי אים אַ גאַנצן קאָמפּלעקס בעטגעוואַנט,

צוויי קאלדרעס, צוויי ליילעכער און א קישעלע, אלץ פארפאקעוועט אין א זעקעל מיט א שטעמפל פון רויטן קרייץ, וואס פארזיכערט אייך, אז עס איז דעזינפעקצירט און היגיעניש — ראט ער אייך צו עפענען דעם לופטשיק וואס לאזט אריין פון אויבן פרישע לופט. איר פילט זיך ביי אים אין די הענט ווי ביי א מאמען אונטערן פארטוך.

שטויביק איז אין די רוסישע וואגאנען, דער צוג שניידט זיך דורך פרייען סטעפ, נישט ווי אין פראנקרייך אדער דייטשלאנד צווישן ישוב אדער צווישן בערג און באארבעטע לאנקעס, און דער שטויב האט אהער א פרייען צוטריט, נאר איר האט צו קיינעם קיין טענות נישט; פארקערט, צוזאמען מיט דעם באן־באגלייטער, וואס גייט אום מיט דער שמאטע און ווישט אלץ אפ דעם שטויב, טראכט איר זיך: נישט לאדנע נאך ביי אונדז אין לאנד, נישט ווי געהער צו זיין די וועגן, נאר מיר וועלן די פרייע שטרעקעס באפעלקערן און די באנען פון שטויב באשיצן...

ביי אונדז אין לאנד — זאגט אייך דער באן־באגלייטער און איר הזרט איבער צוזאמען מיט אים, מיט דער זעלבער הארציקייט און וואַרימקייט: — ביי אונדז אין לאנד, ביי אונדז אין לאנד, אין דעם לאנד וואס מיר ארבעטער און פויערים בויען פאר אונדז און יאגן אן מיט אונדזערע אייגענע כחות דעם כח פון די אנגעזאמלטע קאפיטאלן, זיין פארשריט... מיר יאגן, מיר יאגן און מיר וועלן נאך אריבעריאגן... איר באקומט אזא חשק איינצושפאנען זיך צוזאמען מיט זיי, מיט אט די ארבעטער, מיט אט די פארגלויבטע, אפטימיסטישע און איבערגעגעבענע בויער פון מענטשלעכן פארשריט און גליק...

אין קופע, צוזאמען מיט מיר האבן זיך אויפגעזעצט אין סטאלפּצע, אויף דער גרעניץ, צוויי מאסקווער ארבעטער, איינער איז א לינאָטיפיסט, דער צווייטער א דרוקער. זייער דרוקעריי, האט זיי געשיקט קיין בערלין און לייפציג זיך באקענען מיט דער דייטשער דרוק־טעכניק און קונסט.

איך בין שוין לאנג פון רוסלאנד און דעם אמת געזאגט איר מיר מאדנע געווען צו הערן דאס ספּעציפישע, גוטברודערישע לשון, וואס איז דורכגעמישט א ווארט איבער א ווארט, אדער א פראזע איבער א פראזע, מיט פעטע ווערטער.

איינער פון זיי, א געפוצטער יונגערמאַנטשיק, א קראַסאַוועץ מיט שוואַרצינקע וואָנציעלעך, קען שוין נישט פאַרליידן די פריינעלאָזטע צונג פון זיין חבר, אן עלטערער שוין, מיט ווייניק פאַרבליבענע נאָר צוגע־קעמטע פלאַקסענע האָר אויפן קאָפּ:

— און די קולטור דיינע וואו איז? אָט אַזעלכן ווי דו, וואָס קען נישט אויסקומען אָן שילטן זיך אין דער מאַמען, האָט מען דאָס אויס־געקליבן שיקן קיין דייטשלאַנד...

— מיך וועסטו שוין נישט איבערמאַכן — ענטפערט דער פלאַקס־סענער — איך האָב געאַרבעט אין דער דרוקעריי, ווען זי האָט נאָך געדרוקט די צאַרישע גובערנסקיא וויעדאָמאָסטי, און דעמאָלט אַז מען האָט נישט געמאַכט אין דער מאַמען, איז גאָר די אַרבעט נישט געגאַנגען... און ער הויבט אָן דערציילן א משל מיט א דייטשן מייס־טער, וואָס איז געקומען אויף א רוסישער פאַבריק, איז וויפל ער האָט נישט באַוויזן ווי צו מאַכן די אַרבעט, איז עס נישט געגאַנגען; ערשט, אַז ער האָט זיך אויסגעלערנט שילטן אין דער מאַמען אויף רוסיש, איז די אַרבעט אוועק ווי עס באַדאַרף צו זיין...

— הערסט, פון דיר וועט שוין קיין לייט נישט זיין. עס איז א בזיון מיט דיר אויף איין באַנק צו זיצן. מיט אַן אמת, מען דאַרף איינ־פירן ביי אונדז, אַז פאַר יעדן מאָל שילטן אין דער מאַמען, זאָל מען צאָלן שטראָף... ווי זאָגט איר? — ווענדט ער זיך צו מיר.

איך ווער אַזוי אַריינגעצויגן אין געשפּרעך און זיי דערוויסן זיך שוין פון וואַנען און צוליב וואָס איך פאָר.

— „אָזעט"? ווי דען? ביי זיי אויף דער דרוקעריי, איז פאַראַן א „יאַטשייקע" פון „אָזעט"... איך קום נאָר אַהיים פאַרשרייב איך זיך אַלס מיטגליד פון „אָזעט", א גוטע זאַך, זייער א גוטע זאַך... און ביי אייך ווי אַזוי איז מכח אַנטיסעמיטיזם?... ביי אונדז איז נאָך פאַראַן פינצטער פאָלק און אונטער דער ערד גראָבט נאָך די קאָנטררעוואָלו־ציע...

— נו, קיין מורא נישט, די הענט זיינען איר קורץ... און אַז זי שטעקט אַרויס א האַנט, האַקט מען זי אָפּ... אוי, ווי מען האַקט, קראַ־באַטאַ! (א שיינקייט צו קוקן) — באַפּט אונטער דער פלאַקסענער.

איך כאפ א קוק דורכן פענצטער: מענסק. דאס איז מינסק אין ווייסרוסישן לשון און אויף אידיש איז טאקע פארטייטשט מיט גרויסע אותיות: מינסק.

*3*

מינסק. אייגנטלעך מינסקער וואקזאל. אין מינסק גופא וועלן מיר זיין שפעטער, ווען מיר וועלן צוריקפארן.

איר ווייסט מסתמא, אז מינסק איז א אידישע שטאט, א דורכ־אוים אידישע. אמאל איז זי באקאנט געווען מיט איר שולהויף. דער־נאך אלס די פעסטונג און אלס קאמפס־פלאץ פון די אידישע פראלע־טארישע פארטייען: בונד, פועלי ציון (מינטשוקעס), ס. ס. און אויך פון דער אידישער זובאטאווושטשינע, להבדיל.

מינסק איז געווען דאס בעסטע פלאץ פאר געהיימע פארטיי־צוזא־מענפארן. דער ערשטער צוזאמענפאר פון דער רוסישער סאציאלדעמא־קראטישער פארטיי איז פארגעקומען אין מינסק. אפילו דער ציוניזם, וואס האט אין צארישן רוסלאנד געהאט אזא שיינע גאסטפריינטלעכע סטאליצע ווי אדעס, האט איינגעשריבן אין זיין געשיכטע א מינסקער צוזאמענפאר. דארט איז זיין לינקע אדער ווי נאר זי האט זיך גערופן, דעמאקראטישע פראקציע, געבוירן געווארן, מיט חיים ווייצמאן אין דער שפיץ.

קורץ, איר ווייסט מסתמא וועגן מינסקער אידישער קולטור, נאר אז מינסק איז א אידישער וואקזאל, האט איר מסתמא נאך נישט גע־וואוסט, קומט זשע אהער און זעט די לייכטנדיקע רויטע שילדן, וואס ווייזן אייך אן אין אידיש, וואו איר דארפט קויפן בילעטן און אין וועלכער ריכטונג, וואו איר קענט באקומען אינפארמאציע, וואו איר קענט אויסבייטן געלט, וואו דער בית הכסא איז פאר מענער, פאר פרויען, און... א שטעל מיט אידישע ביכער און צייטונגען.

דא קענט איר באקומען דאס לעצטע דערשינענע העפט „רויטע וועלט" און די לעצטע אידישע בראשור וועגן פינפיעריקן ווירטשאפט־פלאן. דא קענט איר געוואויר ווערן דאס לעצטע נייס אויפן אידישן ביכער־מארק פון מאסקווע, כארקאוו, קיעוו, מינסק און אדעס, און אויך

פון וואַרשע. דער בופעט, זעט איר, האָט זיך שוין פאַר אידישע מאכלים נישט געזאָרגט. אויף אזוי ווייט אידיש איז דער וואָקזאַל נישט. און מיר, דעם טרייפניאַק, איז שווער געווען אונטערצוקלייבן עפּעס פון אונטער די גלעזערנע דעקן, וואָס זאָל מיר נישט דערמאָנען די טריפענע סאָלאָנינע אויפן מאַרק ביי אונדז אין שטעטל.

דער וואָקזאַל איז אָבער אויך אַ ווייסרוסישער. מינסק איז דאָך די הויפּטשטאָט פון ווייסרוסלאַנד. זיינען די אויפשריפטן אויפן ערשטן פּלאַן אין ווייסרוסיש. עס וואוינען דאָ פּאָלאַקן אַ סך און מינסק איז דאָך אַ דורכפאָר־סטאַנציע פאַר פּאָלאַקן, זיינען די אויפשריפטן אויך אין פּויליש און אין... רוסיש.

מען רעדט נאָך רוסיש אין מינסק. פאַראַן דאָך אַזוי פיל אידישע פרייליכס, באַלעבאַטישע קינדער, וואָס וועלן דיר נישט גיין ריידן אי־דיש, ווי די באָלשעוויקעס דאָרט... און אַ יונגערמאַן פון נישט דער ערשטער יוגנט, וואָס טראָגט נאָך די וואָנצעס, די ברילן און דעם פּאַלטאָ פון יענער צייט, ווען ער איז געווען אַ זון פון אַ „פּאַרנעמער און אינ־טעליגענטער פאַמיליע, טראָגט נאָך צוזאמען דערמיט אויך רוסיש, כ׳מיין ער רעדט נאָר רוסיש.

זיי שפּאַצירן זיך דורך דעם וואָקזאַל די דאָזיקע פרייליכס און יונגעלייט, זען די וועלט און ווייזן זיך...

פּונקט ווי איר זעט אויפן וואָקזאַל די אידישע קולטור, אַזוי זעט איר דאָ אויך די ווייסרוסישע. אויף דער ביכער־שטעל, זעט איר די נייע ווייסרוסישע ליטעראַטור (פון קיין אַלטער ווייס איך נישט). פּאָע־זיע און נאָוועלן פון ביאַדוליאַ און אַנדערע, וואָס זייערע נעמען גע־דענק איך נישט. גראָבע ביכער פון ווייסרוסישער געשיכטע־פאָרשונג, געשריבן פון פּראָפעסאָרן מיט ווייסרוסישע נעמען, בראָשורן וועגן אַלע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע פראַגן פונעם סאָוועטן־לאַנד, קאַמפּאַניע־בראָשורן פאַר אינטענסיווער לאַנדווירטשאַפט, פאַר ליקווידירן עם הארצות, קעגן שיכרות, פאַר סאָציאַליסטישן געוועט, וועגן קאָאָפּעראַציע. פּאָפּולאַרי־זאַציעס וועגן דעם פינפיעריקן ווירטשאַפטס־פּלאַן, חודש־זשורנאַלן פאַר אַגראַר־פראַגן, איבערזעצונגען פון די רוסישע קלאַסיקער, פון די אידי־שע און אויך פון די מאָדערנע, אונדזער משה טייטש איז אין דער ווייסרוסישער ליטעראַטור היפּש פאַרטראָטן מיט איבערזעצונגען פון

זיינע נאָוועלן פון שטייגער־לעבן: „דער טויט פון חבר וואוליע" א. א., וואָס זייער קאַנוווע איז די ווייסרוסישע שטאָט און שטעטל.

אין מינסק שטייט אַ דענקמאָל לעקערטן, אין מינסק זיינען פאַראַן וויכטיקע אידישע קולטור־ און לער־אנשטאַלטן, דער פעדטעכניקום, די אידישע אַקאַדעמיע ביים „אינבעלקולט", פאַראַן דאָ דער אידישער מלוכה־טעאַטער פון ווייסרוסלאַנד, אונטער דער קינסטלערישער ליטונג פון ראַפאַלסקין און אַ גרויסע פּלעיאַדע אידישע קולטור־טוער, אידישע דיכטער, יונגע און גאָר יונגע, משה קולבאַק, וואָס האָט געוואוינט אין ווילנע, איז שוין אויך אין מינסק, אָבער דאָס אַלץ וועל איך שוין היינט נישט זען. דער צוג שטייט דאָ אינגאַנצן 15 מינוט, אָדער גאָר 10 און מיר דאַרפן מאָרגן זיין אין מאָסקווע.

שפּעטער, שוין אין מאָסקווע, זיינען מיר געוואויר געוואָרן, אַז מיט אַ טאָג פריער איידער מיר זיינען דורכגעפאָרן מינסק, איז פאַר אונדזער דעלעגאַציע צוגעגרייט געווען אַן אויפנאַמע אויפן וואָקזאַל דורך דעם אָרטיקן „געזערד" מיטן אנטייל פון די מינסקער טוער. דער חשבון זייערער איז געווען אַ גוטער, נאָר אַלץ יענער פּוילישער באַן־באַגלייטער, וואָס האָט אָפּגעטשעפּעט דעם וואַגאָן מיט אונדזערע פאַר־שלאָפענע חברים: ער, וואָס אים האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דעם איינ־דרוקספולן טאָג אין וואַרשע, איז אויך שולדיק דערין, וואָס מיר האָבן אָנגעוואוירן די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט די מינסקער געזערד און קולטור־טוער און געמוזט אָפּלייגן דעם טאָג פון ברידערונג און פריינטשאַפט צווישן די אָרגענטינער פריינט פונעם ראַטנפאַרבאַנד און פון אידישן אויפקום און זיינע ווייסרוסישע בויער, אויף אַ פּאָר חדשים.

אָרשע, סמאָלענסק, וויאַזמאַ...

דעם גרעסטן טייל וועג שניידן מיר דורך ביינאַכט. איך האָב אפילו גענומען ביים באַן־באַגלייטער אַ היגיעניש געלעגער אין אַ פאַר־התמעטן זעקל, נאָר שלאָפן האָב איך נישט געקענט. עס האָט מיך געשטיקט אַן עסנדיקער נישט געשמאַקער ריח, וואָס איז געקומען פונעם רויך, וואָס האָט געזעצט דורכן לופטשיק, געמישט מיט דעם שוויים פון די צוויי שלאָפנדיקע חברים מאָסקוויטשן.

צי איז עס דערפאַר, וואָס מיר איז נישט אויסגעקומען צו שלאָפן

אין אַנדערע, נישט רוסישע וואַגאָנען (די אויסלענדישע וואַגאָנען האָבן ספּעציעלע וואַגאָנען צום שלאָפן) און די בייזאַכטיקע רייזעס האָב איך אַלץ דורכגעמאַכט אין געוויינלעכע וואַגאָנען, שטענדיק „באַזעצטע", וואו מען קען העכסטנס כאַפּן אַ דרימל, אויב ס'איז אייך באַשערט צו זיצן אין אַ ווינקל, אָדער אויב איר זיינט נישט פאַרנומען מיט „באַ־אַבאַכטן" אַ פּעטן פאַרשוין וואָס זיצט אייך אנטקעגן מיט די פינגער פאַרפלאָכטן אויפן בויך און מיט דער נאָז אויפן האַרצן. צי איז עס דערפאַר, וואָס איך האָב מיך אַזוי פיל אָנגעלייענט מיט דער ליטעראַ־טור, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט דעם ספּעציפישן ריח אויף די רו־סישע צוגן, נאָר איך האָב מיר געטראַכט, אַז די צוויי קופּע־חברים מיינע זיינען גאַנץ וואוילע יונגען, נאָר שלאָפן מיט זיי אין איין קופּע קען איך נישט.

שוין דאָס צווייטע מאָל ווי איך כאַפּ מיך אויף. אַזאַ נישט דע־מאָקראַטישקייט בעת מיין נסיעה. דאָס ערשטע מאָל איז עס געווען אויף דער שיף, ווען איך בין אַראָפּגעגאַנגען אין דריטן קלאַס און האָב דאָרט נישט געקענט פאַרבלייבן מער ווי דריי מינוט. דאַכט מיר, אַז דאָרט האָט זיך געפילט דער זעלבער ריח און אפשר נאָך אביסל שאַר־פער. צעבאַלעוועט געוואָרן דער פּיניע וואָס האָט אַמאָל געגעכטיקט אין אַן אָדעסער „פּריוט" און אין נאָסן קעלער ביים קרופּניק אויף דער קאַרטאַמישעווסקע, אין קאַזאַרמע, אין אָדעסער אוטשאַסטאָק און איז געקומען קיין אַרגענטינע מיט דער אָקסן־שיף „קאַמפּאַנאַ" צווישן העכער טויזנט עמיגראַנטן אין טריום... צעבאַלעוועט געוואָרן... און אין דער צייט איז דאָ אין רוסלאַנד געווען מלחמה און בירגער־קריג און פּאָגראָמען און הונגער און פּעסט און מתים אין די גאַסן און דער גרוי־סער שונא, ווי לענין האָט זיי אָנגערופן, לייז... מפונק מיינער, דאָס איז נאָך ערגער געווען ווי דער שאַרפער ריח פון שוויים און לעבעדיקן מענטשלעכן קערפּער, וואָס דיר איז אויסגעקומען צו שמעקן אויף דער שיף אין דריטן קלאַס און אין קופּע פון אַ רוסישן וואַגאָן, וואו עס שלאָפן צוויי גאַנץ וואוילע רוסישע האַרעפּאַשניקעס.

איך קוק אין די שוואַרצע שויבן און גאַרנישט זע איך, נאָר עס זעט דער מוח און טראָגט זיך איבער פּאָגראָמירטע שטעט און שטעט־לעך, פאַרזייטע מיט הרוגים, איבער סאַמאַרער פעלדער צעטרוקנטע

און טיף צעטראַסקעטע, ווי נאָך אַן ערדציטערניש, פאַרזייטע מיט ביי־נער פון אומגעקומענע דורך הונגער, טיפוס און פון אויפגעפרעסענע...
ביז עס שיינט אויף דער מאָרגן און עס נעמען זיך ציען פאַר מיר פעל־דער זיך ווינגנדיקע, באַלד צייטיקע צום שניט, וועלדלעך סאָסנאָווע און בערעזענע, מיט קלאָפּמערס געהילץ ארומגעשיילטע, ארומגעטעסעטע, גרייט צום בויען פון זיי הייזער דאָרפישע, גרייט צו מאַכן פון זיי וועגענער, ארבאַס פאַר די תבואות. און אָט זעט מען שוין טאַקע „טעליעגעס" אַ ריי. איינע נאָך איינער מיט איינציקע פערד אין די דעהעס געשפּאַנט, ציען זיי זיך און פּויערים מיט די פיס אויף אַ זייט פון דער טעליעגע אראָפּגעהאַנגען, הויבן די בייטשן, דער רוסישער פּויער מיט זיינע אַלטע ארבעטסמיטלען.

איך קוק אויף די טעליעגעס און עס דערמאָנט זיך מיר דאָס ליד פון דער דובינושקע: ...דער ענגלענדער דער חכם האָט דער ארבעט צו הילף געשטעלט אַ מאַשינע נאָך אַ מאַשינע און אונדזער רוסישער מוזשיק, ווען עס גייט אים נישט די ארבעט, זינגט די היימישע „דו־בינע"... אויב ער שעלט זיך נישט אין דער מאַמען ווי יענער אַלטער מאָסקווער חבר פון מיין קופּע...

עס גייט אויף דיר אַ טראַקטאָר, קליאַטשע דו פּויערישע, עס גייט אויף דיר אַ לאַסט־אויטאָמאָביל, טעליענע דו צעפּאָרענע!... עס גייט אויף דיר די קולטור, לשון דו, הפקרדיקער!...

אין וואַגאָן איז רירעוודיק. און אפשר דוכט זיך עס מיר אַזוי, ווייל איך אַליין בין רירעוודיק און באַריידעוודיק. איך פיל אַבסאָלוט נישט די שלאָפלאָזע נאַכט. אָט רייד איך מיט דעם און אָט מיט יענעם; מייל זיך מיט די איינגדרוקן. איך פרעג מיינע רוסן צי זיי זיינען גוט געשלאָפן, איך באַגריס מיך הילכיק מיט אַ דייטש פון דער גרופּע און אָט טרעף איך גאָר אַן אויף אַ שפּאַניער. ער האָט געהערט מיר האָבן גערעדט אַ פּאָר שפּאַנישע ווערטער צווישן זיך, דערלעגאַטן, און ער זאָגט מיר „בוען דיאַ".

ער איז אַ שפּאַנישער אינזשעניער וואָס האָט געאַרבעט אין דייטש־לאַנד און פאָרט איצט אויף אַ שטעלע אין ראַטנפאַרבאַנד. ער פאָרט מיט זיין פרוי און זיינע צוויי קינדער. ער רעדט מיט מיר וועגן דער דערציאונג, וואָס זיינע קינדער וואָלטן באַקומען אין פּרימאָ דע רי־

ווערשׂ קאַטוילישן שפּאַניע און וואָס פאַר אַ דערציאונג עס דערוואַרט זיי אינעם פרייען רוסלאַנד, און איך, אַ וואונדיקן אָרט האָט ער אָנ־גערירט ביי מיר און איך רייד, איך דערצייל, ווי אַזוי מיין אינגעלע, וועלכן איך שיק אין אַ בוענאָס איירעסער שטאָטישן „וועלטלעכן" קינדער־גאָרטן, קומט אַהיים מיט אַזעלכע פראַגעס, ווי: וואָס איז אַזוינס אַ „קוראַ" און צי איז די „מאָנכאַ" דעם קוראַס ווייב, ווען וועלן קומען די „רעזשעס מאַגאָס", צי וועלן מיר אויך גיין אין קלויסטער מיט אים אַזוי ווי פעפיטאָ... און אָט קומט ערשט אַ נייע דערציאונג אין דער צוואַנג־שול פון דער רעגירונג, וואו דער קאַבילדאָ ווערט פאַרגעשטעלט אַלס די העכסטע פרייהייט, צו וועלכער דאָס אַרגענטינישע פאָלק האָט געקענט דערגרייכן.

אונדזער דעלעגאַטקע, חברטע סאָניע עפּשטיין, זאָגט, אַז זי דער־קענט מיך נישט: איך האָב דעם גאַנצן וועג אַזוי ווייניק גערעדט. און מיט אַן אמת, דעם גאַנצן וועג איבער פּוילן האָב איך געשוויגן און האָב אפילו אַ פּאָר מאָל אויסגערעדט אַ צווייטן חבר פון אונדזער דעלעגאַציע, וואָס פלעגט נישט אויסלאָזן קיין איין אידן אָדער אי־דענע אין וואַגאָן עס זאָל מיט זיי נישט פאַרפירן אַ שמועס.

אָט זעט מען שוין מאָסקווע — יאָ, ס'איז מאָסקווע — פאַרזי־כערט מיר דער פלאַקסענער מאָסקוויטש פון מיין קופּע — איר זעט, דאָס איז דער קלויסטער פון וואסילי בלאַזשעני, אויף הונדערט פופציק ווערסט אַרום מאָסקווע זעט מען אים.

מאָסקווע, די הייליקע שטאָט... נישט הייליק איז זי מער מיט אירע פערציק מאָל פערציק קלויסטערס, וואָס אַ סך פון זיי האָט מען אַראָפּגעטראָגן, מחמת זיי האָבן געשטערט דעם שטאָט־פאַרקער און אַ סך פון זיי, ווי דער מאָסקוויטש, זאָגט מיר, אַכציק פּראָצענט, זיינען פאַרנומען אויף געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן; נישט הייליק איז זי מער דערמיט, וואָס אין איר זיינען געקרוינט געוואָרן די פּראַוואָסלאַוונע צאַרן און וואָס אין איר האָבן קיין אידן נישט געטאָרט וואוינען, אויב זיי האָבן נישט געקויפט זייער רעכט מיט אַ פּאַטענט פון ערשטער גילדיע: פאַרשוועכט איז שוין די דאָזיקע הייליקייט; נישטאָ שוין די צאַרן, נישטאָ שוין די „קופּצעס" פון ערשטער גילדיע. די באַשיצער פון דער דאָזיקער הייליקייט וואַלגערן זיך ערגעץ דאָרט אין די איי־

ראַפּעאַישע קאַפּע־הײַזער און שאַנטאַנען און פּראַװען זײער עקסטע־ריטאָריעלע מלוכה אויף די שפּאַלטן פון זײערע אָנמעכטיקע, גאַליקע, שיטערע בלעטלעך מיט די „טוויאָרדע זנאַקן” אין בעלגראַד און אין פּאַריז. זײ פאַרנעמען זיך דאָרט מיט צײלן די טעג פון דער אַרבעטער־מלוכה, פּונקט װי די אידן דעם קץ, לויטן ספר דניאל, און זינגען: העי אוכניעם...

װי אַ הימן איז עס געװאָרן בײ זײ אָט דאָס ליד פון די ליאַמקע־ציער בײ דער װאָלגע. אַ הימן בײ זײ, װאָס האָבן אָט די ליאַמקע־ציער אײַנגעשפּאַנט און געפּײניקט. און נישט נאָר בײ זײ, נאָר בײ די אַלע װאָס װאָלטן געװאָלט זען דאָס רוסישע פאָלק צוריק אין דער ליאַמקע, צוריק אינעם שפּאַן פונעם הײַנט פאַרטריבענעם פּריץ...

מיר דערנענטערן זיך אַלץ מער צו מאָסקװע. עס זעען זיך שפּיצן פון קלױסטערס, קוימענס פון פאַבריקן שטאַרצן פון װײַטנס. מיר פאָרן דורך דאַטשעס. אויפן גרינעם משופּע, װאָס ציט זיך לענג אויס דער באַנליניע, זעט מען מאַמעס מיט קינדער אין פּליאַזש־קאָסטיומען. זײ נעמען זיך אָן מיט פרײער לופט און פרײער זון. אװדאי זײַנען עס נישט די װײַבער און קינדער פון מאָסקװער פּריצים און סוחרים... אַמכאַ, מאָסקװער אַמכאַ, יעניסט אַזױ זײַן זומערדיקן אורלויב...

עס דויערט נישט לאַנג און מיר זײַנען שוין אויפן װאָקזאַל. זע, אָט איז אונדזער יאַנקל לעװין! ער איז איצט דער הויפּט סעקרעטאַר פונעם „געזערד”. ער איז אַרײַנגעקומען אין װאַגאָן און מיר צעקושן זיך. באַגעגנט זיך אויף מאָסקװער ערד. מיר זײַנען שוין מיט אונד־זערע זאַכן אויפן פּעראָן. חבר יאַנקל לעװין באַקענט אונדז: חבר בלומשטײן, חבר ברעגמאַן, חברטע מאַרגאַלים, חבר ניעפּאָמנישטשע, אַלץ מיטגלידער פון „געזערד”, חבר קאַצנעלסאָן (א. ד. מיראל) מיט־אַרבעטער פון „עמעס” זײ זײַנען געקומען אונדז באַגעגענען. מאָדנע, װי הײמיש מיר זײַנען שוין. איר קענט דאָך חבר יאַנקל לעװין, אַזױ זײַנען די טוער די מאָסקװער, אָט װי מיר װאָלטן יאָרנלאַנג שוין באַקאַנט געװען און יאָרנלאַנג צוזאַמען געאַרבעט פאַר אײן זאַך. — און איצט, פאַר דער אײביקײט! — בעט אונדז חבר קאַצנעלסאָן — דער פאָטאָגראַף פון „עמעס” װעט אונדז אָפּמענטשלען, און מיר פאָרן שוין אין האָטעל, איר זענט דאָך מסתמא מיד, חברים...

אין טראַמוויי פאָרנדיק, ווערן מיר שוין געוואויר, אַז אין מאָס־קווע, וויילט איצט אַ דעלעגאַציע פון „איקאָר“, וואָס פאָרט אָפּ די טעג קיין ביראָבידזשאַן און אַז עס איז שוין אָפּגעפאָרן אַהין אַ קאָמיסיע פון אַמעריקאַנישע ספּעציאַליסטן, מיט פּראָפעסאָר קונץ אין דער שפּיץ, אויף אַ שטודיום פון די דאָרטיקע באַדינגונגען פאַר אַגריקולטור און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. מיר וואָלטן אייגנטלעך געקענט מיט־שיקן אונדזערן אַ חבר אָדער צוויי מיט דער דעלעגאַציע. און אַזאַ דירעקטיוו האָבן מיר דאָך פון „פּראָקאָר“... נאָר צו וואָס כאַפּן? אָט לאָמיר זיך אָפּשטעלן אין האָטעל, לאָמיר באַפרייען פון דער טאַמאָזשנע אונדזער געפּעק, וואָס מיר האָבן געשיקט אַהער דירעקט פון בערלין...

ס'איז אַפילו געווען אַביסל נישט אָרנטלעך פון אונדזער זייט, נאָר מיר האָבן אַרויפגעלייגט אויף חבר שלייפער די גאַנצע אַרבעט פון באַזאָרגן די אַלע זאַכן, ער איז דאָך אונדזער סעקרעטאַר... איך בין אַפילו מיטגעפאָרן, נאָר איך בין מיך מודה, איך האָב אים גאַנץ ווייניק געהאָלפן, איך האָב אים געלאָזן אַרומלויפן פון איין חדר אין צווייטן, פון איין טיש צום צווייטן, חתמענען די „זאַיאַוולעניעס“ און „דאָס־טאָווערעניעס“ און אַפילו פונאַנדערשרייען זיך אויף דער „ביוראָ־קראַטשינע“, ווי אַן אייגענער מענטש, ווי אַ קאָמיסאַר וואָלט איך גע־זאָגט, אָנשטעלנדיק אויף דעם באַאַמטן זיינע ברילן. און איך האָב מיך צוגעקוקט, פאַרפירט אַ שמועס מיט אַ אידן, וואָס איז געפאָרן קיין אַרגענטינע און שיקט אַוועק זיין געפּעק און אַוועק באַטראַכטן אָט דעם מישמאַש פון אַלטס און נייס, וואָס רופט זיך מאָסקווע: אַלטע קלויסטערס און נייע הויכע געביידעס אין אַמעריקאַנישן סטיל, אַלטע מערק מיט רוסישע הענדלער און הענדלערקעס און נייע קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, אַלטע אָפּגעפּאָרענע דראָזשקעס מיט בערדיקע אָנטרייבער אין גלאַנציקע צעראַטענע „צילינדערס“ און נייע אויטאָמאָבילן, טראַמ־ווייען און אָמניבוסן, וואָס שטייען איבער די ברייטע „פּלאָשטשאַדיען“ און קרום קיילעכדיקע גאַסן.

מאָסקווע!

4

פארפארן זײנען מיר אין האטעל „מעטראפאל“, דער טײערסטער האטעל אין מאסקווע. דארט וואו עס שטײען איין די ענגלישע און אמע־ריקאנישע אינדוסטריעלע דעלעגאציעס, די אלע וואס קומען אויסקוקן געשעפט ביי די „ווילדע באלשעוויקעס“, מיט וועלכע מען מעג האנד־לען, לויט לאיד זשארזשס אויסדרוק, פונקט ווי מען האנדלט מיט אנ־דערע ווילדע פעלקער...

פארוואס אין דעם טײערן האטעל? פשוט, די ביליקערע זײנען אלע געווען פארנומען. קיין מאסקווע קומען א סך געסט פון אויסלאנד. מען קומט אויף די צוזאמענפארן פון קאמינטערן, פון פראפינטערן, פון פויערים־פארבאנד, פון פעלדארבעטער פארבאנד, מען קומט אהער אויף וויסנשאפטלעכע צוזאמענפארן, אויף וויסנשאפטלעכע שטודיומס. נישט נאר מארקסיזם און לעניניזם קומט מען זיך לערנען פון אויסלאנד קיין מאסקווע, נישט נאר ווי פראקטיש אנצואווענדן די פראלעטארישע פא־ליטיש־עקאנאמישע טעאריעס קומט מען אהער, נאר אויך אויף העכערע קורסן פון סאנאטאריומס, אפרו־פלעצער און אנדערע סאניטארע אנ־שטאלטן, וואס גיבן די מעגלעכקײט פאר א וויסנשאפטלעכער דערלער־נונג פון די אזוי גערופענע סאציאלע אדער ארבעטס קראנקייטן און זײער פראפילאקטיק דורך דער סאוועטישער ארבעטס געזעצגעבונג. אין דער העכערער מאטעמאטיק און פיזיק, אין דער כימיע, אויף אלע גע־ביטן פון מענטשלעכן וויסן, גײט די רוסישע וויסנשאפט פארויס. קײנע פארורטײלן פארהאלטן נישט די רוסישע אקאדעמיעס פון אויפנעמען און פארשפרייטן די לעצטע דערגרייכונגען פון דער וויסנשאפט און פון דער טעכניק. קיין מאסקווע ציען זיך סטודענטן פונעם גאנצן ראטנ־פארבאנד און פון די ארומיקע אזיאטישע לענדער. פון גאנץ ווייט קו־מען אהער סטודענטן. אין „וואקס“ (אינסטיטוט פאר אינטערנאציא־נאלער קולטור־דערנענטערונג) האב איך מיך באגעגנט מיט א גרופע דרום און צענטער אמעריקאנישע סטודענטן. און אט זײנען מיר דאך געקומען. א אידישע דעלעגאציע אזש פון ארגענטינע.

איך באגעגנט דא אויף די גאסן כינעזישע און יאפאנישע יונגע־לײט און מיידלעך מיט די לער־ביכער אונטערן ארעם, שוין נישט ריידנ־

דיק פון קאַווקאַזער, אַרמענער, אוזבעקן, קירגיזן, טשואַוואַשן און ווי נאָך זיי הייסן די מזרח־פעלקער פונעם ראַטנפאַרבאַנד, וואָס „עפענען די אויגן צום ליכט פון דער וויסנשאַפט".

פאַראַן פון זייערטוועגן אַזוי גערופענע סטודענטישע צוזאַמענ־וואוינונגען, פונקט ווי עס זיינען פאַראַן פויערים־הייזער פאַר די פויע־רים, וואָס קומען קיין מאָסקווע זוכן אַרבעט, אָבער אַלץ איז ווייניק און עס קומען דאָך אָן יעדן טאָג אַזוי פיל אַרבעטער און אַנגעשטעלטע, אין די פאַרטיי־שולן פון אַרום מאָסקווע און פון אַלע עקן פאַרבאַנד קאָ־מאַנדירטע פון זייערע פאַבריקן, קאָלעקטיווע אונטערנעמונגען און אַנ־שטאַלטן, אויף צו רעגולירן באַציאונגען, אָפּזעצן סחורה, באַקומען רוי שטאָף א. א. וו.; קורץ, קיין מאָסקווע פאָרט מען, ווי זאָגט זיך אין רוסיש: „פון די אייזקאַלטע פעלדזן פון צפון ביז דער פלאַמיקער קאָל־כידע", אָדער פשוט, פון דער גאַנצער וועלט, און וויפיל האָטעלן די שטאָט פאַרמאָגט, זיינען זיי ווייניק.

מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט צו צוויי און צו דריי אין אַ צימער, וועלכער באַשטייט אייגנטלעך פון צוויי: איינער אַ שמעלערער, וואו די בעטן און טואַלעט־מכשירים שטייען, פאַרצויגן מיט אַ פאָרטיערע און איינער אַ ברייטערער, אַ לופטיקער אויפנאַם־צימער מיט פענצטער אין גאַס אַרויס, מיט געבעטע שטולן און אַ סאָפע אַרום אַ קיילכיקן טיש מיט אַ פלושענעם טישטוך. אין אַ צווייטן עק צימער — אַ באַ־קוועמער שרייב־טיש.

נאָך האָבן מיר נישט באַוויזן קומען אַביסל צו זיך פון דער רייזע, ווי מיר האָבן שוין געסט. מען קלינגט צו אונדז אין טעלעפאָן, מען באַשטעלט אונדז וויזיטן, מען בעט אינטערוויוען פאַר די מאָסקווער צייטונגען.

ביי מיר האָט זיך דער קוואַל פון דער רוסישער שפּראַך ווי צע־עפנט. אין בוענאָס איירעס, ווען עס פלעגט מיר אויסקומען ריידן רוסיש, פלעג איך פלאָנטערן מיט שפּאַניש און פלעג זוכן אַ וואָרט אין זכרון און דאָ, פליסט דער רוסיש אַזוי נאַטירלעך ביי מיר פון מויל.

איך וויים נישט ווי איך זאָל עס אייך אָפּמאָלן, אַ טעם אַזאַ, צי אַ שיין אַזאַ, בעסער געזאָגט, אַ געפיל אַזאַ, אין וועלכן עס באַטייליקן זיך אַלע מיינע פינף חושים, נעמט מיך דורך און שטראַלט אַרום מיר,

און איך פֿיל ווי די לופֿט אַרום מיר וואָלט אָנגעזעטיקט געווען מיט אַ טעם פֿון קרעפּטיקער טאַט, אַ טעם וואָס איך דערמאָן מיך פֿון מײַנע יונגע העראָישע יאָרן אין רוסלאַנד. אַ טעם פֿון קראַפֿט. דאָס איז גאָר־נישט אַזוי קלאָר. מײַן פֿרײַנט דער פּראָווידיאַנער וועט עס אוודאי דער־קלערן מיט אַ פּראָווידישער דערשיינונג, נאָר איך טרעט נישט אָפּ; איך פֿיל און זע דעם דאָזיקן באַזונדערן טעם פֿון קראַפֿט אין דער רוסישער לופֿט, פּונקט ווי איך זע פֿאַרבן אין די קלאַנגען און געשטאַלטן אין די אַבסטראַקציעס. זאָל איך דאָס אפשר אָנרופֿן פּשוט: די שכינה פֿונעם נײַעם טאַט־קרעפּטיקן רוסלאַנד?...

נאָר לאָמיר צורולאָזן די דאָזיקע דינקייטן פֿון געפֿיל און פּראָווידישע דערשײַנונגען, וואָס איך ווייס נישט אויב אַלע וועט איר זיי אויפֿ־נעמען.

דורכן „עמעס" איז מען געוואויר געוואָרן, אַז די דעלעגאַציע פֿון אַרגענטינער „פּראָקאָר" איז געקומען און מען איז געקומען אָפּנעמען גרוסן. איך האָב בפֿירוש אַזוי אויסגענומען מיט אַלע מײַנע באַקאַנטע, וואָס האָבן מיר געבעטן איך זאָל זיי ברענגען אַ לעבעדיקן גרוס פֿאַר זייערע פֿרײַנט אין מאָסקווע. און מיט אַן אמת, וואו וואָלט איר גע־נומען אַזוי פֿיל צײַט צו פּראָווען פּריוואַטע וויזיטן אין מאָסקווע, אַז איך האָב אַ חוץ מײַן געזעלשאַפֿטלעכער דאָפּלטער מיסיע, אַזאַ געוואַל־מיקן אַפּעטיט צו קענען מאָסקווע. כמעט אַלע מאָסקווער, וואָס האָבן פֿרײַנט אין בוענאָס איירעס, זײַנען געקומען. אונדזער אַדרעס דער־ווייסט מען זיך דורכן טעלעפֿאָן ביים „געזערד".

זאָגן, אַז איך בין זיי נישט געווען? ניין, עס איז מיר פּשוט איני־טערעסאַנט. אַ מישמאַש פֿון מיינונגען. אָט איז אַ פּאָר פֿאָלק. זיי האַלטן אַ טאַבאַק שטעלכל אויפֿן פּלאַץ ביים בריאַנסקער וואָקזאַל. ע ר איז אַ הייסער חסיד פֿון די באָלשעוויקעס:

— גוט טוען זיי, אַלצדינג וואָס זיי טוען איז גוט... איבל זיך צושלאָגן צו עפּעס אַן אַרבעט און פֿון דער בודקע וועל איך אַוועק...

זי, פֿאַרקערט, איז די באָלשעוויקעס אַ שונא אויפֿן לעבן.

— געגומען און אַ טיל מעל געמאַכט פֿון אונדז... מײַן פֿאָטער איז אַ גביר געווען אין מאָסקווע, טאַקע אַ גביר, מיליאָנען האָט מײַן מאַמע פֿאַרדינט אין דער מלחמה... זײַנען ז י י געקומען (זיי — מיינט זי די

באָלשעוויקעס. עס איז אַ מורא אָנצורופן זאַכן ביים נאָמען) און האָבן געמאַכט, אַז די מיליאָנען האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן און קיינער האָט זיי נישט געוואָלט אויפהויבן אַפילו און איצט, וואָס זאָל מיין טאַטע טון? וואָס קען ער טון?...

— וואָס קען ער טון? — ענטפערט ער איר און קוקט צו מיר; — ער קען גיין אין שול און דאַווענען און זיין ביים איידעם אויף קעסט בכבוד גדול!... און נאָך די מיליאָנען, נאָך זיינע, זאָל ער שטעלן אַ יאָרצייט. הער, וואָס ד' ע ר מענטש דערציילט: אין דייטשלאַנד האָבן זיך די מיליאָנען געוואַלגערט אין גאַס נישט ערגער ווי ביי אונדז אין רוסלאַנד. ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקן, איכל נאָך די וואָך צוגיין צום „אָזעט" און זאָל ער מיך פאַרשרייבן אין אַ אידישער קאָלאָניע...

— אַט באַלד לויפסטו... זיי וועלן דאָרט נאָר אַ קוק טון אויף דיין ליכטיק פּנים, וועלן זיי דיר הייסן זוכן אַ גרינגערע פּרנסה.

אַזעלכע געשפּרעכן קומען אוודאי פאַר שטענדיק צווישן מאַן און ווייב און אויך דאָ ווי נאָר עס איז געקומען צו רייד, איז דער געשפּרעך אַרויסגעשפּרונגען.

אויך דאָ איז דער קאַמף צווישן דאָס אַלטע מיט דעם נייעם, וואָס איך זע דאָ אַזוי בולט אויף יעדן שריט.

אָט דער יונגערמאַן פונעם טאַבאַק קלייטל, מיטן ציטרינענעם פּנים און מיט זיינע אויסגעדאַרטע פינגער ווי ביי אַ פּאַפּיראָסן־מאַכער, וואָס טויגן, דאַכט זיך, שוין נישט מער, ווי נאָר אויף צו שטאָפּן גילדזן אָדער אַ ציגאַרעטל צו פאַרדרייען, איז שוין געקומען צו דער מסקנא, אַז ער, צוזאַמען מיט זיין פּרנסה, איז אַ נישטיקייט, אַ גאָרנישט שבנישט, אין דער היינטיקער נייער וועלט און אַז אַ ווערט האָט בלויז די אַרבעט און דער אַרבעטער. די פרוי זיינע נאָר, קען נאָך נישט פאַרגעסן דאָס „גליק", וואָס האָט אַ שיין געטון בעת דעם גרויסן וועלט־אומגליק, איר טאַטן, דעם אָרשער דרדקי מלמד, וועלכער איז דעמאָלט געוואָרן אַ סוחר, פון ווער ווייסט וואָס פאַר אַ שאַלעמויזן, אויף מיליאָנען, אַ מאַסקווער רוסישער קופּיעץ...

אַ קליין ווינקעלע דאַכט זיך, אין לעבן, און ער רופט זיך דאָרט אָפּ, דער נעראַנגל.

צי אט איז דער איד, וואס פארט קיין ארגענטינע, וועלכן איך האב געטראפן אין טאמאזשנע:

— איר הערט — גיט ער א זאג צו מיר — ווען איר ווייסט ווער איך בין?... דאס איז מיינע א בארישניע... ע, ע! וויפל פורן מיט שניט סחורה איך האב געפירט אויף די יארידן!... איך בין אליין פון כערסאנער גובערניע, טאקע פון א קאלאניע... הערט אויס, זאלן גויים ארבעטן ערד!... ווי איר קוקט מיך אן — גיט ער זיך א ווענד צו כיטערמאנען, וועלכער איז אויך מיט אונדז געווען אין טאמאזשנע — אין צוויי יאר ארום וועט איר מיך נישט דערקענען ביי אייך אין ארגענטינע... ביי אייך האנדלט מען מיט שניט סחורה?... ווי אזוי, א שטייגער, איז ביי אייך מיט א וואוינונג? וויפל קאסט ביי אייך א וואוינונג פון א פינף צימערן מיט אלע אודאבסטוועס פאר א פאמיליע?... איך האב קיין עין הרע דערוואקסענע קינדער... איר זעט, די בארישניע מיינע — ווייזט ער אן אויף זיין טאכטער, וועלכע ווארט ביי א טיש אויף עפעס אן אונטערשריפט — וואס זאל איך דא טון מיט איר? זי שפילט פיאנע, קען גוט שרייבן און לייענען, וואלט איך געקענט א העלפט וואס זי קען... נישטא פאר איר קיין שידוך דא... ווען זאל זי נעמען? א ראבאטשי? א דאקטאר מיט הונדערט רובל א חודש?... נישטא היינט אין רוסלאנד קיין לייטישע מענטשן... א לייטישער מענטש, מיט לייטישע קינדער, דארף נעמען היינטיקע צייטן און אוועקפארן... זאל זיין קיין ארגענטינע!... זאגט, מען האנדלט ביי אייך מיט שניט סחורה?... איר הערט, איך וועל אייך נאך איינלאדן צו מיין טאכטערס חתונה.

און מיט א לייטישן מענטשן, איר הערט?...

די טאכטער, וועלכע האט זיך אפגעפארטיקט ביים טיש — בפירוש א שיינע, מיט א נישט געוויינלעכער מינע, וואס גייט, דוכט זיך קיינמאל פון איר פנים נישט אראפ — רופט אויף רוסיש איר צופיל ריידעוודיקן פאפא, וואס רעדט פון איר חתונה מיט דער זעלבער לייכטקייט, ווי ער רעדט פון שניט־סחורה, און פירט אים שנעל ארויס. און איך האב מיך פארטראכט אויף דעם גורל פון די „לייטישע מענטשן" און „לייטישע בארישניעס", וואס קענען צו קיין „לייטישן שידוך" נישט קומען אין דעם רוסלאנד פון די „ראבאטשעס" און פון די דאקטוירים, וואס באקומען נישט מער ווי הונדערט רובל געהאלט א חודש.

וואָלט ער געווען איינער, דער דאָזיקער איד פון דער שניט־קראָם מיט דער געלערנטער באַרישניע, וואָס קען צו קיין שידוך נישט קומען; אָבער ער איז דאָך איינער פון אַ סך...

איך בין שוין גרייט נעמען צום האַרצן די טראַגעדיע פון אַלע געוועזענע שניט־קרעמער, וואָס האָבן נאָך אויף הוצאות קיין אַרגענטינע וואָס קענען נישט קומען צו קיין „לייטישן שידוך", ווי איך דערמאָן זיך אויף דער טראַגעדיע פון דעם יונגענמאַן פונעם טאַבאַק־שטעלכל, וועלכער האָט שלום געמאַכט מיט דעם געדאַנק פון אַרבעט, דעמאָלט ווען זיינע פינגער טויגן שוין בלויז אַ ציגאַרעטל צו פאַרדרייען...

און אפשר זיינען פאַראַן נאָך טיפערע טראַגעדיעס ווי פון די געוועזענע שניט־קרעמער, וואָס האָבן נאָך אויף הוצאות קיין אַרגענטינע און פון די יונגעלייט פון די טאַבאַק־שטעלעכלעך?... איך מאַך מיר האַרץ. איך טרעט אַריין — טראַכט איך — אין דער טראַגעדיע פון דעם דעקלאַסירטן מיליאָן אידן און אַז איך זאָל נעמען צום האַרצן יעדנס טראַגעדיע באַזונדער, וועט מיר צו פרי דאָס האַרץ פּלאַצן..

און אָט בין איך ווידער אין גאַס און פאַר די אויגן שטייט דער גרויסער געראַנגל פון דאָס נייע מיט דעם אַלטן, וואָס זיינען דאָ אין מאָסקווע משמש בערבוביה.

היינט איז שבת און ערשט אויף מאָנטיק איז אַנאָנסירט אין „עמעס" אַ קבלת פּנים דער דעלעגאַציע פון „פּראָקאָר" אין „געלערנ־טן הויז" (דאָס אוטשאָניק). דערווייל דאַרף מען מאַכן אַ שפּאַציר איבער מאָסקווע.

פירן אונדז נעמט אויף זיך יאַנקל לעווין, עפּעס זיינען מיר דאָך נאָך אַ חוץ „געזערד"־געסט, אויך זיינע באַזונדערס אָנגעלייגטע געסט, מיט וועלכע ער האָט אַזוי היימיש פאַרבראַכט אין בוענאָס איירעס. מאָרגן וועט ער זיין פאַרנומען, האָט ער שוין אויך דערפאַר געזאָרגט: עס וועט אונדז אַרומפירן דער חבר יאַשע טייטש, מיט וועלכן ער האָט זיך פאַרשטענדיקט דורכן טעלעפאָן. יאַשע טייטש איז אַ זון פון דעם שריפטשטעלער משה טייטש, וועלכער האָט גראַד צו יענער צייט פאַר־ווײַלט אויף אורלויב אין קאַווקאַז.

מיר האָבן אַ היפּשע צייט געשפּאַצירט איבער מאָסקווע, געזען אירע מערקווירדיקייטן: לעבנס מאַוזאָליי, וואָס מען האָט גראָד גע־

נומען איבערבויען און מיר האָבן שוין נישט געהאט די געלעגנהייט צו זען די באַלזאַמירטע פיגור פון דעם גרויסן לערער און פירער; דעם רויטן פּלאַץ, דעם קרעמל, וואו מיר וועלן באַקומען אַ דערלויבעניש אריינצוקומען, דאָס הויז פונעם קאָמינטערן, דעם גרויסן קלויסטער פון וואַסילי בלאַזשעני, עטלעכע קלויסטערס וואָס מען האָט פאַרוואַנדלט אין מוזעאומס; איינער אַזאַ קלויסטער טראָגט אַ שילד: מוזיי פון קאַמף קעגן רעליגיע". „רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק".

אויף טשעקאַוואָסט זיינען מיר אַריינגעגאַנגען אין אַ קלויסטער, וואו עס איז געגאַנגען אַ גאָטעסדינסט. דאָס איז געווען אין קלויסטער פון דער איזשעווער גאָטס מוטער. ער רופט זיך אַזוי צוליב דער מופת־דיקער איקאָנע „איזשעווסקאַיאַ באָזשיאַ מאַטיער", וואָס געפינט זיך דאָרט. אַ גלח אין אַן אָפּגעריבענער ריזע איז געשטאַנען און געפּרעפּלט מיט אַ ניגון, אָבער אַזוי גיך, ווי אַ איד דאַוונט פון פאָרנט, מען האָט נאָר געהערט „האָספּאָדי פּאָמילוי מיאַ" און אַ הויכער גוי, דער דיאַק, אפּנים, אַ בלינדער אויף איין אויג, האָט געשווענצלט מיט אַ פערדישן עק איבער די איקאָנעס און האָט אויך עפּעס געדאַוונט, אָדער בעסער געזאָגט, עפּעס אָפּגעדאַוונט. דאָס פּלאַץ וואו די תפילה ווערט אָפּ־געריכט, איז קליין, און אַז מיר זיינען אַריינגעקומען, האָבן מיר דאָרט געטראָפן אַ צענדליג מענטשן. ווי איך טראַכט אַזוי וועגן דעם, אַז אין מאָסקווע געפינען זיך נאָך פונדעסטוועגן בעלנים צו גיין הערן אין אַ שבת בייטאָג אַ גאָטעסדינסט אין קלויסטער, כאַפּ איך אויף אַ באַ־קאַנטן שמייכל פון צווישן דער גרופּע צוהערער. דאָס שמייכלט דאָך צו מיר דאָס יונגע דייטשע מיידל, וואָס האָט זיך פאַר מיר געקלאָגט, אַז איר ברודער, וואָס איז געוואָרן אַ סוחר אין בראַזיל, רופט זי צו זיך. איר שמייכל האָט באַדייט: זע, וואו מיר טרעפן זיך!... און דו, חבר, האָסט אוודאי געמיינט, אַז מיר זיינען גלויביקע צוהערער פון דער תפילה...

איך האָב דערנאָך אויף מיין צוריקרייזע, ווייַלנדיק אין מאָסקווע כמעט צוויי וואָכן, געוואַנדערט און געבלאָנדזשעט איבער אירע פּלע־צער און מאַרקן, איבער אירע בולוואַרן און סקווערן, איבער אירע גאַסן און געסלעך און אָט ווי איך האָב זי באַגריפן:

געבויט געוואָרן איז מאָסקווע, לכתחילה, נישט אַלס שטאָט, ווי

אַלע אַנדערע שטעט, וואָס זיינען געבויט געוואָרן אויף אַ האַנדלס־מאַרק, אָדער אַלס צענטער פון אַ געוויסער אינדוסטריע, ביים ים, ביי אַ טייך. מאָסקווע איז געבויט געוואָרן אין אַכטן יאָרהונדערט אַלס אַ פעסטונג פון אַ האַלב־אַזיאַטישן פעאָדאַלן פירשט. אַ דיקע טורעמ־אַרטיקע וואַנט ציט זיך אין אַ קרייז אַרום אין צענטער פון שטאָט. קיטאַיגאָראָד, רופט זיך דער קרייז וואָס איז מיט דער וואַנט אַרומ־גענומען, כינעזישע שטאָט, אפשר מאָקע דערפאַר וואָס ער איז אַרומ־גענומען מיט אַ כינעזישער וואַנט. אין דעם קרייז געפינט זיך דער קרעמל, וועלכער איז אַ פעסטונג אין דער דאָזיקער פעסטונג.

צו די גאַסן און געסלעך וואָס זיינען שפּעטער אויסגעבויט גע־וואָרן און איבערגעבויט געוואָרן אינעם קיטאַיגאָראָד, גייט מען אַדורך פון דער אַרומיקער שטאָט דורך אַזעלכע „טויערן", איינגנטלעך געוועלב־טע דורכגענג, צו צען און צו צוואַנציק מעטער די טיף, אין דער כינע־זישער מויער.

די שטאָט וואָס האָט זיך אַלץ מער צוגעבויט אַרום דער מויער, ציט זיך פון און צו דער מויער. אַלץ אַרום האָט געלעבט און געדייעט פאַר דעם פירשט, דעם האַר פון אַלע פירשטן, פון די באָיאַרן, פון די וואָסאַלן די אַפּריטשניקעס, וועלכע האָבן פון זייער זייט געוועלטיקט און געלעבט פון די פויערים; פאַר דעם הויף, פאַר דער פעסטונג, האָבן סוחרים זייערע סחורות געבראַכט צו פירן און זיך אַרום איס אויסגע־שטעלט אויף די מערק; פאַר דעם הויף, פאַר דער פעסטונג, האָבן די באַלמעלאָכעס געאַרבעט און האָבן זיך באַזעצט, יעדער פאַך אין אַ באַזונדער געסל.

שפּעטער האָבן די באָיאַרעס געבויט זייערע פּאַלאַצן און די קופּ־צעס זייערע גרויסע הייזער שוין אין ברייטע גאַסן, אַלץ אַרום דער מויער און פון די גאַסן ציען זיך ווידער געסלעך, ווי די צווייגן אויף אַ בוים; אין די געסלעך האָבן ווידער געוואוינט די באַלמעלאָכעס וואָס האָבן באַדינט די באָיאַרן און די קופּצעס: דאָס געסל פון די שיסטער, דאָס געסל פון די שניידער, פון די טישלער, פון די זילבער־אַרבעטער, פון די טישטוך־מאַכער, פון די מעסער־מאַכער און נאָפּל־מאַכער... אַזוי רופן זיי זיך ביז היינטיקן טאָג. און אַזוי זיינען אויך געוואַקסן די קלויסטערס, די פערציק מאָל פערציק קלויסטערס מאָסקוועס. יעדער

גאס, יעדער געסל האט אן אייגענעם קלויסטער, וועלכער טיילט זיך גאר מערסטנס נישט ארויס פון די איבעריקע הייזער. איר גייט פארביי און איר דערזעט אן אלטע איקאנע, א צעפרעסענע פון דער צייט, צוגעשלאגן אויף א וואנט און דערביי א פושקע אויף ארייננצואווארפן א פדיון פארן גלח, אדער איר דערזעט דעם גלח גופא, ווי ער שטייט מיט אן אויסגעשטרעקטער האנט. איר הויבט אויף די אויגן און איר דערזעט די קופאלן פונעם קלויסטער מיט זיינע פראוואסלאוונע צוויי מאל איבערגעקרייצטע צלמים. דאס זיינען די אזוי צו זאגן לאקאלע קלויסטערס, די באלמעלאכישע און באלעבאטישע שולן א שטייגער. נאר דער פראוואסלאווער פירשט און צאר, וועלכער איז אויך געווען דער פאטערל פון דער פראוואסלאווער קירכע, האט שוין געבויט „נאציאנאלע" קלויסטערס, א קלויסטער, וואס מען זאל אנזען אויף דעם גאנצן לאנד ארום, א קלויסטער צום אנדענק פון יעדער נאציאנאלער געשעעניש, צו יעדן נצחון איבער די שונאים פונעם צאר דעם רוסישן, ביי וועלכע מען האט צוגענומען דאס לאנד, א קלויסטער פאר יעדער מופתדיקער איקאנע... און פול איז געווארן מאסקווע מיט קלויסטערס אין מיטן יעדן שטאטישן פלאץ, אין מיטן יעדן מארק און כמעט אין מיטן יעדן גאס און געסל.

אלטע אזיאטישע פעסטונג, מארק און קלויסטער, פירשטלעכער פאלאץ, סוחרישע גאס און באלמעלאכיש געסל, דאס איז די אלטע מאסקווע, איבער וועלכער עס קלאפט איצט מיטן גרויסן האמער דער סאציאליסטישער ארבעטער, דער שאפער פון דער נייער קולטור, פון דער קאלעקטיוויסטישער, פון דער הויך־טעכנישער, וואס איז באשטימט פאר יעדן און נישט פאר איינעם אן אויסדערוויילטן, א גאט־געזאלבטן.

פאראן נאך א שטריך אין מאסקווע: די פריצישע קולטור, וואס האט געפרואווט מיט א מאדערנעם לאק פארדעקן די אלטע מאסקווע. נאר ער איז אזוי אפגעריבן דער דאזיקער לאק, אז מען זעט אים קוים אז און דארט וואו ער גלאנצט נאך, איז ער בלויז א סימן אויף דעם דאזיקן נארישן פרואוו.

5

מיר האָבן אָפּגעגעסן אין אַ רעסטאָראַן דעם ערשטן רוסישן מי־מיק, אַ סאָלדאַטסקע באָרשטש און „ביטקי" (פלייש געוויקלט אין קרויט. אָן קרויט, דאַכט זיך, איז גאָר נישטאָ קיין איין רוסיש מאכל. האָט עס נישט קיין קרויט, שמעקט עס מיט קרויט. אין די אידישע רעסטאָראַנען — און פאַראַן געגנוג פון זיי — זיינען די מאכלים די זעלבע) מיט שוואַרץ ברויט. ווייס ברויט עסן אין מאָסקווע בלויז קינ־דער און קראַנקע. דער מאָסקווער סאָוויעט נעמט נישט אין אכט די טענות פון די פריצישע און גבירישע מאָגנס. נישקשה, זיי וועלן זיך צוגעוואוינען. און אויך אונדזערע אַרגענטינישע מאָגנס, וואָס זיינען צע־באַלעוועט געוואָרן מיט ווייס ברויט, פאַרדייען דאָס שוואַרצע ברויט און געפינען עס פאַר גאַנץ געשמאַק, איבערהויפּט פאַר זעטיק און דאָס איז דאָך, נאָך אַלעמען, די הויפּטזאַך. פאַרטרונקען האָבן מיר מיט קוואַס, „דיעדושקין קוואַס", רופט מען אים, (דעם זיידנס קוואַס), וואָס מען מאַכט פון ברויט. פאַראַן אויך ביר און לויט אונדזער אַר־גענטינישער וואַליוטע, נישט טייער, נאָר נישט אין אַלע רעסטאָראַנען פאַרקויפט מען ביר. קיין בראָנפן, וויין און ליקער, פאַרקויפט מען בכלל נישט אין די רעסטאָראַנען. אויב איר ווילט אביסל משקה, קענט איר קויפן אַ פאַרחתמעט פלעשל אין וויין־געשעפט און טרינקען אין דער היים. אויף די וואָקזאַלן בלויז פאַרקויפט מען אייך אָן אָפענעם קעלישעק וואָדקע, קאָניאַק אָדער קאַווקאַזער פאָרטווייין פאַר אַזאַ פּרייז, וואָס גאָר ווייניקע פאַרגינען זיך צו באַצאָלן. איך האָב שפּעטער געזען ווי מען טרינקט אויך נישט אין דער היים, נאָר איך לאָז עס אויף שפּעטער.

אין מאָסקווע איז זומער. דער עולם איז לייכט אָנגעטון, גאָר לייכט, אַ ווייס אָדער קרעם קאָלירן העמדל פון רויען זייד איבער די הויזן אָדער איבערן קורצן קליידל, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שנירל, אָדער אָן אַ שנירל. דאָס העמדל איז אויסגענייט ביים קאָלנער און ביי די אַרבל, אָדער נישט. עס ווענדט זיך אין איינעמס נויגונג צו עלעגאַנץ.

פאַראַן אויך שיק אין מאָסקווע: איר טרעפט מיידלעך און דאַמען מיט געפאַרבטע ליפּן און אויסגעצופּטע ברעמען, וואָס ציען זיך ווי לאַנגע פעדעמלעך אויף אַ ווייסן טויטן שטערן איבער די אונטערגע־

פירטע אויגן, וואס ברענען מיט דעם פארלאנג נאך... זיידענע זאקן. פעליקאסענע, דוכט זיך, רופט מען זיי אין רוסלאנד. יונגעלייט צירן זיך אין טאטערשע אויסגענייטע היטעלעך, וואס זיי טראגן אויפן שפיץ געגאלטן קאפ.

דאס איז דאך אבער אלץ אלטס, א חלוק אין וואס עלעגאנטע דאמען און חתן־בחורים צירן זיך!... דאס נייע וויל איך זען!...

איך האב שוין געזען דעם „גום" (גאסודארסטווענע אוניווערסאל־נע מאגאזין). דאס איז א מלוכה־קראם אויפן שטייגער פון די אייראָ־פעאישע און אמעריקאנישע „ווארנהייזער", אט ווי אין בוענאס איירעס גאט אי טשאווער, וואו איר באקומט אלץ. די דאזיקע קראם פארנעמט א גאנצן קווארטאל קוואדראט, זיבן אדער אכט גארן די הויך; אן ענ־לעכע מלוכה־קראם אויף טווערסקאיא, וואס טראגט דעם נאמען „מאס־טארג", בכלל די מאסקווער רייזיקע קראמען פון עסנווארג און קליידונג, וואס פארנעמען גרויסע געביידעס און טראגן אויף זיך לאנגע בלויע שילדן מיט גאלדענע אותיות: „מאסראבקאאפ", „מאסעלפראם" און ענלעכע ראשי תיבות פון דער מאסקווער ארבעטער קאאפעראציע אדער פון אנדערע געברויך־געזעלשאפטן; די גרויסע אנגרא־לאגערן פון פראָ־דוקטן און סחורות געבראכטע פון די ווייטע געגנטן: אזערביידזשאנער נאפט און מאשינאייל, דאנבאסער קוילן און אנטראציט, אוראלער ערץ, מינעראלן און מעטאלן, קרימער קאראקול, פרוכטן, קעז און וויינען; קאווקאזער מינעראל־וואסערן און קיאכעטינער וויין; אסטראכאנער פיש און רויג, טווערער מאנופאקטור, קורסקער פלאקס און שטריק, סיבי־רער פוטערווארג, מזרח־לענדישע טעפיכער און שטיקעריי אין גאלד און זילבער; טולער סאמאווארן און קאלוגער פויערישע קונסט־ארבעט, אוקראינער פרוכטן און זריעה. און צווישן דעם אלעמען, כמעט א טיר איבער א טיר, א ביכער־געשעפט, א שויפענצטער מיט ביכער פון א באזונדער בראנזשע: לער־ביכער, סאציאלאגיע, בעלעטריסטיק, מעדיצין, טעאטער, פעדאגאגיק, טעכניק, אגראר־וויסנשאפט, ווערטערביכער, אויסלענדישע ליטעראטור אין פארשידענע שפראכן, ליטעראריש מערק־ווירדיקייטן, אגיטאציע־בראשורן, אדער איין גרוים ביכער־געשעפט פון דאס אלץ צוזאמען, מיט א ריי שויפענצטער פארפוצטע מיט דיאגראַ־מען און מיט די בילדער פון די שרייבער, וואס זייערע ווערק זיינען דאָ

פאראן צום פארקויפן, פון די אנגעזעענע מלוכה־פירער און אויך פון די באליבטע ארטיסטן.

קוקנדיק אויף אט די ביכער־געשעפטן, איז מיר געקומען אויפן זינען פאריז, „לא ווי לומיער“, די שטאט פון ליכט, ווי מען רופט זי, און וועלכע האט באמת פארדינט דעם נאמען, א דאנק איר ראָל אלס פיאנערן פון דער מענטשהייט אין פארלויף פון איר רייכער רעוואלו־ציאנערער געשיכטע, א דאנק אירע רייכע מוזייען, קינסטלער און וויסנ־שאפטמענער, א דאנק איר גרויסן אוניווערסיטעט. איך האב מיך דער־מאנט, אז אין יענער דערלויכטענער שטאט האב איך געזען כמעט א טיר איבער א טיר צווישן די קראמען און האטעלן, נישט קיין ביכער־שטיבן, נאר שענקלעך און קאווע־הייזער, אין דער טיף אריינגערוקטע אדער אויף דער גאס פאנאנדערגעלייגטע מיט זייערע באקוועמע שטולן און טישלעך. דארט זעצט מען זיך אוועק, מענער און פרויען, אדער מען שטעלט זיך אוועק ביים טישבאנק טרינקען א שווארצע קאפע אדער א גלעזל ליקער...

נאר דערויף איז דאך רוסלאנד א סאציאליסטישע רעפובליק און נישט קיין בורזשואזע, אז די קראמען זאלן זיין נישט קיין פריוואטע, נאר קאפעראטיווע אדער מלוכהשע און אז אנשטאט קאווע־הייזער און שענקען, זאלן אפן זיין און רופן צו זיך די ביכער אין די פענצטער. אמת, דאס אלץ איז גיי; אמת, דאס אלץ פארטרייבט דעם גייסט פון די פרומקייטלעכיקע מאסקווער גאסן און געסלעך ארום דעם קיטאיגאראד, ארום די טומלדיקע מערק און פרום צביעותדיקע באגילדעטע קלויס־טערס, ווייט אין דער פארגאנגנהייט אריין און פלאנעוועט שוין א גרינטלעכן איבערבוי פון מאסקווע; אמת, עס הויבן זיך שוין פיל גארנ־דיקע, פילשויביקע פירעקיקע בלאקן, גרויסע מאדערנע געביידעס אין מאסקווע און אויף יעדער גאס טרעפט איר איינגעוואלגערטע הייזער ארומגעצוימטע, וואו מארגן זעט איר שוין א רישטאוואניע אויפגע־שטעלט. איך וויל אבער זען דעם נייעם מאסקווער מענטשן. אין גאס, אין טראמוויי, אין די „אטשערעדן“ וואס שטייען ביי די קראמען, זעט איר אים נישט.

אך, יא, די „אטשערעדן“. איר האט זיך אזוי פיל אנגעהערט וועגן זיי. זיי פארדינען א קאפיטל באזונדער.

און אַט פאָרן מיר זען דעם נייעם מאָסקווער מענטשן. אים זעט
מען ביי דער ארבעט אין פאבריק, אויף די פארזאמלונגען. אין זיין
פּראָפעסיאָנעלן פאריין, אין זיין פארטיי־קעמערל, אין זיין קלוב, אין
טעאַטער און בעת ער פארווײַלט זיך.

היינט פאָרן מיר אים זען, דעם נייעם מענטשן, ביים פארווײַלן.
מיר פאָרן אין „פּאַרק פון קולטור און אָפּרו" (פארק קולטורע אי אָט־
דיכא). עס פירט אונדז חבר יאנקל לעווין. דער פארק שטייט אויף א
ריזיק פלאַץ הינטער דער שטאָט ביים טייך מאָסקווע. ארום איז ער
פארבויט מיט הילצעלנע נייע געביידעס אין וועלכע עס געפינען זיך
פלעצער פאר טעאַטער, פאר כאָר, פאר אויסשטעלונגען, פאר גימנאַס־
טיק, פאר צובייסן און פאר... טאַנצן. אין מיטן ציען זיך די אלייען
און אזוי ווי דער פארק איז נאָר יונג, זיינען אויך די אלייען נאָר יונ־
גינקע, נאָך ביי דער ערד. און די שפּאַצירנדיקע, פּונקט ווי די אלייען
— יונגינקע און פרישינקע „קאָמיוג", דער יונגער עולם, וואָס ווערט
דערצויגן אין די פארטיי־שולן, די יונגע ארבעטער און ארבעטערנס,
וואָס פירן דאָ זייער ערשטן פלירט, ווערן דאָ חתן־כלה און באַשליסן
אויך דאָ וועגן זייער צוזאַמענלעבן אַלס מאַן און ווייב. אוודאי קוקן
דערויף זייער קרום, מיט קנאה און גאַל, עלטערע פארזעסענע שוועס־
טער און טאַטעס, וואָס זוכן פאר זייערע טעכטער „לייטישע" שידוכים,
נאָר א מאַמע א פארשטענדיקע כאַפּט זיך אַמאָל אריין און קלייבט
נחת. און וואָס, כ'בעט אייך, הערט היינט א קינד א טאַטן צי אַן על־
טערע שוועסטער!... אָט קוקט, ווי זיי טאַנצן דאָרט, די יונגע „קאָמ־
סאָמאָלצעס" און „קאָמסאָמאָלקעס", אין אַן אָפענעם סאַלאָן! נישט
קיין „פרומע" טאַנגאָ, מיט פארגלאָצטע אויגן און באַהערשט פון סענ־
כולען פיבער, טאַנצן זיי; נישט קיין צערעמאָניעזן דועט, קוים באַרירנ־
דיק די שפּיץ פינגער פון דער פאָרצעלייענער געטיין; נישט קיין לבנה־
דיקן וואַלצער, פארטרוימט אין... דער מיידלס נדן און אויך נישט קיין
עקזאָטישן טשאַרלעסטאָן, מיינענדיק אָפּצונאַרן די דעגענערירטע אריס־
טאָקראַטישע גלידער מיט די ווילדע באַוועגונגען פון דעם פרימיטיוון
מענטשן; אויך אין די טענץ — לאַכט נישט — איז פאַראַן דער קאָנט־
ראָל פון דער פּראָלעטאַרישער קולטור: מען טאַנצט פאָלקס טענץ. א
„לעזגינקע" האָט מען ערשט געטאַנצט, א קאָלעקטיווע לעזגינקע פון

הונדערטער פאַרלעך אונטער דער מוזיק פון אַ רייכן אָרקעסטער, און מיט דעם אייגענעם צוזינגען נאָך איינעם אַ פאַרזינגער. איך וואָלט זיי פאַרגעלייגט אַוועקלאָזן זיך אין אַ שפּאַנישער „כאָטאַ", אויך אַזאַ קאָלעקטיווער און אויך אַזאַ געזונטער פאָלקסטימלעכער ווי די לעזגינקע און פּאַרוואָס נישט אַ אידישן באָלגאַריש, אַ אידישן, נישט קיין שאַרלאַטאַנישן פון די אָדעסער „זוואָדניעס", נאָר זיי טאַנצן שוין אַ נייעם מיר נישט באַקאַנטן טאַנץ מיט אַ צוזינג, וואָס איך הער פון אים בלויז די לעצטע צוויי ווערטער: קאָמסאָמאָלאָטשקאַ מאָיאַ! אַזוי האַרמאָניש און באַוועגלעך, אַז איך קען מיך פון דאָרט נישט אָפּרייסן. ערשט ווען דער טאַנץ ענדיקט זיך, ווער איך צוגעצויגן פון אַ רעדל פון וואַנען עס הערט זיך אַ כאָר־געזאַנג. דער מאָטיוו איז אַ באַקאַנטער, די דובינושקאַ, נאָר די ווערטער זיינען נייע. דאָס זיינען קופּלעטן אויף אַקטועלע טעמעס, „נאַ זלאָבו דניאַ", ווי מען זאָגט אין רוסיש. אָט דעם מין קופּלעטן רופט מען „טשאַסטושקי". אַ פאַרזינגער הויבט אָן און דער איבעריקער עולם כאַפּט אונטער. עס אַקאָמפּאַנירן אַ גיטאַרע און אַ באַלאַלאַיקע. עס ווערט אין די „טשאַסטושקעס" אין אַ הומאָריסטישער פאָרם אָנגעדייט אויף די כינעזישע געשעענישן, אויף דער „פּיאַטילעטקע", אויף דעם סאָציאַליסטישן געוועט, אויף דער פּאַרטיי־רייניקונג, אויף די טראָצקיסטן, אויף קאַמף קעגן שיכרות און רעליגיע, אויפן קאַמף קעגן קאָנטררעוואָלוציע און אַנטיסעמיטיזם א. א. וו.

פון דאָרט זיינען מיר אַריין אין טעאַטער. דער עולם דאָ איז שוין נישט פון דעם גאָר יונגן, די באַזוכער דאָ זיינען שוין מערסטנס אַרבעטער מיט איינטריט־בילעטן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. דער טעאַטער איז אויפן נאָמען פון וואַכטאַנגאָוו, דעם באַרימטען רעזשיסער, וואָס האָט געשאַפן אַן אייגענע טעאַטער־שול און האָט אויפגעפירט דעם „דיבוק" אין העברעישן טעאַטער „הבימה". אין זיינע ווענן ווערט דאָס דאָזיקע טעאַטער געפירט. שפּילן שפּילט מען אַ זאַך אין דריי אַקטן אונטערן טיטל „זאַגאָוואָר טשואוסטוו" (דער קאָמפּלאָט פון די געפילן).

עס איז אַ טעאַטראַליזירטער עפּיזאָד פון דעם בירגער־קריג מיט דער שיף „אַוראָראַ", אויף וועלכער די מאַטראָסן האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אונטער דער אָנפירונג פון איי־

נעם אַ מאַטראָס, אַ באָלשעוויק. דער קאַפּיטאַן, אַן אַלטער ים־וואָלף, סימפּאַטיזירט מיט דער רעוואָלוציע, נאָר די אָפיצירן און צווישן זיי זיין איידעם, וועלכער פאַרנעמט דעם צווייטן פּאָסטן נאָך אים, זיינען פאַרביסענע אָנהענגער פון דער אַלטער אָרדענונג, פון דער קערענ־שטשינע... דעם קאַפּיטאַנס טאָכטער, וואָס האָט די רעוואָלוציאָנערע דערציאונג פון איר פאָטער, גייט דאָן אַוועק פון איר מאַן און דערנענ־טערט זיך צום מאַטראָס באָלשעוויק, העלפנדיק אַזוי אַרום קלאָר צו מאַכן אויף דער שיף די לאַגע, וואָס איז דורך אַן אינטריגע פאַרפּלאָנ־טערט געוואָרן און צום זיג פון דער רעוואָלוציע.

מיך האָט נאַטירלעך אינטערעסירט די וואַכטאַנגישע שול אין דער אויפפירונג, וואָס דריקט זיך אויס אין ווירקן מיט קוק־עפעקטן און ליכט־עפעקטן. די האַנדלונג אויף דער בינע, ווי באַוועגלעך זי איז, די האַנדלונג, מאַכט זי אויף אייך דעם איינדרוק פון אַ בילד אין אַ ראַם, די ליכט־עפעקטן אויף דעם דאָזיקן בילד זיינען שאַרפע, קינע־מאַטאָגראַפישע, און בכלל איז די אויפפירונג זייער נאָענט צו אַ קינאָ־אויפפירונג. דאָס אייגענע קען געזאָגט ווערן בנוגע דעם וואָרט אויף דער בינע. דאָס וואָרט, ווי דער זשעסט, שלאָגט ווי אַ שאַרפער ליכט־עפעקט. אַ גרויס פּלאַץ איז אָפּגעגעבן די מאַסן־סצענעס, וועלכע טרעטן נישט אָפּ אין קלאָרקייט, בולטקייט און שאַרפקייט פון ליכט און וואָרט און זשעסט די אינטימע סצענעס. דאָס האָט מיך נאַטירלעך אינטערעסירט, נאָר באַהערשט בין איך געווען פון דער אַלגעמיינער אידייע, וועלכע פילט אָן דעם גאַנצן פּאַרק פון קולטור און אָפּרו. די אידייע פון דער רעוואָלוציאָנערער קולטור, וואָס שלאָגט ווי אַ קוואַל פון יעדער פאַר־ווײַלונג, וואָס דאָ איז איינגעפירט.

ווילט איר צוביסן, מוזט איר אויך זיך אונטערוואַרפן דער רע־וואָלוציאָנערער קולטור: נישטאָ קיין דינער און קיין דינסטן פון אייערט וועגן. גייט צו צום טישבאַנק, קויפט וואָס איר באַדאַרפט און זעצט אייך אַוועק עסן.

מיר האָבן אַ ווײַלע געקוקט אויף די אַטלעטישע איבונגען פון דער יוגנט, אויף דעם מאָסקווער טייך, וואָס איז פול געווען מיט שפּאַ־ציר־לאָדקעס, מיט געזאַנג און מיט יונגן געלעכטער און זיך געלאָזט

צום ארויסגאנג, וואו עס געפינט זיך אן אויסשטעלונג פון דערציאונג אין ראטנפארבאנד.

אט די אויסשטעלונג וואלטן מיר באדארפט באזוכן פריער, בעת מיר זיינען אריינגעגאנגען, און נישט אזוי שפעט ביינאכט. פריער, בעת מיר זיינען אריינגעגאנגען, איז דא געווען א גרויסע צאל באזו־כער און ספעציעל גרופעס פויערים, יוגנט און ארבעטער פון דער פרא־ווינץ, פאר וועלכע עס זיינען געגעבן געווארן דערקלערונגען וועגן דער באדייטונג פון די אלע אויסגעשטעלטע טאבעלעס און דיאגראמען, וואס שילדערן מיט באלויכטענע ציפערן און מיט מיניאטורן פון פארשידענע שול־איינארדענונגען אין די שטעט און אין די דערפער, דעם צושטאנד פון דער שול-בילדונג, פארשול־בילדונג, עם־הארצות־ליקווידאציע, לייען שטיבלעך, באוועגלעכע שולן איבערן גאנצן ראטנפארבאנד. די יונגע פויערים און פויערטעס, ארבעטער און ארבעטערנס, האבן געשטעלט פראגן און די פרויען וואס באדינען די אויסשטעלונג, ווי לערערקעס, מיט די ווירעלעך אין די הענט, האבן דערציילט ווי אזוי עס איז פריער געווען און ווי אזוי עס איז איצט, און וואס פאר א מאס עס איז אין פארשידענע יארן געוואקסן די קינדער־דערציאונג אינעם ראטנפאר־באנד, וואס פאר א כאראקטער די קינדער־דערציאונג און די שול־בילדונג האט געטראגן פריער און וואס פאר א כאראקטער זי טראגט איצט...

און אט איז א באלויכטענער אין בילדער אויסגעשניטענער טאג־סדר פאר אן ארבעטער, ווי אזוי ער דארף איינטיילן זיין טאג אויף ארבעט, אויף אפרוען, אויף פארווייולונג און שטודיום און ווי אזוי, פארקערט, עס טיילט איין זיין טאג א שלעכטער ארבעטער, א טרינ־קער, א פוילער.

און אט איז ווייטער די געשיכטע פון די רוסישע געלט־צייכנס, פון די ערשטע צייטן ביז דער לעצטער, דורך די אלע ווייסגווארדייאישע מאכטן, פון וועלכע די דאזיקע פאפירלעך זיינען געבליבן א זכר.

איר זאגט, דאס איז שוין נישט קיין פארווייולונג. אוודאי איז דרייען זיך אויף א קארוסעל אין די „לונא פארקס" פון די אייראפע־אישע שטעט מער פארווייולונג ווי באקענען זיך דורך בילדער און צי־פער מיט דער געשיכטע פון די רוסישע געלט־צייכנס אין משך פון דער

לעצטער רעוואָלוציע און מיט דעם צושטאַנד פון דער רוסישער שול־בילדונג. נאָר אַזאַ איז זי די פאַרוויילונג פון דער יוגנט אין רוסלאַנד, זי דערציט דעם נײעם מענטשן פאַר אַ באַוואוסטזיניקן בויער פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

## 6

געשיכטע זאָל מען פאָרן לערנען אין די מוזייען און אויף די אויסשטעלונגען אין מאָסקווע. און נישט נאָר רוסישע געשיכטע, נאָר אפילו פראַנצויזישע. אָט בין איך געווען אין פאַריז, וואו יעדער שטיין איז, דאַכט זיך, געשיכטע; נאָר עס איז געשיכטע פון קעניגלעכן גלאַנץ, פון נאַפּאָלעאָנישע נצחונות און איבער אַלץ — דער נצחון פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע איבער אירע שונאים, און אירע שונאים זײנען די דײטשע בורזשואַזיע און דער פראַנצויזישער פּראָלעטאַריאַט. אַמאָל זײנען עס אויך געווען די פראַנצויזישע מאָנאַרכיסטן, פעאָדאַלן און די קאַטוילישע קירכע, הײנט שוין נישט, הײנט זײנען זײ העכסטנס אַ געוויסע אָפּאָזיציאָנעלע פאַרב, וואָס באַלעבט זײער כמעט אײנ־פאַרביקן, כאָטש טומלדיקן, פאַרלאַמענט, אויב מען זאָל נישט רעכענען די קאָמוניסטן. קורץ, מען דאַרף אויסנוצן די געלעגנהײט און דורכ־קוקן אָט דאָס אינטערעסאַנטע בלעטל פראַנצויזישע געשיכטע, וואָס ווערט געוויזן אין „צענטראַלן הויז פון דער רויטער אַרמײ" דורך דעם „קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס אינסטיטוט", די געשיכטע פון דער פּאַריזער קאָמונע אין 1871.

דער דירעקטאָר פון דעם אינסטיטוט, ד. ב. ריאַזאַנאָוו, האָט אין אויסלאַנד געזאַמלט אַ גרויסע צאָל אָריגינעלע מאַטעריאַלן פון יענער עפּאָכע, מאַטעריאַלן וואָס זײנען געלעגן אין די קאָלעקציעס פון פּרי־וואַטע זאַמלער אָדער אין די אַרכיוון פון מענטשן, וואָס האָבן אין יענער צײט געלעבט, און אָט האָבן מיר זײ דאָ אַלס אויסשטעלונג פאַר יעדן אײנעם און דערצו נאָך, ווי דאָ פירט זיך, מיט לערער, מיט פּראָ־פעסאָרן, וואָס פאַרוואַנדלען אַן אויסשטעלונג אין אַן אוניווערסיטעט.

אַ רויטע פאָן, די קאַמפּס־פאָן פון 67־טן באַטאַליאָן פון דער קאָמונעס נאַציאָנאַלער גוואַרדיע פירט אײך אַרײן אין ערשטן זאָל פון

דער אויסשטעלונג, וואָס באַווייזט אייך די צעפאַלונג פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטנס אימפּעריע. איר באַקענט זיך דאָ מיט דעם צושטאַנד פון דער אינדוסטריע און מיט דער לאַגע פונעם אַרבעטער־קלאַס אין די 60־ער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט און באַלד האָט איר אַ גלענצנדיקע קאַריקאַטור וואָס ווייזט אייך די הינטערקוליסן פון דער צעפאַלנדיקער אימפּעריע: דעם אויסגעלאַסענעם „הויף" פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטן און דער קייזערן עווגעניע, דעם קאַמף פון די פּאַרטייען אין די פּאַלאַטעס, דעם וואוקס פון דעם רעוואָלוציאָנערן ברויז אין די אַרבעטער קרייזן און צום סוף די אומגליקלעכע פראַנצויזיש־פּרייסישע מלחמה.

די קריגס־מפּלה, די באַרימטע מפּלה ביי סעדאַן, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער איבערקערעניש פון 4־טן סעפּטעמבער 1870, פירט אריין אין צווייטן זאַל: „די באַלאַגערונג פון פּאַריז". די נצחונדיקע בורזשואַזיע, אין דער געשטאַלט פון איר „נאַציאָנאַלע שוץ" רעגירונג, ווערט תיכף פאַרוואַנדלט אין דער רעגירונג פון „נאַציאָנאַלער בגידה". דאָ קומט אַ ריי קאַריקאַטורן אויף די ווענט און אין אַ ריי וויטרינעס, וואָס כאַראַקטעריזירן די טעטיקייט פון אָט דער רעגירונג. דער הונגער עק, די ברויט־קאַרטלעך, די געמיינשאַפטלעכע קיכן און רעסטאָראַנען, דער געיעג אויף מייז און קעץ און בייסיקע סאַטירעס אויף דער רעגירונג גופא.

דער קלאַסנקאַמף צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע, איז שאַרף אונטערגעשטראָכן מיט די נישט געלונגענע רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדן פון 31־טן אָקטאָבער 1870 און 22־טן יאַנואַר 1871 און מיט די וואַלן צו דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, וואָס זיינען דערנאָך פאָרגעקומען. די גרינדונג פון דער פעדעראַציע פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע און פונעם צענטראַלן קאָמיטעט, זיינען די ערשטע אָרגאַניזאַציאָנעלע שריט צו דעם דאָזיקן קאַמף. אַלס באַוויז דערויף קומט אַ גרויסע דיאַגראַמע מיט אַן אויפשריפט: „212 באַטאַליאָנען פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע שטימען פאַר די וואַלן און צענטראַלן קאָמיטעט און נאָר אַ הייפעלע — קעגן", און אַ רויטער אַפיש וואָס מעלדעט וועגן דער גרינדונג פונעם „צענטראַלן קאָמיטעט", וועלכער האָט אין אַזאַ שרעק געהאַלטן די דעמאָלטיקע פאַריזער בורזשואַזיע. דער אַפיש איז שוין אַ היפּש ביסל אָפּגעבליאַקעוועט, נאָר ער לעבט

נאך, הענגט דא אויף דער וואנט און דערציילט געשיכטע.

איר שטעלט זיך אפ פאר די באפעלן פון דער רעגירונג, — די לעצטע קאנוואולסן אירע, — וועגן שליסן די קלובן און די אפאזיציאנעלע צייטונגען, און איר קומט באלד ארײן אין דריטן זאל פון דער „קאמונע”, וואו עס קומט פאר אויף די בערגלעך פון מאנמארט די אנטשיידענע שלאכט פארן פראלעטאריאט. די קאמונע האט געזיגט.

א ריי אפישן פון צענטראלן קאמיטעט פון דער נאציאנאלער גוואַרדיע פון 19־טן ביזן 26־טן מארט דערציילט וועגן די ערשטע שריט פון דער פאלקס־מאכט און אפגעבליאקעוועטע פאטאגראפיעס, וואס מען האט פארכאפט אין די ארכיוון פון דער סאטארי טורמע, באווייזן די פאריזער מאסן אין זייער יובל וואס האט זיי אין דעם טאג ארומגעכאפט.

די וואלן אין דער קאמונע, די פאליטישע גרופירונגען פון אירע מיטגלידער, די זיצונגען פון דער קאמונע, די ארגאניזאציע פון איר אפאראט, דאס אלץ איז מיט דאקומענטן אויסגעשטעלט אין די וויטרינעס.

אין די ווייטערדיקע וויטרינעס זיינען אויסגעשטעלט די אריגינעלע דאקומענטן וואס שטעלן פאר די סאציאל־עקאנאמישע פאליטיק פון דער קאמונע. דא האט איר שוין אן אנהויב פון ארבעטער־קאנטראל אויף די אונטערנעמונגען, דער וואוקס פון דער פראפעסיאנעלער באוועגונג און פאראָרדענונגען וועגן פארהיטן די ארבעט. אינטערעסאנט איז אן אפיש, וואס פארווערט ביינאכטיקע ארבעט אין די בעקערייען, דער דאזיקער דעקרעט האט ארויסגערופן שארפע וכוחים אין דער קאמונע גופא. ווייטער גייען פאראָרדענונגען וועגן מילדערן דעם שפייזקריזיס, אפגעשטעלטע פרייזן אויף די געברויך־ארטיקלען, די דירה־פראגע, געזעלשאפטלעכע הילף, א גרופע פארוואָרלאזטע קינדער, וואס ווערן געהאלטן אונטער דער השגחה פון דער קאמונע, און א גרויסער אפיש וועגן פענסיע די אלמנות און יתומים פון די נאציאנאלע גוואַרדייער, צו וועלכער עס ווערן צום ערשטן מאל אין פראנקרייך אויסגעגליכן אין זייערע רעכט די געזעצלעכע און נישט געזעצלעכע קינדער. אין ספעציעלע וויטרינעס זיינען באלויכטן די באציאונגען פון דער קאמונע צום פויערטום, איר פינאנץ־פאליטיק, וועלכע איז געווען

צו מילד בנוגע דער פראנצויזישער באנק, און די הויפט־סיבה פון איר דורכפאל.

אין דער באזונדערער אפטיילונג: „די קאמונע און די פאלקס־בילדונג”, איז א גרויס פלאץ אפגעגעבן דעם אפטיילן די קירכע פון דער מלוכה און דער פאליטישער בילדונג פון דער באפעלקערונג. מען זעצט ארויס פון די שולן די גלחים מיט אלע זייערע בעבעכעס און די שול ווערט א וועלטלעכע, א פראפעסיאנעלע.

איך שטעלט זיך אפ ביי די שארפע קאריקאטורן פון אנטירעלי־גיעזער פראפאגאנדע, ביי דער גראוויורע „דאס אייגוואלגערן די וואנ־דאמער קאלאנע” און איר קומט צו צום פרויען־ווינקל. דאס ווינקל איז אינגאנצן געווידמעט דער ראל פון דער פרוי אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג פון 1871, אין די קלובן אויף די זיצונגען, אין קאמף מיט דעם פאמיליען-שטייגער, אויף די פארפאסטנס מיט א פאן אין די הענט.

די ארגאניזאציע פון דער ארמיי, מחנות פרייוויליקע, אפישן וואס רופן די ארבעטער און די אנדערע בירגער צום קאמף מיט דער ווער־סאילער רעגירונג, און איר וואקסט זיך אריין אין יענע געשעעענישן פון בירגער־קריג, פון די שלאכטן, וואס האבן זיך געצויגן טאג נאך טאג פון 2־טן אפריל ביזן 21־טן מאי פאר דער אויפהאלטונג פון דער קאמונע.

דער 21־טער מאי. דאס פאלן פון דער קאמונע. די ווערסאילער אין פאריז. פאלשע פראוואצירנדיקע פראקלאמאציעס, ארויסגעגעבענע פון דער ווערסאילער רעגירונג, באריקאדן, די צעשיסונג פון די „וועלפנס אין וועלפעלעך” (אזוי האבן די ווערסאילער גערופן די פרויען און קינדער פון די קאמונארן), די ריזן־שריפה אין פאריז און די לעצטע שלאכטן פון די קאמונארן אויף די באריקאדן, פארענדיקן די גרויסע עפאפייע פון די העלדישע 72 טעג.

ווייטער זעען מיר די בלוטיקע נקמה פון די ווערסאילער איבער די באזיגטע קאמונארן, צעשיסונגען, אינקוויזיטארישע מאטערונגען אין די קאנצענטראציע־לאגערן, אין די טורמעס. מיר זעען די קאמונארן פארן געריכט, און אט זעען מיר עלף דיאגראמען ווערסאילישע, אויף וועלכע עס זיינען אויפגעשריבן די נעמען פון די ארעסטירטע קאמו־

נאָרן און איינע וואָס מעלדעט מיט בלוטיקן נצחון: 30.000 דערהרגעטע פּראָלעטאַריער אויף 700 ווערסאיילער.

אַ באַזונדער ווינקל איז אָפּגעגעבן פאַר דער אָפּטיילונג „אינטער־נאַציאָנאַל און קאָמונע", וואו מען קען זען דורך דאָקומענטן, מיט וואָס פאַר אַן אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט די אַרבעטער פון די אַנ־דערע לענדער האָבן נאָכגעפאָלגט דעם קאַמף אין פּאַריז. איר האָט דאָ אַ בריוו פון די זשענעווער אַרבעטער, פון די בעלגישע, מיט באַ־גריסונגען און מיט וואונטשן צו האַלטן זיך פעסט און שטאַרק, א. א.

איך האָב עס אייך געמאַכט בקיצור. מיר דוכט זיך אַלץ, אַז עס איז אויסער מיין טעמע. נאָר די באַזוכער פון דער דאָזיקער אויסשטע־לונג, ווערן דאָ נישט נאָר סטודענטן פון געשיכטע, זיי קוקן זיך צו צו יענע אויפגעלעבטע אויף דער אויסשטעלונג געשעעענישן און באַטראַכטן זיך ווי אין אַ גרויסער לאַבאָראַטאָריע, וואו מען קען אַ סך לערנען פאַר דער צוקונפט.

איך וועל פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל מיט נאָך איין באַזוך, מיט אונדזער באַזוך אין קרעמל, אויף וואָס מיר האָבן באַקומען אַ ספּע־ציעלע דערלויבעניש.

איך מוז זאָגן, אַז אַביסל איז דער דאָזיקער באַזוך אונדזערער נישט געווען געלונגען. דער „וואָקס" (אַנשטאַלט פאַר אַלוועלטלעכן קולטור צוזאַמענשלוס) באַשטימט פירער איבער מאָסקווע און באַזונדערס אין אַזעלכע אַנשטאַלטן ווי דער קרעמל, פאַר אויסלענדישע באַזוכער. נאָר אַזוי ווי עס זיינען פאַראַן אַזוי פיל באַזוכער, באַדינט ער פאַר אַלע־מען מיט פירער די דעלעגאַציעס, די גרעסערע גרופּעס. אונדז, אַלס קליינע גרופּע „אַמעריקאַנער" האָט מען צוגעשטעלט צו אַ גרעסערער גרופּע ענגלענדער מיט אַ פירערן אַ דאָלמעטשערן אויף ענגליש. און אַזוי ווי מיר האָבן געוואַרט אויף אַן אייגענעם פירער, האָבן מיר דערווייל אָנגעוואוירן אויך די דערלויבעניש. חבר שלייפער, אונדזער סעקרעטאַר, האָט קוים דערנאָך צוזאַמענגערעדט זיך דורכן טעלעפאָן און מיר זיינען אַריינגעגאַנגען אין קרעמל אויף אַ טעלעפאָנישער דער־לויבעניש. דערווייל, אָבער, איז שוין געוואָרן שפּעט און מיר האָבן אַלץ באַקוקט אין איילעניש.

דער הויפּט־אינטערעס אינעם קרעמל, איז ערשטנס די רחבות

זיינע, דער גרויסער הויף מיט די טורמדיקע געביידעס אַרום, און אינע־ווייניק — דער געווער־זאַל (אָרוזשעינאַיאַ פּאַלאַטאַ). האָט איר אַמאָל געלייענט אָדער געהערט וועגן דער צאַר־פּושקאַ (דער גרעסטער האַר־מאַט, וואָס שטייט אין קרעמל) און וועגן דעם צאַר־קאָלאָקאָל (דער גרעסטער גלאָק וואָס געפינט זיך דאָרט), קענט איר זיי איצט אָנקוקן און באַטאַפּן מיט די אייגענע הענט. שטייען מיר דאָ אַ גרופּע אידן, פון גראָסעלעס, פון באַרדיטשעוו, פון האַמליע און פון וויעטקאָוו, פון שאָווליע און פון סלאָנים, אויסגעוואַנדערטע און אַנטלאָפענע פונעם צאַרס בייטש, וואָס האָט געשמיסן זיין פאַרפייניקט פאָלק און האָט זיך מיט אַ באַזונדער סאַדיזם איינגעשניטן אין די אידישע מאַסן, שטייען מיר דאָ אַזעלכע, וואָס האָבן אין אונדזערע יונגע יאָרן געהערט דאָס וואָרט קרעמל און מאָסקווע, ווי דעם נאָמען פון אַן אינקוויזי־ציע־פּלאַץ, וואו, אויב מען פאַרפייניקט דאָרט נישט קיין אידן, איז עס נאָר דערפאַר וואָס מען האַלט זיי פאַר צו אומווירדיק זיי אַהין אַריינצוברענגען, נאָר דערפאַר זיצט מען דאָרט און מען טראַכט ווי אַזוי זיי אומצוברענגען און אויסראָטן פון גאַנץ רוסלאַנד, זייער דורות־לאַנגע היים, — שטייען מיר דאָ און שפּאַצירן דאָ אום און באַטאַפּן מיט אונדזערע אייגענע הענט די היילקטימער פון אָט דעם „סאַנטאָ אָפּי־סיאָ": די ריי האַרמאַטן, קלענערע און גרעסערע, צו זייערע פיעדעס־טאַלן צוגעשמידטע און מיט זייערע קוילן, אייזערנע, נאָר דעקאָראַטיווע אין קופּקעס אָנגעהויפנט און אין עק די „צאַר פּושקאַ" (קעניג האַר־מאַט), דער גלאָק וואָס איז אַליין ווי אַ דאָרפישער קלויסטער די גרויס, מיט אַן אָפּגעבראָכענעם שטיק דערביי. אונדזער באַגלייטער, אַ רויט־אַרמייער, וואָס טוט אונדז די חברישע טובה, נאָכדעם ווי מיר האָבן אָנגעוואוירן אונדזער באַגלייטערן — דערציילט אונדז, אַז דער שטיק האָט זיך אָפּגעבראָכן פון זיך, מחמת מען האָט אים גענומען וואַשן מיט קאַלט וואַסער בעת ער איז געווען אָנגעגליט פון דער היץ, נאָר אין יענער צייט האָבן עס די גלחים אָנגעגעבן פאַר אַ מופת.

אינעווייניק, גייען מיר פון זאַל צו זאַל, מיר באַטראַכטן אַלט געווער, פּיקעס, פּאַנצערס, העלמען, שטאָלענע אַנצוגן, גאָלדענע קייטל־העמדער, פון פאַרשידענע לענדער און פון פאַרשידענע יאָרהונדערטער; גריכישע, פּערסישע, שפּאַנישע; מיר באַטראַכטן די פאַרשידענע גאָל־

דענע חפצים, מתנות וואָס זיינען אין פאַרשידענע צייטן געשענקט גע־וואָרן די רוסישע צאַרן און צאַריצעס דורך די באָטשאַפטער פון די אויסלענדישע מלוכות, וועלכע האָבן אויף אַזאַ אופן פאַרזיכערט זייערע פריינטשאַפט־געפילן; זעלטענע גאָלד און זילבער אַרבעט פון די הויפּישע יובעלירער, אַ גרויסער וואונדער־זייגער געמאַכט פון אַ רוסישן זייגערמאַכער, וואָס האָט באַוויזן אַ חוץ מינוטן און שעהן אויך וואָכן און חדשים. ווייטער גייען די קעניגלעכע קאַרעטעס, מיט גאָלד גע־דעקטע, מיט דעם גאַנצן שפּאַן, די פערד מיטן קוטשער, אין זייער גאַנצער אוניפאָרם, אַלץ פון פאַרשידענע צאַרן און צאַריצעס. דער קעניגין עליזאַבעטעס צוועלף הונדערט קליידער ווערן דאָ אויך געוויזן, נאָר מיר האָבן זיי נישט געזען, מחמת, מען אַרבעט איבער דעם זאַל און זיינע וויטרינעס. איר קענט דאָ אויך זען גרויסאַרטיקע ראַמען פאַר בילדער: די באַרימטע ראַמען, וואָס די קעניגין עליזאַבעט פלעגט הייסן אינטערשניידן די בילדער, וואָס זי האָט געקויפט ביי באַרימטע מאָלער, כדי זיי זאָלן זיך אין זיי אַריינפּאַסן... קורץ, מיר האָבן יענעם פאַרמי־טיק געטראָטן אינעם קדשי קדשים פון דער אַלטער רוסישער הייליקייט, אין מאָסקווער קרעמל.

אין קרעמל, ווי איר ווייסט מסתמא, זיינען פאַראַן די קאַבינעטן פון די איצטיקע רוסישע מלוכה־מענער. אָבער, מען וועט דאָך נישט־פירן די דעלעגאַציעס אָנקוקן ווי די מלוכה־מענער זיצן און אַרבעטן; נישט זיי ווילן געשטערט ווערן און נישט זיי זיינען אַזעלכע זעלטנ־הייטן, וואָס מען קען זיי ערגעץ אַנדערש נישט זען. איר קענט זיי זען אויף די קאָנגרעסן, אויף די פאָלקס פאַרזאַמלונגען, בעת די גרויסע מאַניפעסטאַציעס. איר קענט זיי אויך זען זיי אין דער היים, אויב זיי האָבן צייט אייך אויפצונעמען.

קאַלינינען, דעם אַלפאַרבאַנדישן סטאַראָסטע, קענט איר אַ חוץ דעם זען, אויב איר ווילט, אויף וואָזדוויזשענקאַ 2, אין דעם זעלבן הויז, וואו סע געפינט זיך דער „קאָמזעט" (קאָמעריד אויף אידיש) און וואו מיר זיינען געווען מיט אַ באַזוך ביי מערעזשינען, דעם פאָרזיצער פון דעם מלוכה־אַנשטאַלט, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט דער אידישער ערד־איינאָרדענונג. דאָרט האָט קאַלינין אַן אויפנאַמס צימער, וואו ער הערט

אוים פערזענלעך אזעלכע וואס קומען זיך קלאגן אויף אומגערעכטיקייט, אויף עוולות וואס ווערן קעגן זיי באגאנגען.

עס איז פרימיטיוו און רוסיש לעגענדאריש, אויב איר ווילט, אמאל פלעגט מען ריידן וועגן דערשלאגן זיך צום סאמע צאר נאך גערעכטיקייט. די טראגעדיע פון 9־טן יאנואר 1905, האט געהאט אלם הינטערגרונט אט די אלטע לעגענדע וועגן דער צארישער גערעכטיקייט, וואס איז אויסגענוצט געווארן פונעם גלח גאפאן. אין איצטיקן רוסלאנד, האבן פונדעסטוועגן קאלינינס אויפנאמען א ממשותדיקע באדייטונג. עס טרעפט אפט, אז א קלאגע ביי קאלינענען זאל העלפן אויספארשן און אויפדעקן אן עוולה און אן אומגערעכטיקייט. קאלינין, ווי יעדער אנדערער, גיט, נאטירלעך, איבער די קלאגע אין דער „ער קא אי" (ארבעטער און פויערים אינספעקציע), וואס פארשט אוים און אין דעם פאל אפשר אביסל רירעוודיקער ווי ביי אן אנדערן, און געפינט אוים דעם אמת. קאלינין, הייסט עס דעמאלט, האט געהאלפן.

ז

און איצט, לאמיר מאכן מיט אייך נאך איין וויזיט. א ווייטן אפילו, ווייטלעך אביסל פון מאסקווע, מען דארף אהין צופארן מיט דער באן, דערפאר אבער זייער נאנט צום הארצן: מאלאכאווקע.

מאלאכאווקע איז א אידישע קינדער־קאלאניע, גיכער א אידישע קינדער־רעפובליק, הינטער מאסקווע, וואס האט זיך געגרינדעט צוריק מיט אכט יאר. אהין זיינען צונויפגעבראכט געווארן די קיילעכיקע יתומים, פארבליבענע נאך די פאגראמען, פון עלטערן דערהרגעטע, פארלוירענע, קינדער פארבלאנזשעטע, פארוואלאזטע, וואס ווייסן אפילו נישט ווער זייערע עלטערן זיינען, און דארט וואקסן זיי אויף. אן ערך צוויי הונדערט קינדער באקומען דא זייער בילדונג און פון דאנען גייען זיי ארוים פארטיקע מענטשן, ארבעטער אין די פארשידנסטע פאכן, לויט יעדערנס נויגונג.

מיר האבן דארט פארבראכט דעם צווייטן האלבן טאג זונטיק און זיינען געווען די געסט פון דעם פארוואלטער, חבר ברוך שווארצמאן,

אָדער ווי די קינדער רופן אים פּשוט און מיט גרויס ליבשאַפט: חבר ברוך. ער איז פאַרוואַלטער פון דער שול זייט איר גרינדונג.

חבר ברוך שוואַרצמאַן איז אַ באַקאַנטע פּערזענלעכקייט אין דער וועלט פון אידישער דערציאונג. ער איז פון די ערשטע אידישע לערער, וואָס האָבן צוריק מיט פינף און צוואַנציק יאָר, אין ווילנע געגרינדעט אַ אידישע שול מיט אַ ברייט פּראָגראַם פון אַלגעמיינע לימודים געלערנט אין אידיש, לויט דעם פּעדאַגאָגישן פּרינציפּ פון אונטעריכט אין דער מוטער־שפּראַך. קיין דערלויבעניש צו עפענען אַזאַ שול איז דעמאָלט נישט געווען און זי האָט געמוזט פונקציאָנירן אומלעגאַל; קיין מיטלען אויף אויסצוהאַלטן יענע שול זיינען נישט געווען, מחמת די פאַרמעגלעכע עלטערן, וואָס האָבן געקענט צאָלן שכר לימוד, האָבן געשיקט זייערע קינדער אין די גימנאַזיעס און אין דער שטאָטישער רעגירונגס־שול. די עקזיסטענץ פון דער שול איז דעריבער געווען דאָפּלט אַ מסירת נפשדיקע. פון איין זייט אומלעגאַל און פון דער אַנדערער זייט אָן מיטלען, וואָס דאָס הייסט אָן געצאָלט פאַר די לערער. פון אָט די מסירת נפשדיקע לערער, גרינדער פון דער אידישער שול, צו וועלכע עס געהער חבר ברוך שוואַרצמאַן, האָב איך שפּעטער אָנגעטראָפן אַ פּאָר אין די ווילנער און וואַרשעווער פאָלקס־שולן אין אין דער ווילנער אידישער גימנאַזיע, מענטשן, וואָס האָבן זיך אינגאַנצן אָוועקגעגעבן דער אידישער דערציאונג, נישט פאָדערנדיק פאַר זיך קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר די ליבשאַפט און די אַנערקענונג פון זייערע תלמידים.

קיינער פון זיי, אָבער, אַ חוץ ברוך שוואַרצמאַן, האָט נישט זוכה געווען צו זיין אַ דערציער אין אַ אידישן דערציאונגס־אַנשטאַלט, וואָס איז נישט נאָר לעגאַל און גלייכבאַרעכטיגט מיט די אַנדערע דערציאונגס־אַנשטאַלטן פון לאַנד, וואָס דאָס איז דער אידעאַל און דער טרוים פון די ווילנער און וואַרשעווער אידישע לערער, נאָר איז אַ טייל פון דער רעגירונגס בילדונגס־נעץ.

עס איז זונטיק און עס איז זומער. די לערער זיינען זיך פונאַנדערגעפאָרן, ווער אין מאָסקווע (עס איז אַ באַוואוסטע זאַך, אַז שטאָטישע פאָרן זונטיק אין די דערפער און די דאָרפישע פאָרן זונטיק אין שטאָט אַריין) און ווער אויף אורלויב, אין קרים, קאַווקאַז, צי גאָר אין די אָדעסער דאַטשעס און אָפּרו־הייזער. נאָר פּוסט אָן לערער איז

דאָרט איצטער נישט. נוצט אויס אַ לערער, אַ לערערקע פון ערגיץ אַ פּראָווינץ זייער אורלויב און קומט קיין מאָסקווע, טרעפט איר זיי זונטיק אין מאַלאַכאָווקע. ער איז דער גאַסט פון חבר ברוך שוואַרצ־מאַן און פון די תלמידים.

מיר האָבן זומערדיק פאַרבראַכט אויף די ברייטע לאָנקעס און אין די וועלדלעך פון דער קינדער קאָלאָניע, באַטראַכט דאָס אויפגעגאַנ־גענע ווייצנפעלד, די גרינסגערטנער, וואָס ווערן באַאַרבעט פון די קינדער און גיבן גרינס נישט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך אויף צו פאַר־קויפן, די שטאַלן מיט קי, די ציגעלעך, די חזירים פון ענגלישער ראַסע, די הינער, די אייער וואָס זיי לייגן.

די תלמידים פירן דייטלעכע סטאַטיסטיקעס פון די אייער, ווייסן וועלכעס איי פון וואָסער הון עס איז, וויפל אייער יעדע הון לייגט דורכן יאָר, רופן אָן אַלערליי ראַסן און אַזעלכע וואָס זיינען נישט קלאַ־סיפיצירט, נאָר טראָגן דעם נאָמען פון היימישע דאָרפישע הינער. די קאָלאָניע איז מיט איר עופות־צוכט אַ מוסטער פאַר די ווירטשאַפטן פון די ארומיקע פויערים און באַווייזט, אַז נישט נאָר דורך אונטער־קלייבן ראַסן־הינער, באַקומט מען אַ גוטן רעזולטאַט, נאָר אַז אויך די פּשוטע היימישע הינער גיבן אַ גוטן רעזולטאַט, ווען מען גיט אויף זיי אַכטונג, און אַרומיקע פויערים קומען צו די אידישע קינדער זיך לער־נען ווי אַרומצוגיין ארום הינער, ארום חזירים.

אָפּגעגעסן אַ זומערדיקן מיטיק מיט געשמאַקן שוואַרצן ברויט, וואָס ווערט טאַקע דאָרט געבאַקן און מיט אייגענעם קעז פון דער קאָלאָניע, האָבן מיר באַזוכט די קינדערשע וואוינונגען, זייער ביבליאָ־טעק, זייער לייען שטיבל, זייער לענין־ווינקל, באַטראַכט זייער וואַנט־ציימונג, געהערט זיי זינגען לידער פון איציק פעפער, פון איזי כאַריק, פון דוד האָפשטיין, און ספּעציעל אַפּלאָדירט באַשע די שאַולער, אַ שוואַרצהנעוודיק פעסט געבויט ליטווישקעלע מיט פעסטע שטריכן.

זייער ווייניק פון די קינדער ווייסן זייערע פאַמיליען נעמען. דער אנשטאַלט זוכט נאָך, פאָרשט אין די ערטער וואו מען האָט זיי אויפ־גענומען, ווער זייערע עלטערן זיינען געווען. עס גיט זיך אָפּט איין צו באַקומען די נויטיגע ידיעות, נאָר דאָס קינד און די שול בכלל, איז

שוין צוגעוואוינט צום נאמען פונעם קינד, וואס האט מערסטנס גע־וואוסט בלויז זיין אידישן נאמען.

עס האט פאר אונדז דעקלאמירט זיינע אייגענע לידער א יונג בחורל, וואס לערנט זיך שוין א פאך, שלאסעריי. דאס איז פון די באליבטסטע פאכן צווישן די קינדער. אפילו אזעלכע קינדער, וואס לויט דער מיינונג פון די מעדיצינער, וואס האבן צו זאגן ביים אויס־קלייבן דעם קינדס קאריערע, זיינען זיי נישט געווען אנטוויקלט און באדארפן אן ארבעט אויף פרייער לופט און מיט וויניקער פיזישער אנשטרענגונג, בעטן זיך ממש, רייסן זיך צו שלאסעריי, גיסעריי, עלעקטראטעכניק און ענלעכע ארבעטן. גענוג שניידער ביי אידן — זאגן די קינדער.

צוויי פון די דעקלאמירטע לידער האב איך גענומען צו פאר־עפנטלעכן און צוגעזאגט צושיקן דעם מחבר, — ד. מארגאלין הייסט ער — דעם נומער צייטונג, וואו דאס ליד וועט זיין אפגעדרוקט.

איך דערפיל דעם יונגן מחבר מיין צוזאג און דרוק זיי אפ אן שום רעדאקטארישער מיטווירקונג:

## פאר פרילינג

ס'האט זיך נאכט איינ פייער אנגעצונדנ
אונ אף ווייטנ האריזאנט האט שיינ געטאגט.
ס'זיינענ וואלקנדלעכ אף הימל אנגעשוואומענ
ס'האבנ שטערנדלעכ פונ הימל זיך געיאגט.

מיט פרישנ טוי זיינענ געווענ באדעקט די גראזנ
און יעדער טראפנדל געהאט האט זיין קאליר.
א שטילער ווינטעלע אינ פאנימ האט געבלאזנ
אונ פריילעך האט די זונ געקוקט אף מיר.

א נייַ ליד, א פרישע אונ א יונגע,
א ליד פונ ארבעט אונ פונ מי.

איכ האָב שוינ לאַנג אַזעלכע לידער ניט געזונגענ
נאָר איצטער זינג איכ זי פאַר דיר.

אונ ס'ווילט זיך דאָ,
אַז אַלץ זאָל זינגענ
זינגענ, זינגענ מיט אַמאָל
און פריילעכ זאָל מיין שטימ דאָ קלינגענ
הילכיק, הילכיק אַף אַ קאָל.

## לעבינענ

ווי שטענדיק די זונ איז פאַרגאַנגענ
אינ שיינעמ און העלנ פאַרנאַכט
סע הערט זיכ סירענע־געזאַנגענ
און סע הויבט זיכ אויפ רויק די נאַכט.

וואָס שאַלט מיר דער שאַל פונ סירענע?
צי קענ ער מיר העלפנ שוינ דענ
ווענ מיינ האַרצ זי צערייסט זיכ פון ווייטיק,
פונ דעמ וואָס איז איצטער געשענ.

אונ דער מענטש אונ דער גרויסער דער געני
פאַרלאָזט היינט אינ טרויער די וועלט,
מענ זאָגט, אַז געשטאָרבנ איז לענינ!
ס'נעמט אָנ אַ ציטער, אַ קעלט.

אינ לענדער, אינ שטעטלעכ, אינ שטעט...
הערט זיכ פונ ווייטנ איינ רופ.
פאַבריקנ, זאַוואָדנ, ווערקשטאַטנ...
אַלע אינאיינעמ שטייט אופ!

מאלאכאָווקע איז נישט די איינציקע אידישע קינדער קאָלאָניע ארום מאָסקווע. פאראַן אַ צווייטע שול, נאָר אין אַן אנדער ריכטונג פון מאָסקווע און מיר וועלן שוין דאָרט נישט באַווייזן צו זיין.

אין מאַלאַכאָווקע האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אויף אַ דאטשע מיט איין סטאנציע ווייטער, וואוינט מ. ראַפעס׳ דרייען פון אונדזער דעלעגאציע זיינען מיר פארבליבן אין מאַלאַכאָווקע, כדי צוזאמען מיט חבר ברוך שווארצמאן און אַ וואסילקאָווער לערערקע, ראַפעסעס אַ באַקענטע, מאכן אים אַ ביינאכטיקן באזוך. ראַפעס איז אָנגעשטעלט ביים קינאָ און טעאַטער וועזן און קען אונדז, אגב, געבן ידיעות וועגן דעם ווי מען וואָלט געקענט באַדינען די „פּראָקאָר״ אָרגאניזאציע מיט קינאָ־בילדער.

ביי אַ גלאָז טיי, האָבן מיר ביי מ. ראַפעסן פארבראַכט ביז גאַנץ שפּעט, ביז דעם לעצטן צוג קיין מאָסקווע און ריזיקירט צו פארבלייבן נעכטיקן אויף דער דאַטשע. מיר האָבן קורץ דערציילט וועגן אונדזער אַרגענטינער עקאָנאָמיש לעבן און געזעלשאַפטלעכקייט און געשטעלט ראַפעסן די פראַגע, וואָס האָט אונדז אַמערסטן אינטערעסירט:

— וואָס איז די מעשה מיט דעם אַנטיסעמיטיזם אין ראַטנפאַר־באַנד, ווי גרויס איז ער, מיט וואָס איז אים צו דערקלערן?

— עס וואָלט געווען אַן אומזין צו זאָגן — ענטפערט אונדז דער־רויף מ. ראַפעס — אַז אין רוסלאַנד און אוקראַינע איז קיין אַנטיסע־מיטיזם נישטאָ, פונקט ווי עס וואָלט געווען אַן אומזין צו זאָגן, אַז אין רוסלאַנד און אוקראַינע איז נישטאָ קיין קאָנטררעוואָלוציאָנערע עלע־מענטן פון פארשידנסטן מין.

סיבות זיינען פאַראַן פארשידענע, אַלטע און אויך נייע: דער קאָנטררעוואָלוציאָנער, וואָס פילט זיך אָנמעכטיק אָנצוגרייפן עפנט־לעך די ראַטנמאַכט, פּלאַצט אויס מיט שנאה צו אידן. און עס איז נאָך אויך נישט אינגאנצן איבערדערצויגן דער עולם וואָס שטייט אונ־טער דער ווירקונג פון די גלחים, פון די קולאַקעס, אמאָליקע דאָרפישע סטאַראָסטעס, א. אז. וו.

אַ כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם האָט אַרויסגערופן אין מאָסקווע דער צופלוס פון אידן אויף די מערק, די אַלטע טראַדיציאָנעלע מאָסק־ווער מאָרקהענדלער, באַוואוסטע „גאַלאָוואָרעזן״ (ביטערע חברה שלע־

גער) פון כיטראָווקע, פון סוכאַרעווקע, פון ארבאַט, האָבן אויף פאַר־שידענע אופנים אויסגעדריקט זייער אומצופרידנקייט מיט די קאָנ־קורענטן.

פאַראַן אויך אַן אַנטיסעמיטיזם צווישן אָנגעשטעלטע פּאָליטיש רויע, וואָס זעען אין אַ אידישן אָנגעשטעלטן אַ קאָנקורענט און אַזאַ איינער וואָס כאַפּט זיך ארויף אויף אַ שטעלע, וואו ער האָט אַ מעג־לעכקייט דאָס צו טון, זוכט אַרויסצושטויסן דעם אידישן אָנגעשטעלטן.

עס טרעפן אויך פאַלן פון אַנטיסעמיטיזם אין די פאַבריקן. מען דאַרף וויסן, אַז אידישע אַרבעטער זיינען גאָר אַנדערש דערצויגן ווי ניט אידישע און לעבן זיך שווער איין אין זייער סביבה. דער האָפּער־דיקער רוסישער אַרבעטער מיט זיין פּריוגעלאָזטן צונג, וואָס קלייבט נישט איבער קיין ווערטער, דערפילט זיך אינסטינקטיוו שטאַרקער פון דעם באַשיידענעם שטילן אידישן אַרבעטער און מאַכט פון אים חוזק. דער חוזק דערגייט אַמאָל צו ווייט און גרייכט ביז אַנטיסעמיטיזם.

די פּאָליטישע דערציאונג פון די מאַסן, וואָס שטעלט אַרויס דעם אַנטיסעמיטיזם אַלס קאָנטררעוואָלוציע, טוט אויף זייער פיל, און דאָרט וואו די פּאָליטישע דערציאונג דערגרייכט נישט. גרייכט דאָס גערינכט. דאָס גערינכט איז ביי אַזעלכע פּראָצעסן, ווידער אויסן נישט אַזוי די באַשטראָפונג, ווי די דערציאונג. די פּראָצעסן פון דעם מין ווערן פונאַנדערגעבלאָזן, סענסאַציאָנעל אַרומגעשטעלט, כדי צו ציען אויף זיי די אויפמערקזאַמקייט פון די ברייטע מאַסן. די רעדעס פון די פּראָ־קוראָרן זיינען שאַרפע געזעלשאַפטלעכע אויפקלערונג וואָס ווירקן אויף דער איינדרוקספולער נשמה פונעם רוסישן פּויער און אַרבעטער. די פּאַרטיידיקער, וואָס ווערן געשטעלט פון דער רעגירונג, טוען די זעל־בע אַרבעט פונעם פּראָקוראָר, נאָר דורך אַן אַנדער וועג: זיי שילדערן די פּאָליטישע אומבאַוואוסטזיניקייט און די ניט דערצויגנקייט פון די באַשולדיקטע און זאָגט צו, אין זייער נאָמען, צו שטעלן זיך אויף אַ נייעם וועג פון ברידערשאַפט צווישן די פעלקער, וואָס זיינען אונטער דער צאַרישער הערשאַפט געווען גלייך אונטערדריקט און פון דער ראַטנמאַכט גלייך באַפרייט.

אַזעלכע רעדעס ווירקן זייער שטאַרק. אַ ווירקזאַם מיטל צו קעמפן קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם זיינען די קעמערלעך פון „געזערד" אויף די

פאַבריקן און פאַרשידענע אונטערנעמונגען. ווי באַוואוסט איז דער „געזערד" געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַלע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע. עס איז כמעט נישטאָ קיין איין פאַבריק, וואו עס זאָל זיך נישט געפינען אַ קעמערל פון „געזערד". אויף די פאַרזאַמלונגען פון די פאַבריק־אַרבעטער, פאַרופענע פונעם קעמערל, טרעטן אויף רעדנער, וואָס קלערן אויף די לאַגע פון די אידן אונטערן צאַר, דערציילן וועגן צאַרישן פאַרבאָט פאַר אידן צו אַרבעטן ערד און צו וואוינען אין די אינדוסטריעלע צענטרען פון רוסלאַנד און אַז עס איז דער חוב פון דעם רוסישן פאָלק איצט צו פאַריכטן דעם אומרעכט, וואָס דער צאַר איז קענן די אידן באַגאַנגען. כדי צו באַקעמפן די מיינונג, וואָס איז פאַרשפּרייט, אַז אידן טויגן נישט צו ערד־אַרבעט ווערן פון די פאַרזאַמלונגען אויסגעוויילט דעלעגאַציעס, וואָס מאַכן באַזוכן אין די אידישע קאָלאָניעס. געוויינלעך ווערן אויסגעקליבן די פאַרביסנסטע אַנטיסעמיטן. זאָלן זיי אַליין פאָרן און זען ווי אידן אַרבעטן די ערד.

פאַראַן אָבער אַ סך פאַלן פון פאַלשן טומל מיט אַנטיסעמיטיזם. אַ איד, וואָס ווערט אַמאָל באַזייטיקט פון אַ שטעלע צוליב וועלכע עס איז סיבה, ווייל ער האָט מיסגעברויכט מיט זיין אַמט, ווייל ער טויג נישט צו דער אַרבעט, אָדער צוליב די פאַרקירצונגען וואָס ווערן לעצטנס געמאַכט אין די אַפּאַראַטן; אַ ספּעץ אַ איד, וואָס זיין אָרט ווערט פאַרנומען פון אַ ספּעציאַליזירטן אַרבעטער, אַ פּאַרטיי מענטש, מאַכט פון דעם פאַל אַ טומל מיט אַנטיסעמיטיזם און בכלל זיינען פאַראַן אַ היפּש ביסל אידן, וואָס באַדאַרפן האָבן אַנטיסעמיטיזם, מחמת אָן דעם, פילן זיי קיין טעם נישט אין זייער אידישקייט. יעדער פון זיי באַזונדער וואָלט דאָס אויף זיך נישט געוואָלט פילן, נאָר אַז אַן אַנדער איד זאָל דאָס האָבן צו פילן און ער זאָל האָבן אַרום וואָס צו טומלען, איז ער אַ בעלן, און אַזעלכע געפינען שוין אַנטיסעמיטיזם נישט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך צום עקספּאָרט פאַר אויסלאַנד.

איך בין נישט ערב פאַר דער ריכטיקייט פון דער לאַנגער ציטאַטע. איך האָב מ. ראַפּעסעס ווערטער נישט פאַרשריבן. מעגלעך, אַז מיין זכרון האָט אויסגעלאָזן אַ סך דערפון וואָס ער האָט געזאָגט און מיין שפּעטערדיקע באַקאַנטשאַפט מיט דעם ענין האָט עטוואָס צוגע־

לייגט; איך בין אָבער ערב פאַר דער ריכטיקייט ווי די פראַגע פון אַנטיסעמיטיזם איז אויבן אָוועקגעשטעלט.

א סך אַנטיסעמיטישע מעשיות נעמען זיך פשוט פון אומבאַוואוסטזיניקייט. אָט, למשל, קלאָגט זיך פאַר מיר א מאָסקווער אידישע פרוי, א געוועזענע „בורזשויקע", אויף אַנטיסעמיטיזם:

— פאַראַן א סך אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד...

— איך זע נישט — זאָג איך איר — קיין אַנטיסעמיטיזם אַרום אייך אין מאָסקווע, איך וואָלט געזאָגט איר זענט געגאַנגען איבער די מאָסקווער גאַסן און געדעדט אידיש און עמיצער האָט אייך דערפאַר אויסגערעדט...

— אַטסטאַוואַטיע — ענטפערט זי, וועלכע היט זיך פאַר א אידיש וואָרט, ווייל זי האָט דאָס פיינט, ווי קיין שום אַנטיסעמיט אין דער וועלט, פונקט ווי זי אליין האָט פיינט די אידן, וואָס ריידן אידיש אין מאָסקווע און „שטופּן זיך מיט זייערע אידישע צייטונגען אויף אַלע קיאָסקן און מיט זייערע אידישע ביכער אויף אַלע שוי־פענצטער..." פונקט ווי זי האָט פיינט די אידישע אַרבעטער און באַזונדער די „יעווסעקן". — אין מאָסקווע — זאָגט זי מיר — איז טאַקע נישטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם, נאָר גייט אין די דערפער. די פּויערים ווילן דאָך די אידן קיין ווייץ און קיין מעל נישט פאַרקויפן...

— איך, פאַרקערט, זע אין מאָסקווע יאָ אַנטיסעמיטיזם — ענטפער איך איר — איר זייט די ערשטע אַנטיסעמיטקע, וואָס איך באַגעגן דאָ און אין דאָרף, זייט מוחל, ווייסט איר פשוט נישט וואָס דאָרט קומט פאָר: די פּויערים זוכן איצט מיט ליכט א אידן צו פאַרקויפן אים א פּאָר זעקלעך ווייץ און מעל, נאָר קיין שום איד שטעלט זיך איצט נישט איין צו קויפן. מען וועט אים גאָרנישט נישט טון, נאָר מען וועט אויף אים אַרויפלייגן, ווי אויף א סוחר, אַזא שטייער אַז ער וועט זיך קיינמאָל נישט אויסקויפן פון אים און דעם פּויער וועט מען אויך דערפאַר נישט שאַנעווען...

געווען איז דאָס שוין נאָך מיין רייזע איבער אוקראַינע, איבער שטעט און דערפער, איבער שטעטלעך און קאָלאָניעס און האָב גראָד נישט איינמאָל געהערט פון אידן זיך קלאָגן דערויף, וואָס מען לאָזט נישט לעבן... מען לאָזט נישט קויפן קיין פוד תבואה... און איינער אַזאַ

איך האָט מיר באַוויזן, וואָס פאַר אַ שטייער־צעטל ער האָט באַקומען פונעם פינאַנסאינספעקטאָר פאַר אַזאַ קליינקייט...

צו דעם ענין אידישע פּרנסות אין רוסלאַנד, וועלן מיר זיך נאָך אומקערן, נאָר כאַראַקטעריסטיש איז אין דער מעשה דאָס אַבסאָלוטע נישט וויסן מצד דער אַרויסגעשלאָגענער פון איר קאָליע „אידישער" בירגערלעכער אינטעליגענץ, וואָס עס קומט פאַר אַרום זיי און זייער בלינד באַשולדיקן אין אַלץ דעם אַנטיסעמיטיזם.

די בירגערלעכע אידישע אינטעליגענץ האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעצייכנט מיט איר קלאָרן באַגרייפן די געשעענישן און איצט, בעת דער בירגערלעכער דעקלאַסירונג, איז זי אַריינגעפאַלן אין פּשוטער טפּשות.

מ. ראַפּעסעס ענטפער אויף אונדזער פראַגע וועגן אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד, האָט מיר שפּעטער, אויף מיין רייזע איבער די אידישע שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע, געדינט אַלס די נויטיקע קלאָרע בריל, וואָס האָט מיך פאַרהיט פון אָט דער טפּשות, וואָס האָט זיך דאָ איר וואַרימסטן פּלאַץ אויסגעקליבן.

*8*

היינט, מאָנטאַק, דעם 15־טן יולי, האָבן מיר אַ וויזיט ביים פאַר־זיצער פון „קאָמערד", חבר מערעזשין און אין אָוונט איז אונדזער עפנטלעכער קבלת פּנים אין „געלערנטן־הויז". נאָר איידער איך גיי אי־בער צו אָט די אָפיציעלע וויזיטן, וויל איך אייך אויפהאַלטן אַביסל אין די מאָסקווער גאַסן.

עס ציען זיך היינט אַ גאַנצן טאָג, פון אינדערפרי אָן, ביז שפּעט פאַרנאַכט, מחנות אַרבעטער און אַרבעטערנס אין געשלאָסענע רייען מיט רויטע פלאַטערנדיקע פאָנען און שטאַנדאַרטן מיט פאַרשידענע אויפשריפטן און מיט אַ געזאַנג, פון וועלכן עס דערמאָנען זיך מיר די ווערטער: „זאַ וולאַסט סאָוועטאָוו" (פאַר דער מאַכט פון די סאָוועטן).

די אויפשריפטן אויף די שטאַנדאַרטן און אויף גרויסע רויטע לייוונטן, וואָס ווערן געטראָגן אויף צוויי שטעקנס און פאַרנעמען די

גאַנצע גאַס אין דער ברייט, באַציען זיך צו די געשעעענישן אויף דער כינעזישער מזרח־אייזנבאַן, וואָס איז אויסגעבויט געוועז אויף רוסיש געלט דורך דער צאַרישער רעגירונג אַלס רוסישע קאָנצעסיע אין כינע און איז אַלס אַזעלכע איבערגעגאַנגען צו דער ראַטנמאַכט.

דער ענין איז מיר באַקאַנט נאָך פון פריערדיקע געשעעענישן.

ווי באַקאַנט, האָט די ראַטנמאַכט זיך אָפּגעזאָגט פון די אייגענע מלוכה־רעכטן, וואָס די אַנדערע מלוכות האַלטן אָן אין זייערע כינע־זישע קאָנצעסיעס און האָט זיך באַגרעניצט מיט דער בלויזער קאָמער־ציעלער פאַרוואַלטונג פון דער אייזנבאַן, אייננפירנדיק אין דער פאַר־וואַלטונג די אַרבעטס־מעטאָדן, וואָס זיינען בכלל אייגנגעפירט אויף אַלע אַנדערע באַנען פון דעם ראַטנפאַרבאַנד. די פאַרזיכערונג פון די אַר־בעטער, דעם זיבן־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, דעם קאָנטראָל פון דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, א. א. וו.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ זאַך ווי אָפּזאָגן זיך פון די עקסטערי־טאָריעלע רעכטן, וואָס מאַכן די קאָנצעסיאָנערן פאַר די באַלעבאַטים פון דעם לאַנד, וואו די קאָנצעסיע געפינט זיך, האָט נישט געשמעקט אַלס ביישפּיל די אַנדערע מלוכות, וואָס האַלטן קאָנצעסיעס אין כינע, עס האָט אפילו אויך נישט געשמעקט דער „אַרבעטער רעגירונג" אין לאָנדאָן; די אייננפירונג פון די רוסישע אַרבעטס־מעטאָדן אויף דער כינעזישער אייזנבאַן דורך דער סאָוועטישער פאַרוואַלטונג, האָט בכלל נישט געשמעקט די אַרבעטסגעבער אין כינע, וועלכע זיינען געוואוינט צו אונטערוואַרפן זייערע אַרבעטער אונטער דער שענדלעכסטער עקס־פּלואַטאַציע, און אָט איז עס געקומען צו אַ הסכם צווישן דער כינע־זישער נאַציאָנאַליסטישער בורזשואַזיע, וואָס ווערט געפירט פון יאַן קאַי שי און אירע שונאים, די אימפּעריאַליסטישע מלוכות, וועלכע האָבן צוגעזען מיט צופרידנקייט, ווי אַזוי יאַנקאַשים מאַכט אַרעסטירט צוערשט די סאָוועטישע דיפּלאָמאַטישע פאַרשטייער, מיט עפּעס אַ קינדישן אויסרייד און דערנאָך פאַרכאַפּט זי די אייזנבאַן און אַרעס־טירט די סאָוועטישע פאַרוואַלטער, צעטרייבט די פּראָפעסיאָנעלע פאַ־ריינען, שטעלט אַוועק שטרייקברעכער און די אַרעסטירטע, צווישן וועל־כע עס זיינען אויך פאַראַן פרויען, פּייניקט זי אין די טורמעס מיט הונגער און מיט קלעפּ.

די רוסישע ווייסגווארדייאישע באנדעס, דאס ביסל פסולת און אפפאל, וואס איז אריבער די גרעניץ פונעם ווייטן מזרח און ווערט דארט אויסגעהאלטן פון די אימפעריאליסטן אויף יעדער געלעגנהייט צו שעדיקן דעם ראטנפארבאנד און שטערן אים אין זיין אנטוויקלונג, האבן די געלעגנהייט נישט פארזאמט און צוזאמען מיט רעגולערן כינעזישן מילטער, זיינען זיי אריבער די רוסיש־כינעזישע גרעניץ. עס האט זיך זיי געחלומט, אז די שעה פון זייער „דערלייזונג” האט געשלאגן.

די איינברעכער זיינען ווי געהעריק באשטראפט געווארן פון די רויטארמייאישע טיילן אויף דער גרעניץ און זיינען אפגעקלאפט געווארן.

עס זיינען אוועק דיפלאמאטישע נאטעס פון דער ראטנמאכט דורך דעם דייטשן פארטרעטער אין כינע הין און צוריק. די כינעזישע רעגירונג האט געפלאנטערט מיט דער צונג, האט פארהאלטן איר ענטפער, און אירע זעלנער, צוזאמען מיט די ווייסגווארדייאישע באנדעס, האבן דערווייל געשטורעמט די גרעניץ.

און אט ציען זיך איצט די מאסקווער ארבעטער צום רויטן פלאץ זאגן זייער ווארט אין דער דאזיקער אנגעלעגנהייט.

שוין פון די פלאקאטן און פון די אויפשריפטן אויף די שטאנדארטן, קענט איר וויסן וואס זיי האבן צו זאגן: אראפ די הענט! מיר זיינען גרייט! מיר פאדערן שטרענגע מיטלען קעגן די כינעזישע פארקויפטע גענעראלן און ווייסע באנדיטן! אלע גייען מיר צום פראנט!

און אין די צייטונגען האט איר שוין געקענט לייענען רעזאלוציעס אנגענומענע אויף פארשידענע ארבעטער מיטינגען, וועגן דער גרייטקייט צו נעמען דאס געווער אין דער האנט און לאנגע ליסטעס מיט נעמען פון מענער און פרויען, וואס האבן זיך פארשריבן אלס פרייוויליקע און בעטן מען זאל זיי אפשיקן צום פראנט ביי דער כינעזישער גרעניץ.

פון די אפיציעלע דיפלאמאטישע נאטעס, וואס זיינען געדרוקט געווארן אויף די ערשטע זייטן פון די צייטונגען, האט זיך אבער געמערקט אן איינגעהאלטנקייט: מיר ווילן שלום, נאר מיר ווילן נישט

דערלאָזן קיין חוזק איבער די רעכטן פונעם ראַטנפאַרבאַנד און איבער דעם לעבן פון אונדזערע בירגער.

איך האָב געפונען פאַר נויטיק צו ציען אייער אויפמערקזאַמקייט אויף דער דאָזיקער מאָסקווער ריזן־דעמאָנסטראַציע קעגן די געשעענישן אויף דער כינעזישער גרעניץ, מחמת פון יענעם טאָג אָן ביז איך האָב פאַרלאָזט דעם ראַטנפאַרבאַנד, דעם 29־טן סעפּטעמבער, זיינען די פּראָטעסטן קעגן די כינעזישע געשעענישן נישט אַראָפּ פון דעם טאָג־כּדו' און האָבן מיך באַגלייט אָדער איך האָב זיי אָנגעטראָפן, וואו איך בין געקומען. אין אַלץ האָבן זיך די פּראָטעסטן אויסגעדריקט: אין אַרבעטער דעמאָנסטראַציעס איבער די גאַסן פון מאָסקווע, פון כאַרקאָוו, זאַפּאָראָזשיע, דניעפּראָפּעטראָווסק, מעליטאָפּאָל, דזשאַנקאָי, סימפעראָפּאָל, סעוואַסטאָפּאָל, אָדעס, קיעוו און מינסק; אין די „רויטע אָבאָזן”, לאַנגע רייען מיט רויט־באַצירטע פורן, באַלאָדענע מיט תבואה, געפירט פון די פּויערים, מיט אויפשריפטן: „דאָס דאָרף (אַ נאָמען) פירט אַריין דער מלוכה אַזוי פיל און אַזוי פיל צענטנער ווייץ אַלס פּראָטעסט אויסדרוק קעגן די געשעענישן אין כינע”; אין טאָג־טעגלעכע רעזאָלוציעס אָנגענומענע אויף די פאַבריקן, צו פאַרגרעסערן די פּראָדוקטיוויטעט, אַלס פּראָטעסט־אויסדרוק קעגן די געשעענישן אין כינע; דעלעגאַציעס פון אויסלענדישע קאָמיוגן זיינען געקומען, אַלס אַלרוסישער שאַך־טורניר האָט זיך געעפנט אין אָדעס, אַן אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענפלי פון „פּיאָנערן” אין מאָסקווע, דער טאָג פון אַלוועלטלעכן יוגנט־פאַרבאַנד, דער אָנהויב פון לערן־יאָר, אַלץ ווערט פאַרבונדן מיט די פּראָטעסטן קעגן די געשעענישן אין כינע.

און נישט דערפאַר איז עס, וואָס די געשעענישן האָבן ארויסגערופן אַ פּאַניק, אַ שרעק, ניין, אַזעלכעס איז נישט צו מערקן; עס איז דערפאַר וואָס דורך די דאָזיקע פּראָטעסטן ווערט געגעבן אויסדרוק דעם סאָוועטישן באַוואוסטזיין פונעם בירגער בכלל און פונעם אַרבעטער און פּויער בפרט; בעת אָט די פּראָטעסטן קענט איר באמת זען, אַז קיין שונאים אויפן לעבן ביי זיך אין לאַנד, האָט נישט דער ראַטנפאַרבאַנד. נישטאָ קיין איינער, דאַכט זיך, ווי אָנגעשטויסן ער זאָל נישט זיין אויף דער קלאַסן־פּאָליטיק פון דער מאַכט, וואָס זוכט צו פאַר־

ניכטן דעם פריוואטן האנדל און גרויסן אייגן־באזיץ, ער זאָל ווינטשן פין הארצן א מפּלה דעם ראטנפארבאנד.

אין די טעג פון 16־טן יולי ביזן 29־טן סעפּטעמבער האָב איך פאר זיך געזען א ריזן מאָביליזאציע פון דער געזעלשאפטלעכער מיי־נונג אינעם ראטנפארבאנד.

דאָס האָט מיך אפשר אויך געבראכט דערצו, איך זאָל באגרייפן די גרויסע מאָביליזאציע פון די געזעלשאפטלעכע כוחות אינעם גאנצן ראטנפארבאנדישן לעבן, צום גרויסן סאָציאַליסטישן אויפבוי.

און אויף אָט דער מ אָ ב י ל י ז א צ י ע, ווי איך רוף דאָ אָן דעם פינף־יעריקן פּלאן פון דער רוסישער ווירטשאפט, איז אויך כ־אי אָפּצושטעלן זיך פריער, איידער איך גיי איבער צו דערציילן ווייטערדיקע פאקטן.

דאָס איז נויטיק כדי איר זאָלט צוזאמען מיט מיר פארשטיין די געשיכטע, וואָס שאפט זיך אינעם ראטנפארבאנד, פאר אלע זיינע פעלקער און אויך פאר דעם אידישן פאָלק, וואָס ווערט צוזאמען מיט אלע אנדערע מאָביליזירט צום גרויסן ווערק.

אָן אָט דעם ווירטשאפטס־פּלאן פאר די אויגן, וועט אייך בכלל זיין אומפארשטענדלעך אלץ וואָס איר וועט זען; מ י ט אים, איז דאָס וואָס איר זעט לאָגיש, קאָנסעקווענט, הארמאָניש און ש פּ י צ ט צו איין ציל.

דאָס צוזאמענשטעלן פון פערספּעקטיווע פּלענער פאר דער אנט־וויקלונג פון דער ווירטשאפט אין א לאנד, איז בכלל א נייס אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. נ אָ ר אינעם ראטנפארבאנד, וואָס ווערט געפירט פון א מארקסיסטישער פארטיי מיט קלאָרע אָנגע־צייכנטע צילן און מיט דער אבסאָלוטער קענטשאפט פון די פּראָדוציר־כוחות און מעגלעכקייטן וואָס דאָס לאנד פארמאָגט, איז מעגלעך צו שאפן א פערספּעקטיוון פּלאן פון דער אינדוסטריעלער און אפילו לאנדווירטשאפטלעכער אנטוויקלונג, וואָס גיט די מעגלעכקייט פאָרויס־צוזען דעם גאנג פון די סאָציאל־עקאָנאָמישע פּראָצעסן, און נישט נאָר פאָרויסזען, נאָר אויך אין א געוויסער מאָס ווענדן אָט די פּראָצעסן צום געווינטשטן ציל.

כדי איר זאָלט מיך נישט חושד זיין אין גוזמאות, וואָס נעמען

זיך פון באַרעכטיקטער באַגייסטערונג, דערלויבט מיר צו ציטירן דאָ אַ מיינונג פון אַ בורזשואזן קאָרעספּאָנדענט אין אַ בורזשואַזער צייטונג, אין „בערלינער טאַגעבלאַט", וועגן דעם פינפיעריקן פּלאַן אין ראַטנ־פאַרבאַנד:

„דער פּלאַן — שרייבט דאָרט פּאָל שעפער — איז פאַר אַלע־מען און נאָך אַלעמען אַ קאָלאָסאַלע, קעגן אַלע געפאַרן אַקעגנגייענדיקע פאַרטיידיקונגס־אונטערנעמונג. אַ שוצווערק פאַר דער אומגעשטער־טער געשטאַלטונג פונעם סאָציאַליסטישן געדאַנק אויפן רוסישן באָדן. זיין לעצטער אורשפּרונג ליגט אין שטאַטס־פּאָליטישער איבערלייגונג פון העכסטער קאָנסעקווענץ און אומגעווייגלעכער טיפקייט... מען וועט אויך אין דער לאַנדווירטשאַפט קאָלאָסאַלע מיטלען אַריינלייגן, כדי זי גרינדלעך איבערצובויען, דורך אויפשטעלן גרויסע פּראָדוציר־ווירטשאַפטן, צו מעכאַניזירן און צו סאָציאַליזירן און אויך דעם פויער אַלס איינצלנעם פּראָדוצירער אויפצוהויבן. פּראָלעטאַריער אומעטום! אין דעם פּלאַן דריקט זיך אויס דער ראַדיקאַליזם און די אומדערשי־טערלעכע עקשנות פונעם קאָמוניזם".

ס'איז דער גרעסטער און אין אַ סך הינזיכטן דער מאָדערנסטער ווירטשאַפטס־פּאָליטישער עקספּערימענט פון אַלע צייטן. אָריגינעל, נישט נאָר אָריגינעל. אָרימע, אַלטע אייראָפּע! ווען דער עקספּערימענט זאָל אפילו נאָר אויף דריי פערטל זיך איינגעבן, קען מען שוין אויך נישט צווייפלען אינעם ענדגילטיקן נצחון. דאָס וועט זיין דער נצחון פון דעם סאָציאַליסטישן מעטאָד, אויסגעקעמפט מיט די כוחות פון אַ נישט אויסגענוצטן, גלויבנספעאיקן, באַגאַבטן פאָלק.

„מיר האָבן אַלע מאָטיוון — זאָגט אַ צווייטער דייטש אויפן חשבון פון די דייטשן — נאָכצופאָלגן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט די אַנטוויקלונג פון דעם עקספּערימענט, ווי אינטערעסאַנט עס זאָל נישט זיין פאַר אונדז די רעפּאַראַציע־געשיכטע, וואָס פאַראַט אין אונדז אַזאַ גרויסע ערפורכט און ליבע צו געלט. הלוואי זאָל נאָר אין סאָוועט־רוסלאַנד די „פּיאַטילעטקע" געלינגען, אַזוי אַז די „מאַסן" פון דער וועלט זאָלן זיך לאָזן איבערצייגן, אַז דאָס געלט לאָזט זיך אויך איבערווינדן".

אין דער לאַנדווירטשאַפט, וואָס אונדז אינטערעסירט דאָ אַמ־

מערסטן, און וואו עס זיינען גענומען געוואָרן אין אַכט אַלע שוועריקייטן, זיינען אָנגעצייכנט געוואָרן גרויסע דערגרייכונגען, וואָס וועלן לויט דער מיינונג פון אַ סך ספּעציאַליסטן איבערגעשטיגן ווערן. לויט דעם פּלאַן וועלן די קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן נאָך די פינף יאָר אַרומכאַפּן 25 מיליאָן העקטאַר, בעת איצט כאַפּן זיי אַרום נישט מער ווי דריטהאַלבן מיליאָן; דאָס הייסט צען מאָל אַזוי פיל. און אין דער ריכטונג צו דער קאָלעקטיוויזאַציע, גייט דער קורס פון דער רעגירונגספּאָליטיק.

מיר וועט נאָך שפּעטער אויסקומען צו דערציילן, ווי אַזוי די קאָלעקטיוויזאַציע וואַקסט אין די דערפער און אין די קאָלאָניעס מיט אַ נאַטירלעכן, סטיכייאישן וואוקס, אַדאַנק דער מעכאַניזאַציע פון דער ווירטשאַפט; דערווייל האָב איך געוואָלט אָנמערקן אויף די גרויסע פּערספּעקטיוון, וואָס דער פּלאַן עפנט גראָד פאַר נייע עלעמענטן אין דער לאַנדווירטשאַפט, עלעמענטן נישט פאַרעקשנטע אין די אַלטע אַרבעטס־מעטאָדן פון די זיידעס, און אָט די עלעמענטן געפינען זיך גראָד ביי אידן.

לאָמיר נאָר פאַרשטיין דעם גאַנג פון דער געשיכטע, לאָמיר נישט פאַרזען די מאָמענטן, אויף וועלכע די ראַטנמאַכט ווייזט אונדז אָן, לאָמיר זיך איינשפּאַנען אין דעם גרויסן צוג, וואָס יאָגט צום סאָציאַליזם אינעם ראַטנפאַרבאַנד, ווייל אָט דאָס געיעג, און אָט דער פּראָצעס איז אויך אונדזער געיעג און אונדזער פּראָצעס. אין דעם פינפיאָר־פּלאַן, איז ביי אונדזער ווילן, דער אידישער סאָציאַלער איבערבוי, דער מעגלעכסטער.

מיט אָט דעם קוק אויף דער נאָענטסטער אַנטוויקלונג פונעם ראַטנפאַרבאַנד, אויף דער מאָביליזאַציע פון די פּראָדוצירנדיקע כוחות און אויף דער געזעלשאַפטלעכער מאָביליזאַציע, וואָס גייט מיט אַזאַ אימפּעט, האָב איך מיך צוגעקוקט צום דעם לעבן פון די אידישע מאַסן, צו דעם וואָס ווערט געטון אויף אַריינצוציען זיי אינעם אַלגעמיינעם פּראָצעס און צו דעם וואָס זיי אַליין טוען אָדער טוען נישט, וועלכע פון זיי באַגרייפן און איילן זיך וואָס גיכער, נישט צו פאַרשפּעטיקן, און וועלכע טרעטן אין דער רוטינע, אין דעם זומפּ, אָדער בעסער געזאָגט, אין דער קלאָאַקע, וואָס היינט שטעלט מיט זיך פאָר דאָס

מיאוסע און פארהאַסטע הענדלער־לעבן אינעם ראַטנפאַרבאַנד; און מיט דעם קוק בין איך שוין געגאַנגען צום וויזיט ביים ח' מערעזשין, דעם פאָרזיצער פונעם קאָמערד, וואָס אין זיינע הענט קומען זיך צונויפ־מען אַלע פעדים פון דער אידישער ערד־איינאָרדענונג אינעם ראַטנ־פאַרבאַנד.

דעם חבר מערעזשין האָבן מיר געטראָפן פארנומען. ער האָט דער־מאָלט געהאַט אַ באַראַטונג מיט די פאָרשטייער פונעם אַגראָדזשוינט. מיט די פאָרשטייער פון אָט דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט און פון דער יקאַ, וועלכע קרעדיטירן די קאָלאָניזאַציע, די ערשטע אין קרים און די צווייטע אין כערסאָנער קריוואָראָגער געגנט און אין זאַפאָ־ראָזשיע מאַריופּאָלער, קומט, אַגב, אויס אָפט צו באַראַטן זיך און אפילו צו אַמפּערן זיך, ווי איך האָב דאָס שפּעטער אַליין בייגעוואוינט אויף מיין רייזע איבער די קאָלאָניעס און ווי איך האָב געהערט דערציילן די פאָרשטייער פון קאָמערד אויף די ערטער.

מיר האָבן לאַנג נישט געוואַרט ביז ער האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט די אַגראָ־דזשוינט פאָרשטייער און אָט זיינען מיר אין קאַבינעט ביים פילגעפּורכטעטן יעווסעק מערעזשין, וועלכער נעמט אונדז אויף מיט חברשער פרייד. ער ווייזט זיך אַרויס צו זיין אַ זייער היימישער גוטער חבר, וועלכער רעדט אפילו נישט קיין „ליטוויש", נאָר אַ פּשוטן אַדעסער אָדער בערדיטשעווער אידיש. ער איז אַ הויכגעוויקסיקער, טראָגט נאַכלעסיק אַ רוסיש זומערדיק העמדל און איז עטוואָס פאַר־מאַטערט. דער פאָטאָגראַף פון אונדזער דעלעגאַציע, חבר פויזנער, כאַפּט אונדז אַראָפּ פאַר דער אייביקייט און מיר טרעטן צו צום ענין.

ער גיט אונדז איבער אַ סטאַטיסטיק וועגן דער צאָל באַזעצטע א י ד י ש ע מ ש פ ח ו ת; אין אַלגעמיין אַרום אַ פערטל מיליאָן נפשות. אונדז א י נ ט ע ר ע ס י ר ט צו וויסן, ווי גרויס זיינען זיינע פּערספּעקטיוון. דערויף גיט אונדז חבר מערעזשין אַ ריי קיי־לעכיקע ציפערן:

פונעם צענטער, דאָס הייסט פונעם אַלגעמיינעם ביודזשעט פאַר ערד־איינאָרדענונג, באַקומט דער קאָמערד 3.600.000 רובל, קרעדיט פון דער מלוכהשער באַנק 4.000.000 רובל; דער דזשוינט האָט ביז איצט קרעדיטירט 3 מיט אַ האַלבן מיליאָן און די יקאַ — אַנדערהאַלבן

מיליאָן. אַ חוץ 300.000, וואָס זי האָט אריינגעטראָגן אויף סאַניטאַר־דער הילף א. א., וועלכע זי האָט געגעבן אויף נישט צוריקנעמען. דערצו קומען נאָך די געלטער פונעם „געזערד", וואָס ווערן אינגאַנצן פארוועגדעט אויף ביראָבידזשאַן, און די געלטער פון איקאָר, פון פראָ־קאָר, פון דרום־אפריקע, פון הילפס־פאראיין פון דער דייטשען יודען, און פון אָסעק אין ריגע.

דער דזשוינט און יקא ארבעטן אינגאַנצן אונטערן קאָנטראָל פון קאָמערד, לויט די אָפּמאכן וואָס זיינען צווישן זיי געשלאָסן. דער קאָ־מערד האָט דאָס רעכט אראָפּצוזעצן זייערע אָנגעשטעלטע, רעווידירן זייער בוכפירונג א. א.

אביסל בין איך אנטוישט געבליבן: אָט דאָס איז דער טומל, וואָס דער דזשוינט מאכט מיט זיין קאָלאָניזאציע־ארבעט אין ראטנפאר־באנד!? מען האָט דאָך געשמועסט וועגן 15 מיליאָן דאָלאר און נישט וועגן פערטהאלבן מיליאָן רובל. פון דער יקא, דעם אמת געזאָגט, האָב איך מער נישט דערווארט, זי האָט אירע מיליאָנען ערגעץ פארטאכלע־וועט און מאכט איצט אַ לעבן פון קליין־קאָלאָניזאציע אָדער קיין־קאָ־לאָניזאציע אין ארגענטינע און פון אנדערהאלבן מיליאָן קרעדיט אין אלטע און נייע אידישע קאָלאָניעס פון בערסאָנשטשינע, קריוואָי ראָג און זאפּאראָזשיע.

איך זאָג ארוים מיין אנטוישונג מערעזשינען און ער ענטפערט מיט אַ קנייטש מיט די אקסלען: מארשאל האָט זיך צונויפגעשמעקט מיט די ציוניסטן, ער וויל טון אמעריקאניש־פּאטריאָטישע ארבעט אין פּאלעסטינע דורך דער אגענטור...

די הילף פון דער רעגירונג איז בפירוש אַ קאָלאָסאלע, נישט רעכנענדיק די ערד, די רייזע הוצאות אויף די באנען, געהילץ, זריעה, מאשינען און אזוי ווייטער, אָבער אלץ איז נישט לויט דער גרויס פון דער ארבעט וואָס שטייט פאָר. לויט מערעזשינס חשבון, וועלכער איז געהיט אין ציפערן, זיינען פאראַן אין די אוקראַינישע שטעט און שטעטלעך 800 טויזנט דעקלאסירטע אידן, וואָס וואָלטן באדארפט באלד איבערגיין אויף אַוועלכער עס איז פּראָדוקטיווער ארבעט. לויט בראגינס ציפערן, זיינען פאראן אַ מיליאָן אזעלכע אידן.

מערעזשין, ווי באוואוסט, איז ענטוזיאסטיש פאר ביראָבידזשאַן.

ער רעדט אונדז צו, אַז איינער אָדער צוויי פון אונדזער דעלעגאַציע זאָלן אַהין צופאָרן. גראָד גייט איצט אין „עמעס" אַ סעריע אַרטיקלען זיינע וועגן זיינע לעצטע דערפאַרונגען אין ביראָבידזשאַן. ער רעקאָמענדירט אונדז זיי צו לייענען. מיר זעצן פאָר אונדזער שמועס אויף דער גאַס און ערשט דאָ האָב איך די געלעגנהייט צו באַוואונדערן די גאַנצע באַשיידנקייט פון דעם טיכטיקן און איבערגעגעבענעם טוער.

מיר צעשיידן זיך ביז אָוונט. ער וועט קומען צו אונדזער אָפיציעלן קבלת פנים אין „געלערנטן־הויז".

איצט, ווען איך שרייב מיינע איינדרוקן און ידיעות, וואָס איך האָב געזאַמלט אויף מיין נסיעה אין ראַטנפאַרבאַנד, בין איך בכוח צו געבן איינע אַ ידיעה, וואָס מוז דערפרייען די אַלע, וואָס באַגרייפן די וויכטיקייט פון דער אידישער ערד־באַזעצונג. אין אַ שמועס מיט אַ הויכן אָנגעשטעלטן פון דער מלוכהשער ערדבאַנק, האָט ער מיר פאַרזיכערט, אַז די באַנק האַלט איצט ביים באַשטימען פאַר דער אידישער באַזעצונג אַ גרויסע סומע אינוועסטיציע קאַפּיטאַל, דאָס הייסט אָנפּראַצענטיקן, וואָס זאָל אַריינגעלייגט ווערן אין דער אַנטוויקלונג פון אַגריקולטור און אינדוסטריע אין ביראָבידזשאַן, לויט דעם אויסגעאַרבעטן פינף־יעריקן ווירטשאַפטס פּלאַן.

וועגן אונדזער קבלת פנים, וועל איך מיך נישט פאַרשפּרייטן. עס איז געקומען אין „געלערנטן־הויז" אַ גרויסער עולם, נישט געקוקט אויפן רעגן, וואָס ס'איז פונקט אויסגעפאַלן. געעפנט די זיצונג האָט ח' יאַנקל לעווין, וועלכער האָט כאַראַקטעריזירט אין קורצע ווערטער די אַרבעט פון „פּראָקאָר" און האָט אונדז פאָרגעשטעלט. מיר זיינען אַרויסגעטראָטן מיט אונדזערע באַריכטן: איך — וועגן דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלעכקייט און דער ראָל פון „פּראָקאָר אין איר; אונדזער קאָלאָניסט — וועגן צושטאַנד פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע און שלייפער — וועגן דעם כאַראַקטער פונעם „פּראָקאָר" און זיין טעטיקייט. געענטפערט אונדז אין נאָמען פון „געזערד" האָט אַלעקסאַנדער כאַשין. ער רעדט שיין און וויציק, ער באַגריסט אונדז, און פאַרגלייכט די ממשותדיקע קאָלאָניזאַציע אין ראַטנפאַרבאַנד מיט דער קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל. דאָרט קאָלאָניזירט מען „האַארעץ" — זאָגט ער און ווייזט אָן אַרויף אין הימל

אריין. עס רעדט נאָכדעם מערעזשין. ער שטעלט זיך אָפּ אויף דער קאָלאָניזאַציע און די קאפּיטאַליסטישע לענדער, אפילו דאָרט, וואו ערד איז פאראַן לרוב; ער שטרייכט אונטער די אינפאָרמאַציע, וואָס מיר האָבן געגעבן וועגן די קאָלאָניזאַציע באַדינגונגען אין ארגענטינע, וואו בלויז פארמעגלעכע קענען זיך באזעצן אויף ערד, און שילדערט די רעזולטאַטן און מעגלעכקייטן פון דעם איבערגאַנג פון אידן אויף ערד אין ראַטנפארבאַנד. מ. ליטוואַקאָוו, רעדאַקטאָר פון „עמעס" מערקט אָן אין זיין רעדע אויף דער באַזונדערקייט פון דער ארגענטינער דע־לעגאַציע, וועלכע איז געקומען נישט אויספאָרשן, אָנקוקן דאָס בייזוואוני־דער וואָס מען רופט ראַטנפארבאַנד און אידישע קאָלאָניזאַציע, נאָר פון אַן אָרגאַניזאַציע וואָס ארבעט שוין אויף דעם געביט און איז גע־קומען מיט דעם ציל צו באַקענען זיך מיט דעם גראַנדיעזן ווערק פאַר ווייטערדיקער גרעסערער מיטהילף.

נאָכן שליסן דעם אַקט, איז מען אריינגעגאַנגען טרינקען אַ קאַווע מיט מילך, פונקט ווי ס'פירט זיך ביי אונדז אין ארגענטינע, און דאָרט האָבן מיר זיך געגומען באַקאָנען: חבר נאַגלער! עלטערע פּועלי ציון מוזן אוודאי געדענקען אַזאַ ווינער חבר. ער איז דאָ אַ דירעקטאָר פון אַ באַנק (מיינט נישט, אַז ער נעמט אַ „דירעקטאָרישן געהאַלט" אָדער ער איז דער גרעסטער אַקציען־האַלטער פון דער באַנק). חבר ניקאָ־לאַיעווסקי! ער איז דער „משנה למלך", צווייטער דירעקטאָר, פון דעם אַלפאַרבאַנדישן צוקער־טרעסט. ער בייסט צו קליינע שטיקעלעך צוקער און דער עולם וויצלט זיך: ער ווייסט ווי שווער ס'איז אַ שטיקל צוקער צו באַקומען... און אַזוי ווייטער „שישקעס" מיט קליינע געהאַלטן נאָר מיט גרויסע השגות פאַר דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פונעם ראַטנפאַרבאַנד.

מיר געזעגענען זיך, ווייל מאָרגן פאָרן מיר קיין כאַרקאָוו.

9

אונדזער דעלעגאַציע ווערט אַלץ שיטערער; איינער פון אונדז, זינדעלעוויטש, איז פאַרבליבן אין וואַרשע ביז ער וועט באַקומען פון מאָסקווע אַ דערלויבעניש; כיטערמאַן און פרוי זיינען אָפּגעפאָרן די־רעקט קיין באַרדיטשעוו דורך קיעוו; געבליבן זיינען מיר פינף.

און אזוי ווי מאָסקווע האָט ביי אונדז אויפגענעסן א שפּאָר ביסל הוצאות, האָבן מיר באַשלאָסן צו זיין שפּאָרעוודיק מיט דער נסיעה; אין כאַרקאָוו צעטיילן מיר זיך, איין האַלב פון אונדזער דעלעגאַציע זאָל אוועק אין איין זייט און די צווייטע אין א צווייטער זייט. דער מאַרשרוט אונדזערער איז אזוי געווען: שלייפער, רעכאָוויצקי און סאָניע עפּשטיין פאָרן אין די קאָלאָניעס פון כערסאָנער און קריוואָראָגער ראַיאָן. איך און פּויזנער און זונדעלעוויטש, אויב ער וועט אונטערקו־מען, פאָרן מיר אין זאַפּאָראָזשיע־מאַריופּאָליער קרייז און קיין קרים; מיר טרעפן זיך אַלע ווידער אין אדעס, וואו מיר פאָרן ארום צוזאַמען דעם אדעסער ראַיאָן און פון דאָרט פאָרט רעכאָוויצקי צוריק קיין מאָסקווע אויפן וועג קיין ביראָבידזשאַן. אויסגעלאָזט האָט זיך אביסל אנדערש ווי דער חשבון איז געווען און אלץ צוליב די הוצאות: זונדע־לעוויטש האָט פארשפּעטיקט סיי זאַפּאָראָזשיע־מאַריופּאָליער קרייז, סיי קרים; רעכאָוויצקי איז דעם אדעסער ראַיאָן נישט ארומגעפאָרן און איז אוועק צוריק קיין מאָסקווע, וואו ער האָט זיך געטראָפן מיט זונ־דעלעוויטשן און זיי זיינען ביידע אוועק קיין ביראָבידזשאַן.

אין כאַרקאָוו, זיינען מיר זאַלבעפינפט אָנגעקומען מיטוואָך פרי דעם 17־טן יולי.

כאַרקאָוו. ביים וואָקזאַל א גרויסער וואַרימער עולם אויפגעמער. געפירט האָט זיי משה פינטשעווסקי. ער האָט מיך דערזען, האָט מיך ארומגעכאַפּט קושן און דער עולם האָט שוין פארשטאַנען, אז דאָס זיי־נען מיר, די ארגענטינער דעלעגאַציע.

מען האָט אונדז אָפּגעפירט אויף אויטאָמאָבילן אין א האָטעל. די כאַרקאָווער חברים: סלוטשעווסקי, פינקעלשטיין, סודאַרסקי, קראַ־כאָוו, סערעברינסקי, איזראַילאָווע און א ריי אנדערע, וואָס איך גע־דענק נישט זייערע נעמען, נאָר איך געדענק זייערע ליבע סימפּאַטישע געשטאַלטן, זיינען זיך מתעסק ארום אונדז.

פינטשעווסקי טראָגט מיר אונטער א מתנה, אן עקזעמפּליאַר פון „אלמאַנאַך‟, ארויסגעגעבן פון „וואוספּ‟, (אַלאוקריינישער שרייבער פאַרבאַנד), וואו עס געפינט זיך זיינע א נייע פּאָעמע „היים‟, און וואו ער דערציילט וועגן זיינע אָנפאַנגער־יאָרן אין ארגענטינע און וועגן

זיין ווילדן לעבן, און אז מיר, זיין חבר און לערער פיניע כ״ץ, האט ער צו פארדאנקען, וואס ער איז נישט געווארן קיין גנב און אויסוואורף.

איך בין באמת גערירט פון דער מתנה, ווי פון דער אלגעמיינער סימפאטיע, וואס הערשט ארום אונדז.

עס קומען ווי געוויינלעך אינטערוויואירער, פארן „שטערן״, פאר די אוקראינישע צייטונגען און פאר דער איינציקער רוסישער צייטונג, וואס גייט דא ארויס, „כארקאווסקי פראלעטארי״.

דא, אין כארקאוו, זיינען מיר נישט נאר די געסט פונעם „אוקר־געזערד״, דאס הייסט פון דער אוקריינישער אפטיילונג פונעם גע־זערד, נאר די געסט פון יעדן חבר באזונדער. אין אוונט באזוכן מיר מיט די חברים דעם כארקאווער רעוואלוציע־גארטן. ס׳איז באמת א רעוואלוציע־גארטן; נישט נאר דערמיט וואס איר זעט דא א מאנומענט לעניניען און נישט נאר דערמיט, וואס ער איז באצירט מיט פארשידענע פארביקע רעוואלוציאנערע דיאגראמען און לאזונגען אויף פלאקאטן, און אין גראז גופא, מיט בלומען אויסגעזעצט און מיט שטיינער איינ־געפאסט, נאר אויך און באזונדערס דערמיט וואס איר זעט דא אין אוונט די מאסן כארקאווער פראלעטאריער, די טרעגער און שאפער פון דער רעוואלוציע. דער גארטן פארנעמט א גוואלדיקן שטח. דא זיינען א חוץ די שפאציר־אלייעס און די געוויינלעכע פארוויילונגען, די גימנאסטישע איבונגען, טענץ, שיסן אין ציל, אויך די זומער־טעא־טערס. דא האב איך דעם ערשטן מאל אין מיין לעבן געזען אזוי פיל עולם זיך ציען פון טעאטער.

כארקאוו איז די הויפטשטאט פון אוקראינע און די אוקראינער זיינען פארשמט פאר טעאטער־ליבהאבער און טעאטער־גייער. יארנ־לאנג איז אוקראיניש טעאטער פאר די אוקראינער געווען זייער איינ־ציקער קולטור־אויסדרוק. אין וועלכן אוקראינישן שטעטל האט מען דען נישט געשפילט „נאטאלקא פאלטאווקא״ און „זשידיווקא וויכ־ריסטקא״. מיר קומט אויפן געדאנק, אויב נישט אוקראיניש טעאטער איז געווען א געוויסער סטימול פאר דער גרינדונג פונעם גאלדפאדן טעאטער, צוזאמען מיט אנדערע דירעקטע סיבות און פארבאדינגונגען פון זיין גרינדונג. אן ענלעכקייט איז פאראן צווישןביידע טעאטערן א גרויסע, ביידע האבן קולטיווירט דאס מוזיקאליש־מעלאדראמאטישע

פאָלקס־שטיק און די טיפסטע פאָלקסטימלעכקייט און די טעריטאָ־ריאַלע געמיינשאַפטלעכקייט, מיין איך, האָט דערביי אויך געהאַט אַ כּח צו זאָגן.

בנוגע ליטעראַטור, זיינען די אידן אין אוקראַינע געווען גליק־לעכער ווי די אוקראַינער. די רוסיפיקאַטאָרישע צאַרישע רעגירונג האָט באַטראַכט אידישע ליטעראַטור, אונטער אַ צענזור, פאַשטייט זיך, פאַר ווייניקער געפערלעך ווי די אוקראַינישע און בעת אין אוקראַינע האָבן זיך שוין געדרוקט די ווערק פון לינעצקי, מענדעלי און שלום עליכם, האָט מען שעווטשענקאָס לידער, קאָטליאַרעווסקיס און וויניטשענקאָס פּיעסן און דערציילונגען געמוזט אַריינפירן אַלס קאָנטראַבאַנד פון מזרח־גאַליציע.

דאָס אייגענע איז געווען בנוגע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען אין דער אוקראַינישער שפּראַך. איך געדענק ווי אין די „פרייהייטס־טעג" פון 1905, האָט אַן אוקראַינישער סאָציאַליסט באַוויזן אַ העלדישקייט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע אין אָדע־סער אוניווערזיטעט; ער האָט פון דער טריבונע אַראָפּ געהאַלטן אַ רע ע אין אוקראַיניש, בעת אַרויסטרעטונגען אויף אידיש, זיינען אין גאַנץ רוסלאַנד געווען אַ געוויינלעכע זאַך. נאַטירלעך איז דאָס צו דער־קלערן דערמיט, וואָס די אידישע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען, רעלי־גיעזע און ציוניסטישע זיינען געווען אונטערגעשפּילט דער פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג, בעת דער בלויזער פאַקט פון אַן עפנט־לעכער אַרויסטרעטונג אין אוקראַיניש, איז שוין געווען אַ רעוואָלו־ציאָנערער אַרויסטריט קעגן דער רוסיפיקאַציע פון אוקראַינע.

אַ אידישע קינדער־שול, אַפילו אויף אידיש, האָט געקענט אָנגיין פאַר אַ רעליגיעזן חדר, אַן אוקראַינישע קינדער־שול אין אוקראַינע, איז געווען אַ חלום ווי פון יענער וועלט.

איצט ק ו ו י ט ע ו ו ע ט מען זיך אָפּ אין אוקראַינע. אַן אוקראַיניזאַציע גייט אַן אַ ברייטע און אַ טיפע, אַן אוקראַיניזאַצ ע פון די רוסיפיצירטע אוקראַינישע מאַסן. איך זאָג מאַסן, וואָרום נישט נאָר די אינטעל גענץ און די שטאַטישע אַרבעטערשאַפט איז געווען רוסי־פיצירט, נאָר אַפילו די דאָרפישע פויערים, וואָס האָבן באַזוכט אַ „צערקאָוונע־פּריכאָדסקע שקאָלע" (אַ קירכלעכע שול ביי דער דאָרפי־

שער קהילה), האבן שוין אין זייער געשפרעך אנגעהויבן באנוצן רוּ־
סישע ווערטער און אפילו געאינטעליגענטעוועט אויף אוקראיניש אק־
צענטירטן רוסיש.

אזוי ווייט זיינען שוין די מאסן געווען רוסיפיצירט און נאך
היינט, אז זיי האבן געקוקט אויף אוקראיניש — בפרט אויף דעם או־
קראיניש, וואס ווערט אויסגעארבעט אין דער קיעווער אקאדעמיע מיט
דעם נאציאנאליסטישן פראפעסאר גרושעווסקי אין דער שפיץ, וועל־
כע נעמט אלס מוסטער די פארפוילישטע שפראך פון די רוטענער אין
גאליציע, כדי צו זיין וואס ווייטער פון רוסיש — ווי א תרגום לשון;
וואס איז דאס פאר א ווארט „האליארניא", למשל, אדער „פערוקאר־
ניא", אז די אוקראאינער אין רוסלאנד האבן גאר געהאט אויף זייער
ארט די ווערטער „ציליורניא" און „פאריקמאכערסקא" (מיט א ווייכן
סאמעך). ווער שמועסט, די נייע אינטעליגענטישע ווערטער, אט די,
וואס דער אוקראאינער האט זיי פריער גענומען פון די רוסישע צייטונ־
גען, די האט ער נישט אנגעהויבן צו פארשטיין.

בעת איך בין געווען אין אדעס, איז די גרעסטע אדעסער צײ־
טונג, די „אדעסקיא איזוועסטיא" וואס איז ביז דעמאלט דערשינען
אין רוסיש, איבערגעגאנגען אויף אוקראאיניש אונטערן נאמען „טשער־
נאמארסקא קאמונא" און מיר איז אויסגעקומען צו הערן א סך טענות
קעגן דעם. איך רעד שוין נישט פון די טענות פון די אדעסער אידן,
וואס זיינען נישט קראנק צו לייענען א אידישע צייטונג — פאראן
אין אדעס „דער אדעסער ארבעטער" וואס דערשיינט וועכנטלעך און
וואלט געקענט ווערן א טעגלעכע אידישע צייטונג — נאר פון או־
קראאינער גופא. זיצט אין צוג א פויערטע מיט א צייטונג אין האנט און
קלאגט זיך: ס'שווינדלט איר פאר די אויגן, זי האט זיך שוין צוגע־
וואוינט לייענען א צייטונג און קען שוין אן איר נישט אויסקומען און
איצט, כאטשע נעם און ווארף אוועק...

נאר, וואס טוט דען נישט אויף די עקשנות און דער אויסדויער
פון די קאמוניסטן! די פויערטע וואס האט זיך צוגעוואוינט לייענען
אויף רוסיש, וועט זיך צוגעוואוינען לייענען אויף אוקראאיניש און וועט
אפילו שפעטער אויסגעפינען, אז ס'איז איר נעענטער. ס'איז אויך
אמת, אז ס'שטעקט אין דעם רוסיש פון די אוקראאינער א סך סנא־

ביזם און די אוקראַינישע ראַטנמאַכט ווייל אַט דעם סנאָביזם אויס־ראָטן, מאַכן דעם עולם נאַטירלעכער, נענטער צו זיך אַליין; דער סנאָ־ביזם איז אַ קראַנקייט וואָס איז געפערלעך נישט נאָר פאַר דער קולטור פונעם פאָלק, נאָר טראָגט זיך אויך איבער מיט געפערלעכע קאָנסעק־ווענצן אויף דער עקאָנאָמיק. אין דער עקאָנאָמיק ווי אין דער קולטור, דאָס פאָלק זיין געטריי צו זיינע קלאַסן און שטאַנד אינטערעסן.

אגב, מכוח רוסיש־סנאָביזם, וועלכע איז אַ גרויסע מכה, אַ מכה פון פוסטקייט, ביי אידן און אויך ביי אידישע אַרבעטער. און כאַרקאָ־ווער אידישע אַרבעטער שטייען נישט אָפּ דערין פון זאַריוועקער קרע־מערישע יונגעליים און באַרישניעס. איך גלויב ס'איז דאָ אין פּלאַץ צו דערציילן אַ פאַקט וואָס חבר סודאַרסקי האָט מיר דערציילט:

די פאַרוואַלטונג פונעם קלוב ביי דער שניידער־פאַבריק אויפן נאָ־מען פון טיניאַקאָוו, האָט אויסגעשריבן צען עקזעמפּליאַרן פון „שטערן". די אַרבעטער פון קלוב האָבן גענומען האָבן טענות: וואָס הייסט, מען האָדעוועט זיי נאָר מיט אידיש, זיי ווילן רוסיש; זיי ריידן דאָך רו־סיש, קומען זיך צונויף מיט רוסישע חברים...

— גוט — באַשליסט די פאַרוואַלטונג — איר וועט האָבן רו־סיש, און דערביי געמאַכט פאָלגנדן עקספּערימענט: אַ וואָך צייט, טאָג נאָך טאָג, איז אָנגעקומען אין קלוב דער זעלבער נומער רוסישע צייטונג: און קיין איינער פון די אידישע אַרבעטער האָט דאָס נישט באַמערקט.

די פאַרוואַלטונג האָט פאַררופן אַ פאַרזאַמלונג פון קלוב און האָט אויפגעדעקט איר שפּיצל:

— זעט — האָט דער פאָרזיצער געזאָגט מיט נצחון און מיט ווייטיק — דער „שטערן" פלעגט אויפן צווייטן טאָג זיין צעריבן אַזוי, אַז מען האָט אים קוים געקענט לייענען, ווייל איר האָט אים אַלע דורכ־געטאַפּט פון דער ערשטער ביז דער לעצטער שורה און ס'איז אייך געווען צום נוצן און די רוסישע צייטונג האָט איר אַפילו אין דער האַנט נישט גענומען אַ גאַנצע וואָך... שעמט אייך! סנאָב, פּוסטע גאווה, אַרויס פון די אידישע אַרבעטער....

צי ס'האָט געהאָלפן און אויף וויפל ס'האָט געהאָלפן, איז אַ באַ־זונדער זאַך, נאָר פון דעם פאַקט, איז קלאָר פון איין זייט די מכה און פון דער אַנדער זייט די רפואה.

דעריבער, ווען איר גייט איבער כארקאווער גאסן, לייענט איר פלאקאטן נאר אויף אוקראאיניש אדער אידיש, אין די שויפענצטער פון די בוכהאנדלונגען — און בוכהאנדלונגען זיינען דא פאראן זייער אסך, א סך מער ווי רעסטאראנען, וואס איר מוזט גיין ערגעץ זוכן — זעט איר ביי דער זייט פון אוקראאינישע אויסגאבן אויף די פאר־שידנסטע געביטן, אידישע און דייטשע אויסגאבן, אפילו א טאטע־רישן בוך, און פון רוסיש זעט איר בלויז די גאר וויכטיקסטע און באדייטנסטע, אפילו נישט די לוקסוס אויסגאבע פון לענינס געזאמלטע שריפטן, וועלכע זיינען שוין איבערגעזעצט אין אוקראאיניש; דעריבער איז אין די אוקראאינישע, אין די אידישע, אין די דייטשע שולן, די רוסישע שפראך בלויז א למוד און נישט ווי פריער, די אונטערריכטס שפראך; דעריבער איז די ערשטע פאדערונג פון אן אנגעשטעלטן אין א אוקראאינישן אנשטאלט ער זאל קענען ריידן און שרייבן אוקראאיניש; דעריבער איז עס א פאדערונג פון דער קאמוניסטישער פארטיי אין אוקראאינע, אז אירע מיטגלידער זאלן קענען ריידן און שרייבן אוק־ראאיניש, כדי צו שטיין אין נאנטן קאנטאקט מיט די אוקראאינישע מאסן. ערשטנס באדינען זיי אויף זייער מוטערשפראך, חבריש, ברידערלעך און נישט ווי א פרעמדער, ערגעץ אין דער הויך, פון די גרוים־רוסישע כפערן אראפגעקומענער אדער אראפגעשיקטער; צווייטנס, כדי אליין צוגעוואוינען זיך צו נאטירלעכקייט און צו פשטות, כדי נישט אריינ־צופאלן אין גאוההדיקער פראזנקלינגעריי און פוסטער אינטעליגענטיש־קייט.

איז אט זיינען מיר אין דער הויפטשטאט פון דער אוקראאינישער מלוכה און פון דעם אוקראאינישן א ו ן א ו י ך א י ד י ש ן מלוכה־לעבן און מיר באקענען זיך מיט אירע אינסטיטוציעס. אויף צו באקענען זיך מיט די אלגעמיינע אוקראאינישע מלוכהשע און געזעל־שאפטלעכע אינסטיטוציעס, האבן מיר פשוט קיין צייט נישט, באקע־נען מיר זיך מיט די אידישע: דער „אוקרקאמערד", דער „אוקרגעזערד", דער „אוקרגעזקולט", דער מלוכה־פארלאג און דער „שטערן", וועלכער איז אויך אין עצם נישט א צייטונג, אין דעם זין ווי מיר זיינען גע־וואוינט צו זען, נישט א צייטונג וואס איר איינציקע אויפגאבע איז צו געבן נייס די לעזער, צו קאמענטירן פאר זיי די נייס און צו אונטער־

האַלטן זיי מיט לעזע־שטאַף אָדער אפילו פאַר פּראָפּאַגאַנדע און אַגי־טאַציע, נאָר אַ ברייט פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציע פון קאָרעספּאָנדענ־טן, ארבקאָרן (ארבעטער קאָרעספּאָנדענטן), דאָרפקאָרן (דאָרפישע קאָרעספּאָנדענטן), וואָס באַריכטן אין דער עפנטלעכקייט וועגן אָרטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן אויף וויפל די אָדער יענער פאַבריק אָדער אונ־טערנעמונג, שטעטל אָדער דאָרף, רופט זיך אָפּ אויף די לאָזונגען פון דער ראַטנמאַכט אויף דעם סאָציאַליסטישן געוועט, אויף די איבער־לעבע הלוואות א. א. וו. וועלכע זיינען די רעזולטאַטן פון דער קאָ־לעקטיוויזאַציע, פון דער פּאַרטיי־רייניקונג... און דורך דעם מעסט מען די דערגרייכונגען. די קאָרעספּאָנדענטן מעלדן וועגן עוולות וואָס די באַמעכטיקטע באַגייען, וועגן אומנאָרמאַלקייטן, וועגן פאַלשער, נישט פּראָלעטאַרישער באַציאונג צו די ארבעטער און גוטברודערשאַפט מיט די באַלעגופים, און זייערע מעלדונגען ווערן איבערגעשיקט צום אויספאָרשן דער „ארבעטער און פּויערים אינספּעקציע". „אוקרקאָמ־ערד" איז אין אוקראַינישן מלוכה מאַסשטאַב דאָס וואָס דער „קאָמערד" בכלל אין אַלפאַרבאַנדישן. ער קאָנטראָלירט די אידישע באַזעצונגס־ארבעט אין אוקראַינע, איז אין קאָנטאַקט מיט דעם אַלגעמיינעם באַ־זעצונגס־אַפּאַראַט, מיט די אַנדערע מלוכה־אַפּאַראַטן וואָס האָבן צו טאָן מיט דער ערד, מיט דער פאַרטיילונג, מיט דער ווירטשאַפט, האָט זיינע פאַרשטייער אויף די ערטער א. א. וו.

דער „אוקרגעזערד" איז די אָפּטיילונג פון „געזערד" אויף אוק־ראַינע. ער אָרגאַניזירט זיינע קעמערלעך אין די שטעט און שטעטלעך, אין די פאַבריקן און אין די דערפער; אָרגאַניזירט דעלעגאַציעס פון די פאַבריקן אין די קאָלאָניעס, פירט אריין אידישע ארבעטער אין די פאַבריקן, אָרגאַניזירט אידישע פאַבריקן, וואו מען קען.

דער „געזקולט" באַדינט די אידישע ישובים מיט קולטור־אַנ־שטאַלטן, ביבליאָטעקן, לייענשטיבלעך א. א. וו. דער אידישער מלוכה־פאַרלאַג גיט ארויס אין כאַרקאָוו דעם „שטערן", די פאַרשידענע אי־דישע זשורנאַלן און זאַמל־ביכער, ליטעראַרישע און פאַכאָווע, די ווערק פון אידישע שרייבער, לערביכער, פּאָליטישע ליטעראַטור, פּראָפּאַ־גאַנדע־בראָשורן א. א.

אין כאַרקאָוו מאַכן מיר עטלעכע וויכטיקע באַזוכן אין פאַבריקן;

וויכטיק דערמיט וואָס זיי באַווייזן דעם פּראָצעס פֿון דער אינדוסטריאַליזאַציע און קאָלעקטיוויזאַציע צווישן אידן. אָט איז די פֿריער דערמאָנטע שניידער־פֿאַבריק אויפֿן נאָמען פֿון חבר טיניאַקאָוו. איר געשיכטע איז אַ מערקווירדיקע און אַ שנעלע: אין 1920 האָבן זיך צוזאַמענגענומען עטלעכע כאַרקאָווער שניידער באַלעבאַטים, וועלכע האָבן נישט געקענט באַקומען קיין שטאָף צו דער אַרבעט און זיך געגרינדעט אַלס אַרטעל, וואָס האָט באַקומען שטאָף פֿון דער מלוכה. זיי האָבן צונויפֿגעבראַכט אין איין שטוב זייערע ניי־מאַשינען, זייערע פּרעס־אייזנס מיט זייערע שערן, די פֿינגערהוטן און נאָדלען און גענומען נייען מלבושים אויפֿן מאַרק פֿון דעם באַקומענעם שטאָף. שוין אויף אַזאַ אופֿן אַרבעטנדיק, מיט זייערע פּרימיטיווע ניי־מאַשינען און פּרעס־אייזנס, האָט זיך זייער פּראָדוקציע פֿאַרגרעסערט און פֿאַרגרעסערט האָט זיך אויך דער מאַרק פֿאַר זייער סחורה. זיי האָבן באַקומען אַ נייעם גרויסן סחורה־אָפּנעמער — דער מלוכהשער קאָאָפּעראַטיוו, נאָר זיי קענען אים נישט באַפֿרידיקן מיט די קליינע מיטלען וואָס זיי האָבן. און דאָ קומט זיי אונטער דער גרויסער אָפּנעמער מיט אַ גרויסן פּלאַן: ער שרייבט אויס מאָדערנע מאַשינען פֿון אַמעריקע, אַ אינסטרוקטאָר, וואָס זאָל אָרגאַניזירן די אַרבעט אין אַ גרויסער ליכטיקער געביידע, מיט סקלאַדן פֿאַר דער סחורה, מיט פֿאַרשידענע אָפּטיילונגען, פֿאַר צושניידער באַזונדער, פֿאַר רעקלעך באַזונדער, פֿאַר הויזנס באַזונדער, זשילעטן באַזונדער. ער שטעלט זיי צו סחורה און זיי דאַרפֿן זיך נישט דרייען דעם קאָפּ. זיי וועלן אַרבעטן אַכט שעה, שפּעטער בלויז זיבן, און וועלן באַקומען אַ גוטן געהאַלט. און אָט אַזוי איז געוואָרן פֿון די צעזייטע און צעשפּרייטע טאַנדייטניקעס אַן אַרטעל און פֿון דעם אַרטעל אַ פֿאַבריק, אויף וועלכער עס אַרבעטן איצט ביי דריי טויזנט אַרבעטער און גיבן אַרויס דורכן יאָר: 10.700 ווינטערדיקע דאַמען־אויבערציער, 13·600 זומערדיקע, 24.000 מענערשע, 30.000 מענער רעק, 20.000 הויזנס א. א.

אַן ענלעכן פּראָצעס האָט דורכגעמאַכט די שוך־פֿאַבריק אויפֿן נאָמען פֿון קאַהאַנאָוויטש. איך האָב מיך אויף דער דאָזיקער פֿאַבריק צוגעאיילט, איך האָב געמוזט מיט אַ שעה שפּעטער אָפּפֿאָרן, כאָטש דעם אָוונט איז פֿאָרגעקומען אַ פֿייערלעכע דערעפֿנונג פֿון איר נייער

געביידע, וואָס איך האָב באַזוכט. און איך וואָלט זיכער מער דער־וואוסט זיך וועגן איר. ווי גרויס עס איז די צאָל אויסגעאַרבעטע שיך אויף דער פאַבריק, האָב איך נישט פאַרצייכנט, נאָר גענוג איז צו זאָגן, אַז זי באַשטייט פון אַ דריי גאָרנדיקער געביידע, וועלכע ציט זיך ווי אַ קאַסטן אַרום אַ ברייטן הויף פאַר די פאַרוויילונגען און געזעלשאַפט־לעכע אַקטן פון אירע אַרבעטער און אַז אין איר איז איינגעפירט דאָס קאָנוויייער־סיסטעם, פאַסן וואָס פירן די פּאָר שיך פון איין מאַ־שין צו דער צווייטער. ערגעץ האָב איך נאָך מיט זיך ביי מיר ליגן הילצערנע און שטאָלענע פלעקלעך, וואָס מאַשינען מאַכן אַליין און קלאַפּן זיי אויפן שטעל אַריין אין די שיך.

די פאַבריק „סערף אי מאַלאַט", וואָס אַרבעט פאַרשידענע אַגראַר מאַשינען, באַשטייט פון 3 טויזנט אַרבעטער. צווישן זיי 300 אי־דישע. זי איז איינגעאָרדנט אויפן פּלאַץ פון אַן אַלטער פאַבריק, וואָס האָט זיך גערופן פאַבריק פון אַגראַר־מאַשינען און אין דער אמתן פלעגט זי בלויז פאַרריכטן אַלטע דייטשע מאַשינען. איצט מאַכט די פאַבריק אַליין די אַלע מאַשינען, אונטער דער אויפזיכט פון אַ יונגן אידישן אינזשעניער, וואָס האָט פריער געאַרבעט אין דעם פאַך אין דייטשלאַנד. אויך דאָ ווערט געאַרבעט מיט דעם קאָנוויייער־סיסטעם און די פּראָדוקציע איז לויט די רייד פונעם אינזשעניער, אַ קאָלאָסאַלע. מיר האָבן אויסגעשפּאַנט אַלע אָפּטיילונגען און דאָ האָבן מיר בכלל געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט אַ רוסישער פאַבריק. געקומען זיינען מיר אין צייט פון עסן, זומער־צייט עסן די אַרבעטער אויף דער פרייער לופט, באַדינענדיק זיך מיט דעם בופעט וואָס איז דאָרט איינגעאָרדנט. דערצו זיינען געמאַכט לאַנגע טישן און בענק. אין דער זעלבער צייט קומט פאָר אַ פאַרזאַמלונג. עס האַנדלט זיך וועגן די אָבליגאַציעס פון דער דריטער מלוכה־הלוואה. פאַראַן אַ טייל וואָס מיינען, אַז די אָבליגאַציעס קענען אַריינגעטראָגן ווערן אין בוי־פאָנד פון די אַרבעטער־הייזער, כדי אַזוי אַרום וואָס שנעלער צו לייזן דעם דירה־קריזיס וואָס הערשט אין כאַרקאָוו. אַנדערע מיינען, אַז אויב מען האָט געגעבן דער מלוכה אַ הלוואה, איז נישט רעכט אַליין צו פאַרטון דאָס געלט. מיר קומען אָן, ווערט די פאַרזאַמלונג איבערגע־ריסן, דער פאָרזיצער מעלדעט, אַז געסט זיינען געקומען, ווייטע, חשו־

בע געסט, אַזש פון אַרגענטינע אין דרום־אַמעריקע, פאָרשטייער פון „פראָקאָר", אַ שוועסטער־אָרגאַניזאַציע פון „אָזעט" און ער בעט ביים עולם רשות היים צו באַגריסן אונדז און ווינטשן אונדז דערפאָלג. ער שטעלט אונדז פאָר ביי די נעמען און דערקלערט אונדז, אַז ביי זיי אויף דער פאַבריק איז פאַראַן אַ קעמערל פון „אָזעט", אין וועלכן עס זיינען דערוויילע פאַרשריבן 30 פראָצענט פון אַלע אַרבעטער, נאָר ער האָפט, אַז קיין שום אַרבעטער וועט נישט בלייבן אינדרויסן פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס העלפט די אידן איבערצוגיין פון קרעמעריי צו ערד־אַרבעט. חבר שליפער, אַלס אונדזער סעקרעטאַר און אַלס דער בעסטער רוסיש־רעדנער ענטפערט און גייט אַריין אין דער ראָל. ער ווערט אַליין באַגייסטערט און באַגייסטערט די אַרומיקע מיט אַ וואַרימער און האַרציקער רעדע. באַזוכנדיק די אָפּטיילונגען פון דער פאַבריק, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף אַ זייער אינטערעסאַנטן מין אַרבעטער, אויף בלינדע אַרבעטער, בלינדע ממש, וואָס טוען זייער אַרבעט טאַפּנדיק מיט די הענט. זיי קלאַפּן אָן דראָטענע רעשעטקעס אויף הילצערנע רעמלעך און אַזוי שנעל, ווי זעענדיקע און נאָך שנעלער, ווי דער אינזשעניער האָט אונדז דערקלערט, מחמת זייער אויפמערקזאַמקייט ווערט נישט אָפּגעווענדט אויף עפּעס אַנדערש.

פאַראַן נאָך אַזוי פיל פאַבריקן אין כאַרקאָוו צו באַזוכן און אַלע זייער וויכטיקע, נאָר מיר האָבן אַזוי ווייניק צייט און אַזוי פיל ספּעציעלעס, וואָס האָט אַ שייכות צו אונדזער מיסיע.

## 10

אויף אונדזער וועג טרעפן מיר זיך אָן מיט אינדזלען פון נייעם אידישן לעבן, וואָס מיר האָבן פריער פון זיי נישט געוואוסט, פּשוט, מחמת מען פויקט נישט וועגן זיי אין די טאַצן פון אידישער נאַציאָנאַלער דערלייזונג און מען בלאָזט נישט וועגן זיי אין די שופרות של משיח אויף אַלע תפוצות ישראל.

אַזאַ איבעראַשונג איז פאַר מיר, למשל, געווען מיין באַגעגעניש אין מאָסקווער מוזיי פון דער רעוואָלוציע מיט אַ אידישן יונגערמאַן, אַ קאָלאָניסט פון אָמסקער קרייז. ער האָט גראָד געזען ווי איך שרייב

אַריין אין באַזוכער־בוך מיינע איינדרוקן פונעם מוזיי אין אידיש און שרייב מיך אונטער: דעלעגאַט פון „פּראָקאָר" אין אַרגענטינע, און מיך געפרעגט אויב איך וועל נישט זיין אין סיביר. ער מיינט, אַז פאַר מיר וואָלט זייער אינטערעסאַנט געווען צו באַזוכן די אידישע קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן, וואָס זיינען דאָרט פאַראַן. ביי זיי אין אָמסקער קרייז גופא זיינען פאַראַן דריי אידישע קאָלווירטן געגרינדעט פונעם „געזערד": די עלטסטע פון זיי רופט זיך „גלייכהייט" (פריער שער־מאַן, אויפן נאָמען פון איר גרינדער) וואָס באַשטייט פון 90 הויפן; אַ צווייטע, וואָס רופט זיך „1־טער מיי", באַשטייט פון 30 הויפן און די דריטע, נישט לאַנג ערשט געגרינדעט, „זאָלאָטאַיאַ ניוואַ", באַשטייט פון 13 הויפן.

און אָט איז פאַר מיר אַ צווייטע איבעראַשונג: אין כאַרקאָוו גופא, אַרויס דער שטאָט, זיינען פאַראַן צוויי אידישע קאָלעקטיווע אַגראַר־ווירטשאַפטן.

אין איינער פון זיי, „רויטער שטערן" האָבן מיר געמאַכט אַ באַזוך. עס האָט אונז געפירט אַהין דער חבר סלוטשעווסקי, איינער פון די טיכטיקסטע טוער אין „אוקרגעזערד". די ווירטשאַפט באַשטייט פון עטלעכע און דרייסיק אַרבעטנדיקע מיטגלידער, צווישן זיי פיר אוקראַינער, וואָס זיינען אַהער איבערגעגאַנגען אַרבעטן צוזאַמען מיט די אידישע חברים, מיט וועלכע זיי האָבן אויך פריער געאַרבעט אַלס באַטראַקעס.

די הויפּט־אַרבעט פונעם קאָלעקטיוו איז מילכיקס; ער שטעלט צו זיבן קעז דעם כאַרקאָווער „מאָלאָטשאַרסאָיוז" (פאַראייניקונג פון מילכיקס־אויסאַרבעטער) וואָס שפּייזט כאַרקאָוו מיט מילכיקס.

בעת מיר זיינען אָנגעקומען איז נאָך געווען פרי און די אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג האָבן מיר נישט געטראָפן אויפן ישוב. אייניקע זיינען פאַרנומען אין פעלד (דער קאָלעקטיוו זייעט אויך עטלעכע צענדליק העקטאַר ווייץ, נאָר מערסטנס ליוצערנע און סודאַן־גראָז פאַר בהמות) און אייניקע זיינען נאָך אינדערפרי אוועק ברענגען נייע 22 קי, וואָס דער קאָלעקטיוו האָט צוגעקויפט.

מיר זיינען דערווייל אוועק באַקוקן דעם ישוב. ער געפינט זיך אויף אַ זעלטן שיינעם פּלאַץ, באַהאַלטן אין אַ פאַרטיפונג צווישן

װאַלד אויף אַ באַרג. אַן אַמאָליקע פּריצישע „אוסאַדבע".

דורכן װאַלד און איבער לײוצערנע, װאָס אונדזער מאַזעסװילער קאָלאָניסט באַטאַפּט און באַשמעקט מיט אַ באַזונדערן אַפּעטיט און מבינות, לאָזן מיר זיך איבער אַ שמאָלן װעג צו דער „ליכטפאַבריק". דאָס איז אַ הױף מיט געביידעס, װאו פריער איז געװען אַ פאַבריק פון קלױסטער־ליכט. דער הױף איז באַשטימט פאַר דעם קאָלעקטיװ, דאָרט אײנצואָרדנען די מעלקעריי און די קעז־אױסאַרבעטונג. דערװײל װאױנען נאָך דאָרט אײניקע פון די פריערדיקע באַװאױנער, די „פּראָ־לעטאַריער", מחמת ס'איז נישטאָ װאו זיי אַריבערצופירן: (אַ גרויסער מאַנגל אין דירות אין כאַרקאָװ, כאָטש מען האַלט אין אײן בויען, און אײנע אַ געביידע, אַ נײַע און אַ מאָדערנע האָבן מיר דאָרט געזען, װאָס נישט די אַמעריקאַנער װאָלקנקראַצער קענען זיך צו איר גלייכן, נישט אַזוי אין דער הויך װי אין דער ברייט, אינעם פאַרנעם. דאָס איז דאָס הויז פון דער אינדוסטריע, באַשטימט פאַר די פאַרשידנסטע ביו־ראָען, װאָס פאַרנעמען פיל כאַרקאָװער דירות, און לעבן דער געביידע אַ צװײטע אַזאַ, מיט אַרבעטער־װאױנונגען און פאַר אַט דער געביידע אַ גרויסן ליידיקן פּלאַץ װאו מען טרעט צו אויפצושטעלן נאָך אײן געביידע אַזעלכע).

װען מיר קומען צוריק, איז שוין פאַראַן דער פאַרװאַלטער, אַ יונגערמאַן מיט אַן ענערגישן פּנים, אַ פאַרהאַרטעװעטער אויף ערד־אַרבעט. געװען ערגעץ אַן עקאָנאָם אין אַ פּריצישן גוט און שפּע־טער אַליין געאַרבעט בשותפות מיט אוקראַאינער. אַזעלכע יונגעלייט און עלטערע אידן האָבן מיר שפּעטער באַגעגנט כמעט אין אַלע נײַע אי־דישע ישובים. דאָס זיינען געװען פּאַסעסאָרס, אַרענדאַטאָרס, פּריצישע עקאָנאָמען, װאָס מען באַזעצט ספּעציעל אַלס אינסטרוקטאָרן פאַר די נײַע, אַלס ביישפּיל־װירטן, אַלס עלצטע אַרבעטער בעת די קאָלעקטיװע אַרבעטן, ביים אַקערן, זייען און שניידן.

מיר קומען אַריין אין דער פאַרװאַלטונג. אַ צימער אין דעם שטיבל, װאָס ער פאַרנעמט צוזאַמען מיט אַ צװייטער פאַמיליע, אַ טיש אין מיטן צימער מיט איין באַנקל, נאָר די װענט זיינען באַהאַנגען מיט רשימות, מיט בילאַנסן, מיט לאָזונגען, און דער פאַרװאַלטער נעמט אונדז דערציילן װעגן דער גרינדונג און כאַראַקטער פון דער װירטשאַפט.

— אַלץ וואָס איר זעט איז קרעדיט פון „געזערד" און פון דער מלוכה. געקומען זיינען מיר אַהער און געאַרבעט, געאַקערט, געגראָבן און גוט פאַרדינט דאָס טרוקענע ברויט וואָס מיר האָבן געגעסן. איצט נעמט אַרויס יעדער פון אונז צו צוויי רובל אַ טאָג אויף אויסהאַלט, מיר קויפן צו אַלץ נייע בהמות. איצט פּלאַנעווען מיר איינצופירן אַן אַלגעמיינע קיך, כדי די פרויען זאָלן פרייער זיין צו דער קאָלעקטיווער אַרבעט. די ציפערן וואָס ער האָט דעמאָנסטרירט פון בוך אַרויס, האָב איך גראָד נישט פאַרצייכנט, נאָר איך געדענק דעם אונטערשטן ס"ה, זיי זיינען נאָך שולדיק אַ פופצן טויזנט רובל דער מלוכה, נישט רעד־בענענדיק, פאַרשטייט זיך, די ערד, וועלכע האָט קיין פּרייז נישט, מחמת זי איז פריי פאַר דעם וואָס באַאַרבעט זי.

אַז מיר זיינען אַרויסגעקומען פון דער פאַרוואַלטונג, האָבן שוין אָנגעהויבן אָנקומען די אַרבעטער און אַרבעטערקעס. מיר באַקאָנען זיך, מיר פרעגן פון וואַנען ווער עס איז. אַ יונגער מענטש, נאָר מיט אַ גרויען קאָפּ, אַ קרעמער געווען... וואָס איז דאָ צו שעמען זיך, אַזוי ווי אַלע אידן. אָפּגעקרעמערט די יונגע יאָרן, געמיינט ס'איז גאָר קיין העכערס און קיין פיינערס נישטאָ. און איצט, אַז איך קוק אויף צוריק, דוכט זיך מיר אַ בעטלער געווען, אַ נידעריקע בריאה... איך דערפיל, ווי ביי דעם גרוי געוואָרענעם יונגן מענטשן פאַרפעלט אָטעם. יאָ, ער האָט זיך אָפּגעקערט. טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן.

מיידלעך, באַלעבאַטישע טעכטער, וואָס האָבן פריער ביי זיך אין שטעטל אויף אַ ניי־מאַשין אויסגעאַרבעט גדן פאַר דעם באַלעבאַטישן יונגן מאַן, וואָס וועט זיי אַריינזעצן אין אַ קראָם פאַר אַ באַלעבאָסטע, וואַשן זיך איצט די הענט פון דער אַרבעט ביים קעז מאַכן.

אָט זיינען שוין די קי, די נייע 22 קי, מען פאַרטרייבט זיי אין הויף. אַנדערע זיינען נישט געהאַרכזאַם, קרעפּטיקע הענט כאַפּן זיי פאַר די הערנער, און אָט איז אַן אַלטער איד מיט אַ גרוי אַרומגעשוירן בערדל. מען האָט אים שוין דערציילט אויפן וועג אַז ס'זיינען פאַראַן נעסט, דעלעגאַטן פון אַרגענטינע.

— פון אַרגענטינע? — פרעגט ער און שטעקט אַריין אַ שלום עליכם. — איך האָב אַ טאָכטער אין ווויניפּעג, ס'איז ווייט פון אייך?

— פעטער מיר ווילן אייך פאָטאָגראַפירן.

— מיטן גרעסטן פארגעניגן. — און ער שטעלט זיך אוועק מיטן גרויסן שטעקן מיט וועלכן ער האט געטריבן די בהמות. — ניין, אט דא — כאפט ער זיך — אט דא לעבן די בהמות און דערציילט דארט, שרייבט דארט אריין אין די ארגענטינגער גאזעטן, אז ס׳איז א איד וואס האט געהאט א גרויס געשעפט, האט געהאט א שטאט אין מזרח־וואנט און די פעטסטע שטיקער תורה באקומען אין שיל, היינט איז דער אלטער, ווי איר קוקט מיך אן, פריילעך ווי א קליין אינגל. וואס איז מיר מזרח און וואס איז מיר, שישי? וואס האב איך אמאל געוואוסט פון דעם פארגעניגן צו שפאנען א בארוועסער אויף דער צוגעטריקנטער בלאטע און פאשען בהמות אין פעלד! דערציילט דארט, אז איך בין א פאסטוך און, לעבן זאלן די באלשעוויקעס!...

ניין, מיר זיינען נישט פארפאלן — האב איך מיך פארטראכט — שעמען זיך ביז טרערן, מיט זייער קרעמערישער פארגאנגענהייט און אויב מיר האבן אזעלכע וואס שעמען זיך, ווי יענער גרויער יונגערמאן, אזעלכע אלטע „מיוחסים", וואס האבן אויף דער עלטער דערפילט דעם פארגעניגן פון טרעטן מיט בארוועסע פיס אויף צוגעטריקנטע בלאטע, איז גוט. מיט וויפל פארגרעסערטע האפנונגען ווארט איך צו זען די אידישע קאלאניעס. יענער מגושמדיקער, פעטסגעבויטער איד פון דער אלטער כערסאנער קאלאניע, וואס האט געהייסן גויים ארבעטן און אליין איז ער געפארן קיין ארגענטינע האנדלען מיט שניט־סחורה און חתונהמאכן זיין טאכטער פאר א „לייטישן מענטשן", איז די גאנצע צייט מיר געשטאנען ווי א מין מחיצה פאר די אויגן. דער באזוך אין דעם קאלעקטיוו, און די אידן וואס איך האב דא באגעגנט, האבן יענעם געוועזענעם קאלאניסט, וואס האט אויף דעם פרייען פעלד אזויפיל גע־זונט און ענערגיע אנגעזאמלט, כדי אויסצוברייננגען זי אין ארגענטינער „קוענטא", ווי מיט ווייזוך אויסגערויכערט. קוים וואס איך זע אים איצט, ווי א ווייט ווייט פינטעלע.

דער עולם האט זיך צוזאמענגעקליבן ארום אונדז. מיר שמועסן געמיטלעך און דא פאלט איין דעם חבר סלוטשעווסקי — א טיפ פון א רוסיש אידישן, קארפולענטן, גוטמוטיקן מענטש, א „דאבריאק", א סטודענט פון אדעסער אוניווערזיטעט אין די יארן פון דער ערשטער רוסישער רעוואלוציע, א ווארימער חבר און אויסגעקנאטן מיט הארע־

פּאשניקעס — צו מאכן א פאַרזאַמלונג. ער פילט, אַז אונדז ווילט זיך עפּעס זאָגן, ביי אים אַליין אויפן האַרצן איז אזוי וואַרים און אים אַליין ווילט זיך אויך עפּעס זאָגן אונדז אַלעמען, די געסט און די חברים און חברטעס פון קאָלעקטיוו.

מיר ריידן. עס ריידן חברים פונעם קאָלעקטיוו, דער גרויער יונגער־מאַן בעט זיך צום וואָרט און פּלאַצט אויס צום סוף, אַז ער איז גרייט און מיט דער גרעסטער פרייד וועט ער גיין צום פראָנט פאַרטיידיקן די סאָוועטישע מלוכה קעגן די כינעזישע באַנדיטן, קעגן די אימפּעריאַ־ליסטן און קעגן דער רעאַקציע פון דער גאַנצער וועלט...

עס רעדט איינער פון די אוקראַינער, וואָס אַרבעטן אין קאָלעק־טיוו זייט זיין גרינדונג: — וואָס קען איך זאָגן? — זאָגט ער, ווען מען רופט אים אויף צום וואָרט: — איך אַרבעט מיט די חברים שוין עטלעכע יאָר און מיר לעבן זיך זייער גוט. איך ווייס, מען רעדט וועגן אַנטיסעמיטיזם, איך ווייס נישט וואָס דאָס איז. מען זאָגט, אידן קענען נישט אַרבעטן, ס'איז אַ ליגן, אַנדערע אונזערע מעגן זיך גיין לערנען אַרבעטן ביי די אידן. און זייער גוט טוט די סאָוועטישע מאַכט וואָס זי גיט די אידן ערד צום אַרבעטן. זאָל מען זען און זאָל מען אויפהערן ריידן נאַרישקייטן. זאָל לעבן די סאָוועטישע מאַכט! עס רעדט דער פּאַרוואַלטער, און אַז ער רעדט, דערמאָנט זיך מיט דער חבר בומאַזש־ניע, אונדזער פאַרוואַלטער פון „די פרעסע": ער קען נישט ריידן אָן ציפערן. ער רעדט וועגן דער ווירטשאַפט און איר צוקונפט.

צום סוף נעמט דאָס וואָרט דער חבר סלוטשעווסקי, וועלכער האָט זיך היפּש צעוואַרימט. ער רעדט וועגן דער ווירטשאַפטס־פּאָליטיק פון נעם ראַטנפאַרבאַנד, וועגן דעם איבערבוי און אויפבוי, וועגן דער אי־דישער ערדבאַזעצונג, וועגן דער אויפריכטונג פון די אידישע דעקלאַ־סירטע מאַסן, ברענגט אַ ביישפּיל פון דעם ספּאָנטאַנעם אַרויסרוף ביי אַט דעם געוועזענעם קרעמער, צו גיין פאַרטיידיקן דעם ראַטנפאַרבאַנד אויפן פראָנט, וואָס אַזעלכס וואָלט בעת דער צאַרישער הערשאַפט באַטראַכט געוואָרן, פון זיין זייט, פאַר אַ משוגעת. ער פאַרענדיקט מיט דער אויסלענדישער פּאָליטיק, דער חוצפּהדיקער אָנפאַל פון די נאַנ־קינער גענעראַלן און שרייט אויס: די פּראָלעטאַרישע וועלט איז מיט אונדז!

די פארזאמלטע כאפן אונטער די ווערטער מיט דעם געזאנג פונעם אינטערנאציאנאל.

מען גרייט פאר אונדז דעם טיש, מיט מילך, מיט זיסן קעז און מיט היימיש געבאקן שווארץ ברויט און מען שפאנט שוין אויך די פורן פאר אונדז. ס'איז שוין שפעט אין דער נאכט.

אויף די פורן באגלייט אונדז די יוגנט ביז שאסיי, וואו מען זעצט זיך אויפן טראמוויי אין שטאט אריין. וואי נאר א אידיש פאלקס־ליד און ארבעטער־ליד ווערט דורכגעזונגען. א פאר מיידלעך ווייזן ארויס וואוילע שטימען. אין אן אנדער צייט, וואלטן זיי זיכער געחלומט וועגן א מוזיקאלישער קאריערע...

אין שטאט האבן מיר שפעט ביינאכט פארבראכט מיט די חברים אין גארטן. מארגן אין אוונט איז אונדזער אפיציעלער קבלת פנים, אין זאל פון דער סחורה־בירזשע (דאס איז די אינסטיטוציע, וואו עס ווערן אפגעשטעלט די טאג־פרייזן אויף די געברויך־ארטיקלען).

דעם טאג האבן מיר אויסגענוצט אויף די באזוכן, וועגן וועלכע איך האב שוין דערמאנט אין מיין פריערדיקן קאפיטל און האבן ביי־געוואוינט א ריזיקע מאניפעסטאציע פון כארקאווער פראלעטאריאט קעגן די געשעענישן אין כינע. די מאניפעסטאציע האט זיך קאנצענט־רירט אויפן טעוועליעוו פלאץ, וואו עס געפינט זיך דאס מלוכה הויז. שאצן די גרויס פון דער מאניפעסטאציע, איז נישט מעגלעך, מחמת דער עולם אויף דעם פלאץ האט זיך עטלעכע מאל געביטן. בעת א טייל פון דער מאניפעסטאציע איז שוין געשטאנען אויפן פלאץ און אויס־געהערט די רעדנער, האט זיך נאך מיט עטלעכע גאסן ווייטער געצויגן דער עולם אין געדיכטע רייען צום פלאץ. עס איז פול געווען מיט עולם דער ברייטער ראזא לוקסעמבורג פלאץ און מען האט אהין צוגעצויגן א דראט פון דער הויפט־טריבונע, צוגעשטעלט א הויכרעדער און דער עולם האט געהערט פעטראווסקין און אנדערע פארשטייער פון „וואו־ציק” (אלאוקראינישן צענטראלן אויספיר־קאמיטעט), פון דער פאר־טיי, פון די פראפפאראיינען, פון דער רויטער ארמיי, פון דער מיליץ.

דער אפיציעלער קבלת פנים אונדזער דעלעגאציע, האט דא גע־האט גאר אן אנדער פנים ווי אין מאסקווע און אויך גאר אן אנדער באדייטונג. דארט האט אונדז מקבל פנים געווען די פירערשאפט, דא

— די אויספירער, דער אייגנטלעכער אקטיוו פון דער אוקראאינישער „געזערד"־אָרגאַניזאַציע. פּאַרזיצער פון אַקט איז געווען סאָלאָוויאָוו (נישט קיין איד), וועלכער איז פּאַרזיצער פונעם אוקראַאינישן „געזערד". ער איז אַליין אַ פאַבריק־אַרבעטער און פאַרנעמט אין דער אוקראַאינישער מלוכה דעם פּאָסטן פון צווייטן פּאַרזיצער אין „וואוציק". ער איז אַן ענטוזיאַסטישער טוער אין געזערד און אַן ענטוזיאַסט בכלל. בעת דעם אויפנאַם פון אברהם רייזען אין כאַרקאָוו, האָט ער אים אָנגערופן דער אידישער גאָרקי. ער האָט געמיינט, פאַרשטייט זיך, אין דעם זין, וואָס ער האָט געשילדערט די מענטשן פון אַרבעט און נויט. אויב אין אַזאַ קורצער צייט פון אינטערנאַציאָנאַלן קורס אין דער געזערד־אַרבעט, איז דערגרייכט געוואָרן אַ פּראָצענט פון 29 ניט־אידן אין דער געזערד־מיטגלידערשאַפט, איז דאָס נישט ווינציק צו פאַרדאַנקען זיין איינפלוס און טעטיקייט. זיין געהילף אין דער אַרבעט איז דער חבר פינקלשטיין, אַ געוועזענער עסעסאָוועץ וואָס האָט זיך אינגאַנצן אַריינגעוואָרפן אין דער געזערד־אַרבעט. ער איז אויך איצט דער פּאַקטישער פּאַרזיצער פונעם אַקט, מהמת די זיצונג ווערט געפירט אין אידיש. סאָלאָוויאָוו פאַרשטייט אַפילו אידיש, נאָר ריידן קען ער נישט. סעקרעטאַר פונעם אַקט, איז חבר סלוטשעווסקי, וועלכן איך האָב אייך שוין אַביסל אָפּגעשילדערט. איך דאַרף אייך נאָר צוגעבן, אַז ער איז אַ יוריסט, איז באַלאָדן מיט פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן און אומעטום ספּראַוועט ער זיך.

בכלל וואָלט איך אייך דאָ געקענט שילדערן אַ ריי כאַרקאָווער טוער, העכסט אינטערעסאַנטע, אַ שאָד וואָס איך האָב זייערע נעמען נישט פאַרצייכנט. עס שטייט מיר פאַר די אויגן אויף דער זיצונג פון געזערד, אַ טיפּישער רוסיש־אידישער אידעאַליסטישער טוער פון עלטערן דור, מיט אַן אָפּגעלייגטער בלאָנדער באָרד, מיט גלעטנדיקע גוטע אויגן און ווייכע פּנים־שטריכן, וואָס רעדט רוסיש (אידיש פאַרשטייט ער ווייניק) און אַז ער רעדט ווערט ער אַליין באַגייסטערט פון זיינע רייד און פאַרפאַנטאַזירט זיך. און אָט איז אים אַנטקעגן אַ הייניטיקער טוער: אַ געגאָלטער קיילעכיקער קאָפּ, דאָס פּנים אויך געגאָלט, די אויגן שטרענגע און אַז ער זאָגט עפּעס איז עס ווי אָפּגעשניטן, ווי ער וואָלט דערביי געזאָגט: קוקט דער ווירקלעכקייט אין די אויגן, מאַכט אייך

גישט קיין אילוזיעס, דער חשבון דארף זיין א קלארער!... כאראקטע־ריסטיש איז, ווי ווייך פאטעריש עס ווענדט זיך דער עלטערער מיט זיין העלער באס־שטימע צו דער סעקרעטארקע, וואס שרייבט אויף דער מאשינקע: יעליזאוועטא אבראמאוונא — אדער ווי אזוי — זייט אזוי ליב און שטרייכט אונטער אינעם פראטאקאל מיינע ווערטער, וועגן דעם האלבן מיליאן, וואס איז נויטיק אויף קולטור־ארבעט און סאני־טארער הילף. אדער צו דער זיצונג: „פאמילויטע טאווארישטשי" (איר האט גיבער דערוואָרט פון אט דעם בלאנדן פאטריארך ער זאל זאגן א פאטרלעכן „גאספאדא") אויף וואס האבן מיר זיך אהער פארזאמלט, אויב איר וועט נעמען אזוי מעסטן?... און דער יונגער, גראד אויף אידיש: ס'איז דאך קלאר, איך בעט שטעלן צום אפשטימען און אי־בערגיין צום טאג־סדר. און אט איז אן עלטער פאבריק־מיידל, שוין לאנג אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג, אויף דער עלטער לערנט זי זיך אין ראבפאק, די פאבריק האט זי קאמאנדירט, זי פארטרעט דא איר פאבריק. פון אפטן ריידן אויף מאסןמיטינגען, האט זי זיך צוגעוואוינט שרייען, עמיצן איבערשרייען. שרייט זי אויך אין דעם קליינעם זיצונגסצימער: זי האלט מיט דעם חבר, וואס האט פריער גערעדט, נאר זי בעט אויסהערן אירע ארגומענטן; זי פארטרעט דא איר פאבריק און זי מוז ארויסטראגן דעם שטאנדפונקט פון אירע חברים...

נאר לאמיר צוריקגיין צום ענין: מיר ווערן פארגעשטעלט. מיר דערציילן וועגן אונדזער ארבעט אין ארגענטינע, וועגן דער סביבה, אין וועלכער מיר ארבעטן, וואס פאר א געזעלשאפטלעכע און דערציערישע ארבעט עס האט די פראקאר־ארגאניזאציע, אויף וועלכע סאציאלע עלע־מענטן דער פראקאר שטיצט זיך, דער ציל פון אונדזער נסיעה.

אונדזערע רעדעס ווערן אויפן שטעל איבערגעגעבן אין אוקראיניש דורך דעם חבר סלוטשעווסקי, אגב, מיט א זעלטענער פינקטלעכקייט, מיט א יורידישער פינקטלעכקייט, באמערקן אנדערע, און ווארפן אריין א ווארט וועגן זיין גוואלדיקן זכרון און ערודיציע.

עס באקומען ווערטער צום באגריסן פארשטייער פון פאבריקן: עסטערזאן — פון „סערפ און האמער", ליטוואק — פון דער בערשטער

פאבריק, איזראילעווע — פון דער ניי־פאבריק אויפן נאמען פון טי־ניאקאוו א. א.

עס רעדט דערנאך דער וויצע־פארזיצער פינקלשטיין. ער זאגט, אז די דעלעגאציע פון ארגענטינע וועט נישט נאר פארשטארקן די ארבעט פון „פראקאר", צוליב וואס זי איז אייגנטלעך געשיקט געווארן, נאר אויך די ארבעט פון „געזערד" וועט זי פארשטארקן, ווייל אין דעם פאקט וואס די ארבעט ווערט אפגעשאצט ווי געהעריק אין איר גאנצער גרויס און פארנעם, איז פאראן א סטימול, און די חברים פון ארגענטינע האבן באוויזן, אז זיי שאצן אפ די היסטארישע ארבעט. ער רעדט וועגן דער נישט מעגלעכקייט צו קאלאניזירן ערגעץ אנדערש, נעמט אלס ביישפיל ארגענטינע, לויט דעם באריכט פון דעם קאלא־ניסטישן דעלעגאט פון ארגענטינע. ער רעדט וועגן די אויפטואונגען פון געזערד אויף דעם געביט פון דער אידישער קאלאניזאציע און אינדוסטריאליזאציע און מאכט צום סוף א פארשלאג, אז דער „אוקר־געזערד" זאל די מיטגלידער פון דער דעלעגאציע איינשרייבן אלס זיי־נע ערנמיטגלידער. סאלאוויאוו האט דאס לעצטעווארט. דער „אוקרא־זעט" — זאגט ער — איז א קליינער אינטערנאציאנאל.

„עס איז אן אינטערנאציאנאלע ארגאניזאציע מיט אפטיילונגען אויף אלע פאבריקן, צווישן די פראלעטאריער פון אלע נאציעס, אויף צו העלפן דער געפלאגטער אידישער נאציע (א דונער פון אפלאדיס־מענטן באפט אונטער זיינע ערשטע ווערטער, וואס באווייזן זיין איי־גענע באציאונג צו דער ארבעט, וואס ער טוט און אויף וועלכן וועג ער פירט זי). מיט דער דאזיקער אינטערנאציאנאלער ארבעט, זיינען מיר אויסן צוויי זאכן: פון איין זייט געזונט מאכן, די פעלקער גופא, צווישן וועלכע עס האט זיך איינגעגראבן ווי א ווארים די אנטיסעמי־טישע קרענק, וואס שטערט זיי אליין צו דערהויבן זיך צום סאציא־ליסטישן פארשטאנד און צו דער סאציאליסטישער בויאונג, און פון דער צווייטער זייט, אדער פארקערט, ווייל אלץ איז ביי אונדז פון דער זעלביקער וויכטיקייט, פעאיק מאכן און אריינציען ס'גאנצע אי־דישע פאלק אין דער סאציאליסטישער בויאונג".

אין דעם זין, האט ער גערעדט וועגן די דערגרייכונגען, וואס זיי־נען אויף דעם וועג שוין געמאכט געווארן: די קאלאניזאציע און אינ־

דזסטריאַליזאַציע פון די אידן און דאָס אריינציען די נישט־אידישע אַרבעטער און פויערים אינעם „אָזעט״, באַקעמפנדיק דערמיט די אַל־טע אַנטיסעמיטישע לעגענדעס, מיט וועלכע עס נוצן זיך אויס די רעאַקציאָנערן, פּאָגראָמטשיקעס און קאָנטררעוואָלוציאָנערן פון אַלע צייטן און פון אַלע לענדער...

דעם אָוונט האָבן געוואַרט אויף מיר חברים: ל. קוויטקאָ, מיט וועלכן מיר האָבן זיך אויסגערעכנט צו זיין גאָר נאָנט, ווייל זיינער אַ ברודער, מאיר קוויטקאָ, אַ מאָלער, געשטאָרבן פון שווינדזוכט, איז געווען מיין אינטימער חבר אין די יונגע אָדעסער יאָרן; משה פּינ־טשעווסקי און זיין פרוי א. א. נאָר איך בין געווען אונטערן איינפלוס פון אָט דעם מעכטיקן קוואַל מיט ענערגיע, וואָס האָט געשלאָגן פון דעם פּראָלעטאַרישן מלוכה־פאַרשטייער, וועלכער האָט אַזוי קלאָר און ברייט פאַרשטאַנען די אויפגאַבן פון דער פּראָלעטאַרישער געזעלשאַפט־לעכקייט און פון זיין מלוכה בנוגע דעם אידישן פאָלק, און איך בין אַוועק צו זיך אַהיים, אין מיין האָטעל־צימער, כדי איך זאָל מיך אַליין פונאַנדערקלייבן און היימיש ווערן מיט אָט די געדאַנקען, וואָס אין סאָוועט־רוסלאַנד זיינען זיי דאָס אייגענע וואָס מעשים.

## 11

אין כאַרקאָוו איז פאַראַן פיל נאָך וואָס צו זען און מיט וואָס זיך צו באַקענען, פאַראַן אויך מיט וועמען זיך צו באַקענען, כאָטש ס׳איז איצט זומער און די מערסטע קולטור־טוער און ליטעראַטן, די דיכ־טער איציק פעפער, איזי כאַריק, דוד האָפשטיין, פּרץ מאַרקיש, וואָס וואוינען אין כאַרקאָוו, זיינען איצט אויף דאַטשעס, אין די אָפּרו־פּלע־צער, ערגעץ אין קאַווקאַז אָדער ביים דרום־ברעג פון קרים.

איך האָב דאָ פונדעסטוועגן באַוויזן צו באַקענען זיך מיט דעם נסתר, וואָס פאַרנעמט אַ גאָר באַזונדער און אָפּגעזונדערט אָרט אין דער אידישער ליטעראַטור בכלל און אין דער סאָוועטישער בפרט. ער דרוקט גאַנץ זעלטן עפּעס אין די סאָוועטישע אידישע אויסגאַבעס און פאַרנעמט זיך מיט איבערזעצונגען פון אויסלענדישע קלאַסיקער אויף

דער באשטעלונג פון כארקאווער מלוכה־פארלאג. איבערזעצונגען פאר דעם מלוכה־פארלאג זיינען בכלל א וויכטיקע הכנסה פאר די אידישע ליטעראטן אין ראטנפארבאנד, אפגערעדט דערפון, וואס זייער אריגינעלע ארבעט צאלט זיך זייער גוט.

גאנץ נאענט האב איך מיך באקענט מיט ל. קוויטקא. איך האב אים געגעבן גאר וויכטיקע ידיעות און דערציילט אינטערעסאנטע זכרונות פון דער ארבעטער־באוועגונג אין אדעס פאר דער צייט פון 1901 ביז אנהויב 1906 אין צוזאמענהאנג מיט דעם לעבן פון זיין ברודער מאיר, מיין אינטימסטער חבר; אן עפאכע מיט וועלכער ער אינטערעסירט זיך און וועלכע איז נאך נישט בארירט אין דער ליטעראטור. ער האט מיך אויך אויפגעפאדערט צו שרייבן מיינע זכרונות וועגן יענער אינטערעסאנטער און פארביקער רעוואלוציאנערער סביבה, וואס איך וועל זיכער טון. א שאד אזוי פיל געשיכטלעכע פארב און שיינקייט זאל פארלוירן גיין.

איך האב מיך באקענט מיט שכנא עפשטיין, איצט רעדאקטאר פון דעם זשורנאל „רויטע וועלט”, מיט לעוויטאנען — רעדאקטאר פון „שטערן”, מיט קאזאקעוויטשן — ליטעראַרישער לייטער פונעם אידישן מלוכה־פארלאג אין אוקראינע, און פון די קורצע מינוטן פון אונדזער ערשטער באקאנטשאפט, זיינען מיר פארבליבן איינגעקריצט אין זכרון זייערע געשטאלטן, יעדע געשטאלט — אן אינטערעסאנט בלאט געשיכטע פון רעוואלוציאנערער, קולטורעלער, ליטעראַרישער און דערציערישער טעטיקייט און אין דער זעלבער צייט לעבעדיקע אקטוארנדיקע רעוואלוציאנערע, קולטורעלע, ליטעראַרישע טוער און דערציער. אויב זיי האבן נישט קיין פולשטענדיקע פארשטעלונג וועגן דעם קולטור־לעבן פון די אידישע מאסן אין ארגענטינע, באגרייפן זיי דאך, אז דא ווערט געלעבט און געקעמפט, אז דא ווערט געווירקט און געשאפן אין משך פון די עטלעכע און צוואנציק יאר איינוואנדערונג פון אידישע ארבעטער. זיי שאצן אפ דעם ווערט און אנערקענען די באדייטונג פון „די פרעסע”, נישט געקוקט אויף קיין שום רכילותלעך, וועלכע זיי שאצן אויך אפ אלס דאס וואס זיי זיינען. איך האב זיי אביסל באקאנט געמאכט מיט אונדזערע שרייבער, די עלטערע און די אינגערע, וואס שרייבן וועגן זיי לייגן אוועק דעם הובל און די דאלאטע,

ווען זיי קומען פון א טאָג שווערער ארבעט אין שלאָסער־ווארשטאַט אָדער אין דרוקעריי, אין צירולניע אָדער ביי דער לעדער־גאַלאַנטעריי...

בשעת איך דערצייל, שטייט א גרופּע ארבעטער און איינער פון זיי באַמערקט: — זייער גוט, וואָס ביי אייך זיינען די שרייבער ארבעטער, פונדעסטוועגן, אָט זיינען די אַמעריקאַנער, אויך ארבעטער פונעם שאָפּ, ווי מען זאָגט דאָרט און אז איך לייען זיי, דאַכט זיך מיר, ווי נישט נאָר זיי האָבן קיינמאָל קיין פאַבריק נישט אָנגעזען, נאָר זיי האָבן קיינמאָל נישט געוואוסט, אז אַזעלכע אין פאַראַן. ווילט דורך זיי קענען איין ווינקעלע אפילו פונעם לעבן פון די מיליאָנען אידן אין אמעריקע... ליטעראַטור, פּאָעזיע, הייסט ביי זיי אוועק אין וואַלד אריין און זיך שטעלן „שמונה עשרה", אָדער ביי זיך אין צימער זיך פארדבקהן, אויסטון זיך פון די הבלי עולם הזה און פארפליען אין די עולמות העליונים... אויב אייערע שרייבער אין ארגענטינע — זאָגט ער מיר — זיינען אויך אַזעלכע, איז וואָס־זשע קומט אַרויס דערפון וואָס זיי זיינען ארבעטער?... איך גיב אים צו, אז ער איז זייער גערעכט, מען קען אויך נישט זאָגן, אז אונדזערע זיינען אַלע פריי פון דער ווירקונג פון די דאָזיקע אַמעריקאַנער, וואָס ער האָט פון זיי גערעדט, אָדער פון די וואַרשעווער, וואָס דבקהן זיך אין די וועלדער און אין די הימלען, נאָר אז די גרעסטע ווירקונג האָט אויף זיי די נייע אידישע ליטעראַטור אין רוסלאַנד. וואָלטן זיי זי נאָר מער געהאַט צום לייענען!...

אַן אינטערעסאַנטע באַגעגעניש האָב איך אין כאַרקאָוו אויך געהאַט מיט א פּועלי־ציוניסט, א חבר פון דער אויפגעלייזטער י. ק. פּ. די אויפלעזונג פון דער פּאַרטיי — האָט ער מיר דערקלערט — האָט א שייכות מיט דער טראָצקיסטישער באַוועגונג. די טראָצקיסטן האָבן ערנסט גענומען זיך גרייטן צו דער גרינדונג פון א צווייטער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אַלס באַרעכטיקונג דערצו, האָבן זיי אויך אָנגעגעבן אַלס ארגומענט די עקזיסטענץ פון דער י. ק. פּ. און דאָס איז אויך זייער כאַראַקטעריסטיש — איז ער מיר מודה — די מערסטע חברים פון דער אויפגעלייזטער י. ק. פּ. זיינען אריינגעטראָטן אין די טראָצקיסטישע רייען. — ער איז געבליבן אינדרויסן, מחמת ער איז נישט קיין טראָצקיסט און בכלל האָבן די י. ק. פּ. נישט געהאַלטן פון

טראַצקיס באַוועגונג. — דאָס כאַראַקטעריסטישע דערביי באַשטייט דערין — דערקלערט ער מיר — וואָס דער „טראַצקיזם" איז געוואָרן, אַנשטאָט טראַצקיס קורס אויף היפּעראינדוסטריאַליזאַציע און שטרענגערן אַנדרוק אויף דעם קולאַק, אַ מין צוזאַמענגעלויף פון אַלערליי אומצופרידענע, נישט געקוקט מיט וואָס זיי זיינען אומצופרידן. עס האָבן זיך דערקלערט פאַר טראַצקיסטן, למשל, נישט לאַנגסטיקע באַלמעלאָכעס, וואָס דער איצטיקער, לויט טראַצקיס מיינונג, שוואַכער קורס אויף קאָלעקטיוויזאַציע און אינדוסטריאַליזאַציע, האָט זיי אַריינגעטריבן אין דער פאַבריק, וואו זיי בענקען נאָך דעם אַמאָליקן אייגענעם טיש; אַנגעשטעלטע, וואָס זייערע קרובים, פּריוואַטע הענדלער, ליידן פון די שווערע שטייערן, וואָס די פינאַנספּעקציע לייגט אויף זיי אַרויף. אפילו דער קולאַק און דער נעפּמאַן גופא, האָבן געהאַלטן טראַצקין פאַר זייערן. נאָר פון זיי רעדט מען דאָך נישט... אַ סך פון די י. ק. פּ. וואָלטן אַריין אין דער אַלגעמיינער פּאַרטיי, אָבער דער עקזאַמען פאַר זיי איז אַ צו שווערער, פונקט ווי פאַר די צוריקאַריינגעטרעטענדיקע טראַצקיסטן.

לאַנג פאַרברייענגען מיט אים, האָב איך קיין צייט נישט געהאַט; דאָס איז געווען אַ קליינע ווײַלע פאַרן אָפּפאָרן פון כאַרקאָוו און איך האָב נאָך געהאַט צו אים אַ ספּעציעלע בקשה: ער זאָל געוואויר ווערן וואו עס געפינט זיך ערגעץ זלמן סאַרקין, דער גרינדער פון דער פּועלי ציון אָרגאַניזאַציע אין אַרגענטינע און וויכטיקער טוער אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און אויפן קולטור־געביט צווישן די אידישע אַרבעטער אין אַרגענטינע, וועלכער איז אין 1910 אַרויסגעשיקט געוואָרן פון אַרגענטינע דורך דעם רעזידענץ־געזעץ, מיט וועלכן די אַרגענטינישע „פרייהייט" האָט געפייערט איר הונדערט־יעריקן יום־טיב. איך האָב, אגב, מיט דער בקשה זיך געווענדט צו אַלע פּועלי ציון און געוועזענע פּועלי ציון וואָס איך האָב אויף מיין נסיעה אין ראַטנפאַרבאַנד באַגעגנט. דערוואוסט האָב איך מיך בלויז, אַז ער האָט געוואוינט אין כערסאָן, איז דאָרט געווען אַ לערער און האָט זיך דאָרט גערופן ראַכלין.

איך האָב מיך געזעגנט מיט כאַרקאָוו, מיט די גוטע פריינט און חברים, וואָס איך האָב מיר דאָרט קונה געווען, און מיט מיין קאַרנעט,

וואָס באַשטעטיקט מיך אַלס ערנמיטגליד פון כאַרקאָווער געזערד אָפּ־טיילונג אינעם קעמערל פונעם זאַוואָד „סערפּ און האַמער“, זיינען מיר האַלב איינס נאָכמיטיק, איך און חבר פּויזנער, אָפּגעפאָרן קיין הול־ליאַיפּאַליע, דער הויפּט־זיץ פון דעם איבערוואַנדערונגס־ראַיאָן אין די קרייזן פון זאַפּאָראָזשיע און מאַריופּאָל.

אָט באַלד וועלן מיר מיט אונדזערע אויגן זען ווי אַזוי קומט פאָר אין דער פּראַקטיק אָט דער היסטאָרישער איבערבוי פונעם אידישן פאָלק, צו וועלכן עס האָט זיך גענומען די ראַטנמאַכט אין די גאַנצע ראַטן־געזעלשאַפטלעכקייט, אין אוקראַינע אונטער דעם פאָרזיץ פון דעם באַגייסטערטן סאָלאָוויאָוו און אין גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד, אונטער דעם פאָרזיץ פון אַ צווייטן ענטוזיאַסט: חבר סמידאָוויטש.

אַז דער איבערבוי איז אין דער אמתן אַ ווייטיקלעכער פּראָצעס, אַז ער קומט פאָר אין באַדינגונגען פון שווערער נויט, אַז דער קרעמער און דער מעקלער, דער פאַראָרימטער באַלמעלאָכע, דער העקער און דער בעקער, דער באַלעגאָלע און דער אַרבעטסלאָזער שוואַרצאַרבעטער, מוזן קומען ביז דער לעצטער מדרגה פון אָרימקייט, ביז זיי באַשליסן ביי זיך צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און איבערוואַנדערן אויף דער ערד, האָב איך פאַרשטאַנען; איך האָב אָבער פאַרגעסן פאָרצושטעלן זיך וואָס אַזעלכעס הייסט אָרימקייט און וואָס פאַר אַ פאָרמען טראָגט זי אינעם לאַנד, וואו ערשט מיט אַ פאָר יאָר צוריק האָט די רייכקייט אפילו געטראָגן זעק און שמאַטעס. איצט ווען איך שרייב אָט די שורות, שטייען פאַר מיינע אויגן די ערשטע צוויי אידישע איבערוואַנדערער, וואָס מיר האָבן אָנגעטראָפן אין וועג, און איך ווייז. איך האָב נאָך אַזאַ אָפּגעריסענעם הילוך פון מענטשן, פון מענטשן אַרבעטספעאיקע, נישט פון בעטלער, נישט געזען. און נישט פון די אָפּגעריסענע און פאַרלאַטעטע, אַ לאַטע אויף אַ לאַטע בגדים ווייז איך, נאָר פון יענער טיפער און עקסטרעמער עקשנות פון אַ קלאַס, אָדער פון אַ פאָלק וואָס איז געשיכטלעך דערפירט געוואָרן צו דער ראָל פון דעם פאַרמשפּטן פאַרמיטלער קלאַס און וויל זיך פון דער דאָזיקער ראָל נישט אָפּזאָגן, דערגייענדיק ביז טראַגעדיע, ביז קידוש השם... פאַר אָט דער קרעמער־ראָל, פאַר אָט דער מעקלער־מיסיע, פאַר אָט דער הייליקייט פון דעם אייגענעם יאַטקע־קלאָץ און אייגענעם שוחטער־בענקעלע... פריי דיך.

אַלטער אידישער געשיכטע־שרייבער, פריי דיך ש. דובנאָוו, מיט דער דאָזיקער עקשנות פון די פאַרדינסטל־כאַפּער, וואָס איז ביי דיר אי דענטיפיצירט מיט דעם קיום פון דער אידישער אומה!...

אין סינעלניקאָוואָ איז דאָס געוועזן. מיר האָבן דאָ געביטן דעם צוג און איך בין אַריינגעגאַנגען אין וואַרטזאַל פון דריטן קלאַס. איך האָב פאַרויכערט אַ ציגאַרעטל. אַ איד מיט אַ ווילד רויטלעך בערדל אין אַ לייבל, וואָס צוליב דער גרויסער צאָל לאַטעס און פון אַלטקייט, קען מען שוין נישט וויסן זיין פריערדיקן קאָליר, מיט אויך אַזוינע גע־לאַטעטע הויזן פאַרשטעקט אין ליימיקע באַליעוועס, הויבט זיך אויף פון די קלומעקעס, אויף וועלכע ער איז געזעסן, און בעט ביי מיר צו־רויכערן.

— וואוהין פאָרט אַ איד? — פרעג איך, פאַראינטריגירט מיט זיין אויסזעהן.

— מ'פאָרט... אין דער ערד אַריין, פאָרט מען... — ענטפערט ער מיט אַ מין באַהאַלטענעם שטאָך, עמיצן אויף צו ערגערן, אפשר זיך אַליין.

— איר זיינט אַ פריקרע איד, זיינט איר — רופט זיך אָפּ אַ צווייטער געלאַטעטער איד, אביסל אַ ברוגזער, מיט אַ שוואַרץ בערדל, — אַז מ'פאָרט, פאָרט מען און האָדיע. מיר פאָרן נעמען אונדזערע סעמייסטוועס, פאָרן מיר, — ווענדט ער זיך שוין צו מיר, — מ'האָט אונדז געגעבן אַ חלק ערד, האָט מען אונדז געגעבן, לעבן מעליטאָפּאָל, האָבן מיר זיך דאָרט אָפּגעמוטשעט דעם פרילינג, די וועסנע, הייסט עס, מיר האָבן פאַרזייט און ס'איז אויפגעגאַנגען נישט שלעכט, ס'זאָל נאָר נישט זיין קיין איבערשלאָג, וועלן מיר אַראָפּנעמען אביסל אולי־קע, קוקורוזע, קערלעך, פראָסע אביסל... וואָס זאָל מען טון? — צע־נעמט ער די הענט, ווי ער וואָלט זיך ביי מיר געבעטן איך זאָל אים מוחל זיין פאַר זיין גרויסן חטא, וואָס ער איז דערמיט באַגאַנגען קעגן עמיצן.

— נו, יאָ אויף ערד — פאַרבעסערט שוין דער ערשטער, ווי ער וואָלט נאָכגעגעבן. — כ'ווייס, מיט דער סעמייסטווע וועט אפשר זיין גרינגער... מ'דאַרף שוין באַלד שניידן...

**אייגנטלעך, האָב איך דערוואַרט, אַז דער איד מיטן ווילדן רויטן**

בערדל זאָל אויסלאָזן מיט א ווייבערישער קללה, ווי: „אז שניידן זאָל זיין אין בויך, רבונו של עולם" און דערביי מכוון זיין ז יי, די באָלשעוויקעס. נאָר ער האָט זיך איינגעהאלטן, אָדער האָט זיך אויף דער מינוט באטראכט: און טאקע וואָס איז דאָ צו שעלטן, וואָס?...

עס קומט צו חבר פייזנער, איך זאָג אים ווער די אידן זיינען, דער שמועס ווערט געמיטלעכער, היימישער. מיר זיינען פון ארגענטינע, דערציילן מיר, מיר זיינען געקומען צו גאַסט (אזוי האָבן מיר אָפּגעשמועסט צווישן זיך, זאָלן מיר זאָגן אין וועג, כדי מען זאָל זיין צו אונדז צוטרוילעכער). די אידן זיינען אונדז שטארק מקנא:

— מען דערקענט אז איר זיינט אויסלענדער, אזא שטאָף ווי איר טראָגט, זעט מען גאָר ביי אונדז נישט, אן ענגלישער שטאָף, — טאפּט אָן דער רויטלעכער איד.

— ס'וועט נאָך זיין גוטער שטאָף אויך אין רוסלאַנד, — טרייסט איך די אידן — זאָל נאָר די „פּיאטילעטקע" געראָטן.

— מעג זיין פּראָסטער אביסל, נאָר א מלבוש זאָל מען האָבן, — רופט זיך אָן דער שווארצער איד, וועלכער ווייזט זיך אין אלץ ארויס נאָכגעביקער פונעם רויטן.

אויפן פעראָן שטייט א שטעל מיט צעלניק ארטיקלען. די ארטיקלען ווערן נישט פארקויפט, נאָר אויסגעשפּילט, לטובת דער געזעלשאפט „קינדער פריינט", וואָס גיט אכטונג אויף די פארוואָרלאָזטע קינדער, שיקט זיי אין די אינטערנאַטן און העלפט דער רעגירונג די אינטערנאַטן אויסצוהאלטן. איך האָב חשק צו קויפן א זייפל, נאָר אז מען פארקויפט נישט, שטעל איך א נומער און געווין א קלעצעלע פאָדים.

— צו וואָס דארף איך פאָדים? — פרעג איך.

— באהאלט עס, בירגער, ס'וועט אין דער היים צונוצקומען. מיינט איר, ס'איז אזוי גרינג צו באקומען א קלעצעלע פאָדים, אז ס'פעלט אויס אין קאָאָפּעראַטיוו, דער פּריוואטניק (פּריוואטער קרעמער) רייסט אין דרייען...

דאָס ענטפערט מיר א פרוי, וואָס שטייט ביי דער זייט. זי איז א פּראַקטישע ווירטן, זי ווייסט ווי שווער יעדע זאך קומט דאָ אָן און ווי טייער עס קאָסט אלץ...

רוסלאַנד — טראכט איך מיר — איז איצט א שול פאר עקאָ-

נאָמיע און פאַר שפּאָרזאַמקייט; די גרעסטע ווירטשאַפטס־פּלענער ווערן אין רוסלאַנד דורכגעפירט מיט די הוילע הענט און דאָס אייגענע טוט דאָ יעדע באַלעבאָסטע ביי זיך אין דער ווירטשאַפט.

אונדזער צוג איז אָנגעקומען. מיר געזעגענען זיך מיט די צוויי אידן. קיין הוליאַיפּאָליע וועלן מיר אָנקומען צוויי אַזייגער ביינאַכט. זייער נישט קיין באַקוועמע שעה... נאָר אָט זייגען מיר אין הוליאַיפּאָליע צוויי אַזייגער ביינאַכט און שטעלט אייך פאָר: מען וואַרט אונדז דאָ אָפּ. אַ מאַשין (אַן אויטאָ) איז נאָך אונדז געקומען און מיט דער מאַשין דער חבר אַראָנאָוו, פאָרשטייער פון קאָמערד און דער אָנפירער גופא פון דער מאַשין: דער אַגראָנאָם פון יקא, אַנטיזערסקי. אַראָנאָוו און אַנטיזערסקי — צוויי פּאָליוסן: דער ערשטער איז אַ מענטש, וואָס אויפן פּנים ליגט ביי אים די גוטסקייט און איז ביי אַלעמען באַליבט, כאָטש ער האָט נאָך קיינעם קיין באַזונדערע טובות נישט געטון; מ'רעדט זיך פאַר אים אוים דאָס הארץ; דער צווייטער — אַן אייזערנער מענטש, ביי וועלכן עס באַוועגט זיך נישט אַ מוסקול אויפן פּנים און דער קאָלאָניסטישער עולם ווייסט שוין, אַז מיט אים איז נישטאָ וואָס צו ריידן... דער ערשטער איז מדת הרחמים, כאָטש ער שטעלט מיט זיך דאָ פאָר די שטרענגע רעוואָלוציע און דער צווייטער איז מדת הדין, כאָטש ער שטעלט מיט זיך דאָ פאָר די „פילאַנטראָפּישע" מומע. — קלוגער דוד בערגלסאָן, נישט פאַר יעדן איז רעוואָלוציע מדת הדין! — דאָס זאָג איך איצט אויפן גרונט פון מיין שפּעטערדיקער דערפאַרונג, דערווייל, אין דער פינצטער, פיל איך אַ דאַנקבאַרקייט צו זיי ביידן און דריק זיי וואַרים די הענט.

פונעם וואָקזאַל ביזן שטעטל, איז פאַראַן אַ פּופּציק מינוט רייזע מיטן אויטאָמאָביל. שווער אַ וואָרט אויסצוריידן בעת דער אויטאָ טרייסלט און רוישט. און צו וואָס ריידן? אָט וועט דער טאָג אויפגיין, אָט וועט ער באַלויכטן אָט דאָס מאָדנע אָרט, וואו עס זייגען פאָרגעקומען די הוליאַנקעס און אָרגיעס פון דעם „טאַטן", וועלכער וואוינט איצט אין פּאַריז אַלס אַנאַרכיסטישע רעליקוויע; אָט דאָס מאָדנע אָרט, וואו ערשט מיט אַכט יאָר צוריק האָבן מאַכנאָס באַנדעס צעראַבעוועט און צעשטערט די אידישע קאָלאָניסטישע ישובים, וואָס זייגען דאָ געשטאַנען נאָך פון ניקאָלאַי דעם ערשטנס צייטן, און וואו איצט זיי־

נען אויפגעשטעלט די אַלטע און עס בויען זיך נייע אידישע ישובים פון ערד־ארבעטער; באַלד וועט אויפגיין דער טאָג און באַלויכטן דעם שטח, וואו דעם 7־טן נאָוועמבער, צום צוועלפטן יאָרטאָג פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, וועט פּראָקלאַמירט ווערן אַ נייער אי־דישער פּארוואַלטונגס־ראַיאָן, צו די שוין פאראַנענע אין כערסאָנער און קריוואָראָגער קרייזן...

## 12

צונעפירט האָבן זיי אונדז צו דער הוליאַיפּאָלער אכסניה, אַ היפּשע באַלעבאַטישע שטוב אין דער הויפּט־גאַס אריין, וואו עס שטעלט זיך דער מארק, אַ פּאָר הייזער ווייט פון דעם גרויסן הויז, וואָס די יקאַ פאַרנעמט און פון דער קאָמערד ביוראָ, וואָס פאַרנעמט אַ קליינעם צימער אין הויז פון שטעטלשן ראַט.

דער באַלעבאָס פון דער אכסניה, אַ הויכער פעסטגעבויטער איד, פון די אַלטע ניקאָלאַיעווער קאָלאָניסטן, מאַכט פאַר אונדז טיי.

— מען וועלט באַלד מאַכן פאַר אונדז געלעגערס — טרייסט ער אונדז — מיר זיינען אוודאי מיד, צעבראָכן פונעם וועג... ער וועט אויך טרינקען אַ גלעזל טיי. מיר דערקוויקן זיך אַביסל און ער דערציילט, אַזוי זיך, פון זיך, כאָטש מיר פרעגן אים נישט:

— געווען אַ קאָלאָניסט אַלע יאָרן. טאַקע דאָ אין טרודאָליו־באָוקע. נאָך דער זיידע זיינער איז געווען אַ קאָלאָניסט. געהאַט אַ שטוב פון כל טוב און קינדער שוין דערוואַקסענע. איז אָבער נישט באַשערט געווען אויסצולעבן די יאָרן אין קאָלאָניע, איז אָנגעקומען דער אומגליק: מאַכנאָ, מיט זיינע באַנדעס. מען האָט צוגענומען פון שטוב וואָס ס'איז געווען: די פערד, די אמתע פערד האָט ער געהאַט; די בהמות... אַז זיי האָבן נאָר געהוליעט, האָבן זיי געגעסן און געזויפן און גאַנצע טאָבונעס מיט ווייבער אַנגעטריבן פון ערגעץ... ס'איז אַ מורא געווען צו זיצן אין קאָלאָניע, מיט דערוואַקסענע טעכטער, און מען איז טאַקע נישט זיכער מיטן לעבן... טאַקע באַקענטע שקאָצים, נאָר אַז ס'קומט זיי אָן די רציחה, האָט מען עטלעכע אידן אוועקגע־

הרגעט. טון קען מען גאָרנישט, אַז מען האָט אַלץ צוגענומען, גיי טו מיט די ליידיקע הענט, איז מען געלאָפן, ווער קיין אַלעקסאַנדראָווסק, ווער קיין קאַטערינאָסלאוו. אין אַלעקסאַנדראָווסק האָבן מיר מחותנים, בין איך דאָרט געוואָרן אַ קצב. נאָר ס'איז איצט נישט קיין פּרנסה, אַז ס'איז אַלץ געוואָרן קאָאָפּעראַטיווע, קוילעט די קאָאָפּעראַטיווע ביים שוחט און, כ'בעט אייך, אַ חלוק היינט ביי אידן כשרע צי נישט כשרע... זיינען מיר צוריקגעקומען. נאָר ס'איז שוין נישט דאָס. די קינדער האָבן חתונה געהאַט אין שטאָט, געוואָרן שטאָטישע מענטשן. האָב איך געמאַכט אָט די פּרנסה. נישט צו פאַרזינדיקן. די בעסטע מענטשן שטייען ביי מיר. ערשט געווען אַ דעלעגאַציע פון טשערקאַסער אַרבעטער, זיינען זיי איינגעשטאַנען ביי מיר...

אויף מאָרגן, ווען מיר זיינען אויפגעשטאַנען, האָבן מיר טאַקע געזען, אַז ס'שטייען איין ביי אים די בעסטע מענטשן. אין הוליאַי־פּאָליע איז דעמאָלט געווען אַ באַראַטונג פון קרייז־טוער ערב דער קאַמפּאַניע פאַר דער ברויט־פאַרגרייטונג, האָבן די אָנגעפּאַרענע טוער גענעכטיקט ביי אים אין אכסניה און דאָרט אויך געגעסן.

אַלץ אַזעלכע קרעפטיקע פאַרהאַרטעוועטע יאַטן זיינען עס, פאַרהאַרטעוועט פון אַרבעט און קאַמף. אַפילו דער איינציקער איד צווישן זיי, איז אַ הויכער ברייטפּלייציקער יאַט. זיי זיצן ביים טיש און עסן פרישטיק און ווערטלען זיך איבער. ס'איז אַ מין איבערווערטלען זיך פון מענטשן וואָס האָבן שוין אַלץ בייגעוועז, נאָר אין דער זעלבער צייט זיינען זיי פול מיט דעם באַוואוסטזיין פון זייער ראָל און פון זייער מאַכט.

דער איד, ווייזט זיך אַרויס, איז אַ ידען אין דער אידישער ליטעראַטור, אין דער אויסלענדישער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט. ער ווייסט אויך פון „די פּרעסע". ער האָט געזען אונדזער יובילײ־נומער ער געדענקט שוין נישט ביי וועמען, דאַכט זיך, אין ניקאָלאַיעוו. ער פאַרמישט נאָר אָפּט די יוצרות און האַלט אונדז פאַר אַמעריקאַנער און האָט צו אונדז טענות, ער פאַרשטייט אונדז נישט, די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן... ער האָט זיך נישט לאַנג צוריק באַגעגנט מיט אַן אַמעריקאַנער קאָמוניסט, וואָס איז געקומען צו גאַסט ערגיץ אין אַ שטעטל, איז דער דאָזיקער קאָמוניסט געווען אויסער זיך, וואָס ער

קריגט נישט קיין ווייס ברויט צום מיטיק און האט גענומען שרייען „לעבן זאל טראצקי!...” ער וועט קומען אהיים, האט ער געשריען, וועט ער דארט מאכן אן איבערקערעניש אין דער פארטיי...

— אפשר איז ער גאר קיין קאמוניסט נישט? — פרואוו איך פארענטפערן די אמעריקאנער קאמוניסטן. נאר אז ער פארזיכערט מיר, אז ער האט אליין געזען ביי אים דעם פארטיי־בילעט, בארואיק איך אים, אז ערשטנס בין איך נישט קיין צפון־אמעריקאנער, נאר א דרום־אמעריקאנער, אן ארגענטינער, און צווייטנס האב איך נישט קיין פאר־טיי־בילעט און מיך וועט מען נישט מאכן פאר קיין „טראצקיסט” און מען וועט מיך בכלל נישט אפשרעקן, אפילו ווען דאס שווארצע ברויט זאל דא זיין בצמצום.

— טאקע עפעס א מאדנע מענטש געווען. — זאגט ער שוין נאכ־געביקער — אט זיינט איר דאך אויך אמעריקאנער, נאר אז איר רעדט אידיש, איז עס אידיש, יענער פלעגט נעמען קייען ווערטער, אז ס'פלעגט נישט גוט ווערן... און באלד פלעגט ער אנהויבן זיך בארימען: אין די סטייטס...

מיר זיינען ארויס אביסל אין גאס. זיך דורכגעשפאצירט איבערן ליידיקן פלאץ, וואו עס שטייען די שטעלעכלעך און ווארטן אויפן מארק־טאג, די רייע קלייטן, וואס טראגן אויף זיך שילדן פון קאאפעראציע, און נישט אלע קלייטן זיינען גאר קלייטן; אין איינער ארבעט מען היטלען, אין א צווייטער בלעכעריי, אין א דריטער זעט איר בלויז היל־צערנע ווילעס און לאפעטעס, דישלעס און הארטשיקעס...

מיר קומען צוריק, טרעפן מיר דעם חבר אראנאוו צוזאמען מיט דער חבר פרידמאן, דעם אגראנאם פונעם „קאמערד”. באלד וועט אונ־טערקומען אנטיזערסקי, דער אגראנאם פון יקא, מיט זיין מאשין, וועלן מיר ארויספארן באקוקן די קאלאניעס.

אין איין טאג וועט זיין שווער אלע צו באקוקן. פאראן איןביידע קרייזן, זאפאראזשיער און מאריופאלער 25 נייע ישובים און 12 אל־טע. די מערסטע נייע ישובים, 17 אין צאל, געפינען זיך אין זאפא־ראזשיער קרייז, אין הוליאיפאלער, פאקראווער און טשובארער רא־יאנען (דער ראיאן רופט זיך טשובארער, אויפן נאמען פון חבר טשובאר, דעם אוקראינישן פרעמיער, וועלכער איז געבוירן און זיינע יונגע יארן

פאַרבראַכט אינעם דאָרף, וואָס רופט זיך איצט אויף זיין נאָמען — טשובאַראָווקאַ). ווען מיר פאָרן פאַרביי, ווייזט אונדז חבר אַראָנאָוו דאָס דאָרף.

דורך די דערפער, האָלט אַנטיזשערסקי איין דעם אויטאָ: איבער דער גאַס שפּאַצירן אום די הינער, זיי ווייסן נישט פון קיין געפאַר און ערשט ווען דער אויטאָ איז שוין כמעט אויף זיי, דערשרעקן זיי זיך און צעלויפן זיך. די שקאַצימלעך און שיקסלעך, שוין עלטערע אַפילו, לויפן אַרום צוזאַמען מיט די הינט, מער נישט, די שקאַצימלעך און שיקסלעך בלייבן שטיין מיט אַן אָפן מויל און וועלכער ס'איז געוואַג־טער, הויבט אויף די הענט, ווי ער וואָלט געזאָגט: זע, אָט האָב איך קיין מורא נישט, און די הינט יאָגן נאָך און פאַרלויפן און אַן אַנדער הונט באַצאָלט אַמאָל זייער טייער פאַר אָט דעם פאַרגעניגן זיינעם. מיט די פורן וואָס מען באַגעגנט, איז אַ צרה; די פערד דערשרעקן זיך, און אַז אַ פּויער איז נישט גענוג פאַרזיכטיק און פאַרקירעוועט נישט באַצייטנס, אַזוי אַז די פערד זאָלן נישט זען די מאַשין, טראָגן זיי אים אַוועק צוזאַמען מיט דער פור און אַן אַנדערש מאָל צעברעכן זיי אים דעם דישל.

פאָרנדיק איבער די דערפער, פון זאַפּאָראָזשיער און אָדעסער ראַיאָנען, איז מיר נישט איינמאָל אויסגעקומען צו הערן הינטער זיך אַ היפּש ביסל קללות אויפן חשבון פונעם אויטאָ.

אַרויספאָרנדיק פונעם ערשטן דאָרף הינטער הוליאַיפּאָליע, הויבן זיך שוין אָן די אידישע פעלדער און הוליאַיפּאָליער ראַיאָן. דער חבר אַראָנאָוו ווייזט אונדז אויף די פעלדער און שעפּט נחת, די אידישע זומער־תבואות זיינען געראָטן, אַ סך געראָטענער ווי די נישט־אידישע און דערצו די ברייטע שטחים וואָס זיי פאַרנעמען.

ביי די נישט־אידן און ביי די אַלטע אידישע קאָלאָניסטן זיינען די פעלדער צעפּיצלט: דאָ צוויי העקטאַר ווייץ, דאָרט צוויי העקטאַר קוקורוזע, קערלעך, פּראָסע אָדער האָבער. אויך די נייע אידישע קאָ־לאָניסטן זייען די אַלע קולטורן — די נחלה פון יעדער איבערוואַנדע־רער־משפּחה באַשטייט פון 16 מיט אַ האַלבן העקטאַר, פון וועלכע עס גייט אַראָפּ 1 העקטאַר פאַר דער שטוב מיטן גאָרטן און 2 העקטאַר אויף פּאַשע, וועלכע מוז אומבאַדינגט זיין געמיינשאַפטלעך, און די

איבעריקע דרייצן מיט א האלצן העקטאר ווערן פארטיילט אויף זעקסן (זעקס פעלדער סיסטעם) — אָבער כדי צו קענען שניידן מיט דער מאַשין, וועלכע איז אַן אלגעמיינע, זייען די מערסטע איבערוואַנדערער זייער ווייץ צוזאמען. און אזוי אויך די איבעריקע תבואות.

חבר אראַנאָוו דערציילט און איך פארצייכן:

דער הוליאיפאָליער ראיאָן, איבער וועלכן מיר פאָרן איצט, באַשטייט פון 8 נייע ישובים: ארבעטער היים (ישוב נומער 100א.) אָקטאָבער פעלד (100 ב.) ראטנטאָל (100 ג.) מאידאָרף (76 א. און ב.) מירעזשינא (90) רויטפעלד (91 און 94). א חוץ אלטע ישובים, ווי גאָרקי, ניי זלאטאָפאָל, וואו עס געפינט זיך א קעזקאָכעריי, וועלכע נעמט אָפּ ביי די קאָלאָניסטן זייער מילך. אין דעם ראיאָן געפינען זיך סך־הכל 410 נחלות פון איבערוואנדערער אויף א שטח פון קרוב זיבן טויזנט העקטאַר.

דער פּאָקראָווער ראיאָן, וואָס ציט זיך אוועק נאָכן הוליאיפּאָליער פארמאָגט עטוואָס מער ווי זיבן מיט א האלבן טויזנט העקטאַר, אויף וועלכע עס זיינען באזעצט 400 איבערוואנדערער משפחות אין 7 ישובים: סמידאוויטשדארף (74, 75 און 77 א.) שטערנדארף (77 ב., 77 ג. און 79) און פריידארף (79 ב.) די דאָזיקע גרופּע ישובים ווערט באדינט פון דעם פּוטער זאוואָד אין דעם אלטן אידישן ישוב פּאָקראָווע ביי דער באַן, וועלכע נעמט ביי זיי אָפּ די מילך.

דער טשובארער ראיאָן פארנעמט א שטח פון 2.822 העקטאַר, אויף וועלכע עס זיינען באזעצט 156 איבערוואנדערער משפחות אין 2 ישובים: פריידארף נומער 105 און 106.

אין מאריופּאָליער קרייז געפינען זיך: דער ערשטמאישער ראיאָן מיט 4 ישובים אויף 4.591 העקטאַר, באוואוינט פון 258 איבערוואנדערער משפחות. די פיר ישובים: 1, 2 א., 2 ב. און 3, רופן זיך ראטנדארף. דער סטאראָקערמענטשקער ראיאָן פון 3.512 העקטאַר אויף 200 איבערוואנדערער משפחות אין 4 ישובים: פּערעצדארף און צענטראָקטאָבער (2, 3 און 4). זיי גיבן אָפּ זייער מילך אין סלאָדקאָווניע.

דער אלגעמיינער שטח וועלכן עס פארנעמען די נייע 25 ישובים מיט זייערע 1.424 משפחות אין די צוויי קרייזן: זאפּאָראָזשער און מאריופּאָלער, איז 24.950 העקטאַר.

צום 7־טן נאָוועמבער — דערציילט מיר חבר אראַנאָוו דאָס נײַס, וואָס איך האָב שוין געהערט אין כאַרקאָוו — וועלן די אַלע אידישע ישובים, די 25 נײַע און 12 אַלטע, באַקומען אַן אויטאָנאָמע פאַר־וואַלטונג, אַלס נאַציאָנאַלער אַדמיניסטראַטיווער ראַיאָן. עס איז שוין אַסיגנירט אויף דער ערשטער געבײַדע פון דעם ראַיאָויספּירקאָם (ראַ־יאָנער אויספיר־קאָמיטעט) 20 טויזנט רובל פונעם קרײַז־אויספּירקאָם און 25 טויזנט רובל פונעם קאָמערד.

די פּריווילעגיעס פונעם ראַיאָן זײַנען גאַנץ ברייטע און גיבן אויך בעסערע מעגלעכקייטן פונאַנדערצואַוויקלען די אַרבעט.

צו האַרבסט, רעכנט מען באַזעצן אין ראַיאָן נאָך 300 איבער־וואַנדערער משפּחות, אײַנפירן גרינסגערטנער אויף פּרנסה, זייד־ווע־רעם. שוין איצט איז אײַנגעפירט ווײַנגערטנערײַ, נאָר מען וועט דעם שטח פאַרגרעסערן.

די מילך־ווירטשאַפט שפּילט שוין איצט אַ וויכטיקע ראָל אין דער ווירטשאַפט פונעם איבערוואַנדערער. ווי איך האָב שוין פריער דער־ציילט, ווערט די מילך אָפּגעגעבן אין די קעזקאָכערייען און פּוטער־זאַוואָדן, וועלכע געפינען זיך אין ראַיאָן פון די איבערוואַנדערער. דורכשניטלעך באַקומט אַ ווירטשאַפט פון די מילך־פּראָדוקטן 35 רובל אַ חודש. פאַראַן איבערוואַנדערער, וואָס האָבן פון זייערע קי ביז 60 רובל אַ חודש. דער מינימום איז 20 רובל. אַ צרה איז מיט די וואָס האָבן בלויז צו איין קו, און זייער צאָל איז גרויס.

לויטן אָפּמאַך מיט יקאָ, מוזן די איבערוואַנדערער באַקומען צו צוויי קי, נאָר גראָד איז געשען, אַז קי איז טייער געוואָרן און די יקאָ האָט אַרויסגעגעבן בלויז צו איינער. וועגן דער צווייטער קו איז דע־מאָלט געגאַנגען אַ אונטערריידונג, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט דעם נצחון פון די קאָלאָניסטן.

ביים מאָמענט ווען מיר זײַנען געווען אין ראַיאָן, זײַנען געווען אויסגעבויט 898 הײַזער. די איבערוואַנדערער וואָס זײַנען אָנגעקומען אין פ ר י ל י נ ג פון לעצטן יאָר און אויך די וואָס האָבן זיך נישט געבויט פאַראַיאָרן, האָבן זיך געהאַלטן אין בויען. אַ חוץ די הײַזער פאַר די איבערוואַנדערער, זײַנען אויסגעבויט געוואָרן 12 שולן, 2 געבײַדעס פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן,

1 באַר. א חוץ דעם, האָבן די איבערוואַנדערער זיך געבויט אויך אויף אייגענעם חשבון: 127 איבערוואַנדערער האָבן זיך צוגעבויט, פאַרגרע־סערט, הייסט עס, זייערע הייזער; 37 האָבן אויסגעבויט שייערס, 20 קעלער. די גרויס פון א שטוב, לויט דעם ביודזשעט פון יקא, דאַרף זיין 18 קוואַדראַט קלאַפטער, מיט אן אייזערנעם דאך און אן אַפּטייר־לונג פאַר די פי, א שטאַל, לעבן דער שטוב. עס געפינען זיך אויף די ערטער ביי היינטיקן טאָג 14 ארטיזאַנישע ברונעמער, 93 געזעלשאַפט־לעכע ברונעמער, 19 פּריוואַטע (אין די הויפן), 11 „סטאַווקעס" (טייכ־לעך), וואו מען באָדט זיך אום זומער און מען באָדט אויך די פערד.

אָנהויב 1929, דאָס הייסט, איידער עס זיינען אָנגעקומען די אי־בערוואַנדערער פון לעצטן פרילינג (208 משפחות), איז דער לעבעדי־קער אינווענטאַר ביי די איבערוואַנדערער געווען: 1.439 פערד, 4 אָקסן, 317 לאָשעקעס, 897 קי, 61 קעלבער, 15 שאָף, 39 חזרים, 9.215 עו־פות, 3 בינשטאָקן. טויטער אינווענטאַר איז ביי זיי געווען צו יענער צייט: 769 וועגענער, 257 אַקערס, 414 בוקערס, 442 בראָנעס, 94 קאַטקעס (דרעש־שטיינער), 275 קולטיוואַטאָרס, 52 זיי־מאַשינען, 142 שניט־מאַשינען, 60 זיפּ־מאַשינען, 79 שטרוי־שניידערס.

אויף די נייע ישובים געפינען זיך צוויי לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיוועס „איבערוואַנדערער" אין אָקטאָבערפעלד (100 ב.) און „אידישער פויער" אין ראַטנדאָרף, וועלכע באַדינען די איבערוואַנדע־רער פון זאַפּאָראָזשיער און מאַריופּאָלער קרייזן. א חוץ דעם געפינען זיך אין די זעלבע ישובים, געבורויך־קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע האָבן זייערע אָפּטיילונגען אין אַנדערע ישובים.

די נייע ישובים ווערן באַדינט פון 35 טראַקטאָרן, וועלכע באַ־לאַנגען צו דער יקא. ביז איצט פלעגן די טראַקטאָרן פון יקא אויפהויבן די האַרטע ערד פאַר די אָנגעקומענע איבערוואַנדערער, היי־יאָר גיט די יקא אירע טראַקטאָרן צום באַנוץ די קאָלעקטיוון, וועלכע באַדינען אויך די אינדיווידועלע ווירטשאַפטן. איצט איז באַשטימט געוואָרן צו גרינדן פון די טראַקטאָרס א טראַקטאָרן־סטאַנציע, וועלכע וועט די צאָל פאַרגרעסערן און באַדינען דעם גאַנצן ראַיאָן.

דער אידישער ראַיאָן, וועלכער איז שוין איצט, ווען איך שרייב די אַרטיקלען, נאָכן 12־טן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, א

פאקט, איז דעמאלט באשטאנען פון 8 אידישע דארפסראטן, די נייע מיט די אלטע ישובים צוזאמען.

און איצט עטוואס וועגן די קאטעגאריעס:

די איבערוואנדערונג אין זאפאראזשיע, מאריופאלער קרייז האט זיך אנגעהויבן אין 1926. לויט דער באשטימונג פון קאמערד, האבן די איבערוואנדערער משפחות געמוזט עפעס ארייגלייגן אין דער ווירטשאפט, אויב נישט אינעם אינווענטאר, איז ווייניקסטנס אויף אויסצוהאלטן זיך מיט דער משפחה ביז דער גערעטעניש. לויט דער דאזיקער פארמעגלעכקייט זייערער, זיינען די איבערוואנדערער איינגעטיילט געווארן אויף קאטעגאריעס: די ערשטע קאטעגאריע באקומט אלע קרעדיטן; די צווייטע קאטעגאריע דארף מיטברייינגען איין פערד; די דריטע קאטעגאריע דארף האבן איין פערד און א האלבן וואגן; די פערטע קאטעגאריע — איין פערד, א האלבן וואגן און מאטעריאל צו דער שטוב; די פינפטע קאטעגאריע באקומט צום באנוץ אן ערד־נחלה און דארף אויף אייגענעם חשבון אויסבויען די ווירטשאפט. אין לעצטן יאר איז איינגעפירט געווארן א נול־קאטעגאריע פון דער פולער ארעמקייט. די איבערוואנדערער פון דער דאזיקער קאטעגאריע באקומען א פארטיקע שטוב (אדער מען דינגט פאר זיי א דירה) צוויי קי און אנדערע פריווילעגיעס, אזוי אז מען פארזיכערט זיי חיונה ביזן גערעטעניש.

איך האב גענומען ביים אגראנאם פון קאמערד, חבר פרידמאן, א דייטלעכע סטאטיסטיק פון די קאטעגאריעס איבערוואנדערער אין דעם ראיאן פאר די פיר יאר 1926 — 1929, פון וועלכן סאציאלן אדער פאך־באשטאנד זיי זיינען געוועזן און וויפל פון זיי זיינען פאר דער צייט אפגעפאלן. — מען דארף נעמען אין אכט אז די יארן 1927 און 28 זיינען געוועזן יארן פון פולשטענדיקער אומגערעטעניש און א גרויסער פראצענט איבערוואנדערער איז זיך פונאנדערגעלאפן. — א טייל האבן זיך פארערגעסטרירט, באקומען ארדערס אויף א נחלה און זיינען נישט געקומען; א טייל זיינען געקומען, נאר זיינען אוועק איידער זיי האבן פארזייעט די ערד, וואס מען האט פאר זיי אויפגעאקערט.

די דאזיקע סטאטיסטיק גיט א געוויסע כאראקטעריסטיק פון דער איבערוואנדערער־באוועגונג, ביי וועלכער מען מוז דאך אין אכט נעמען די ספעציפישע באדינגונגען אין אנדערע באזעצונגס־ערטער, ווי די

נאָנטקייט אָדער צו גרויסע ווייטקייט פון דער היים, דער אופן פון קרעדיטירונג א. א.

לויט דער דאָזיקער סטאַטיסטיק, האָבן זיך פאַר די פיר יאָר 1926 — 1929 פאַררעגיסטרירט אויף איבערוואַנדערן אין דעם ראַיאָן 1.658 משפחות; איבערגעוואַנדערט האָבן בלויז 1.495; פון די פאַררעגיסטרירטע זיינען 163 נישט געקומען. דאָס הייסט מער ווי 10 פּראָצענט, פאַר וועלכע עס ווערט, אגב, אָנגעהאַלטן די נחלה אין משך פון ערשטן יאָר. לויט די יאָרן האָבן איבערגעוואַנדערט אין 1926: ערשטע קאַטעגאָריע — 41 משפחות, 2־טע — 140, 3־טע — 25, 4־טע — 4; אין 1927: 1־טע קאַטעגאָריע — 124 משפחות, 2־טע — 231, 3־טע — 80, 4־טע — 6, 5־טע — 2; אין 1928: 1־טע — 159, 2־טע — 151, 3־טע — 40, 4־טע — 13; אין 1929: 0 קאַטעגאָריע — 43 משפחות, 1־טע — 102, 2־טע 48, איבעריקע — 15. צוזאַמען מיט נאָך אייניקע משפחות, וועלכע האָבן איבערגעוואַנדערט, נאָר האָבן נישט באַוויזן צו פאַרזייען, ס"ה: 1.287 משפחות.

לויט די סאָציאַלע גרופּן זיינען אָנגעקומען און פאַרלאָזט די ישובים:

קליינע פאַבריקאַנטן: אָנגעקומען 4, אָפּגעפאַלן 2, אין פּראָצענטן 50.

אָנגעשטעלטע: אָנגעקומען 100, פאַרלאָזן 31. אין פּראָצענטן 31.
באַלמעלאָכעס: אָנגעקומען 261, פאַרלאָזן 78. אין פּראָצענטן 30
באַלעגאָלעס: אָנגעקומען 70, פאַרלאָזט 18. אין פּראָצענטן 26.
הענדלער: אָנגעקומען 306, פאַרלאָזט 61. אין פּראָצענטן 20.
אַרבעטער: אָנגעקומען 115, פאַרלאָזט 21. אין פּראָצענטן 18.
קצבים: אָנגעקומען 27, פאַרלאָזט 4. אין פּראָצענטן 15.
פרייע פּראָפעסיעס: אָנגעקומען 14, פאַרלאָזט 5. אין פּראָצענטן 36.

אָן באַשטימטער אַרבעט: אָנגעקומען 81, פאַרלאָזט 13. אין פּראָצענטן 16.

לאַנדווירטשאַפטלעכע באַשעפטיקונג: אָנגעקומען 251, פאַרלאָזט 53. אין פּראָצענטן 21.

שווארצע ארבעטער: אנגעקומען 62, פארלאזט 11. אין פראָ־צענטן 17.

דער דורכשניטלעכער פראָצענט פון די וואָס האָבן פארלאָזט די פעלדער איז 28·2.

אז מען וויל, קען מען פון דער טאבעלע פיל לערנען. נאָר לאָ־מיר דאָס איצט לאָזן און דורכשפאצירן זיך נישט מיט ציפערן, נאָר מיט אונדזערע פינף חושים איבער די נייע ישובים, וואו די אלע אויסגערעכנטע סאָציאלע גרופן פון אידישן פאָלק, ווערן איבערגע־קנאָטן און איבערגעפורעמט אלס דער אידישער פויערים שטאנד.

*13*

די ערשטע צוויי אידישע פעלד־ארבעטער, וואָס מיר באגעגענען אויפן פעלד, זיינען צוויי מיידלעך. מיט די פאטשיילקעס אויפן קאָפּ, וואָס פארשטעלט זיי די ברענענדיקע זון, יעטן זיי קוקורוזע. מיר בא־גריסן זיי, גייען אראָפּ פון אויטאָמאָביל. חבר פייזנער האלט שוין גרייט זיין אפאראט. זיי ענטפערן אביסל האָפערדיק:

— איר זיינט געקומען זען ווי אידישע מיידלעך גייען באָר־וועס און פראָשעוועו?

— פארוואָס טאקע נישט?

— פארוואָס פרואווט איר נישט אליין? — ענטפערן זיי מיט א קידער־ווידער פראגע אויף אונדזער אדרבא ואדרבא.

— וואו זיינען די מאנסבילן? — פרעגן מיר אנשטאָט צו ענט־פערן אויף דער הארבער שאלה פון די האָפערדיקע מיידלעך.

— איר וועט זיי טרעפן אין דאָרפסראט. מען דאַרף שוין באלד שטעלן די מאשין...

דער דאָרפראט איז אין א צווייטן ישוב, ווייטער מיט א פּאָר קילאָמעטער. מיר שטעלן זיך אָפּ ביים ערשטן הויז, גייען אריין אין א פּאָר הייזער. אין איינעם זיינען די ווענט אויסגעווייסט, קיין מעבל איז אין שטוב נישטאָ קיין איבעריקס: א טיש, א טאפטשאן, א לאנג בענקל, צוויי טאבורעטקעס, פונעם אלקער קוקט ארויס א הילצערן בעט. איך דערמאָן מיך אינעם באלעבאטישקייט פון א שטעטלדיקער שטוב־ווירטשאפט ביי א פארמעגלעכן באלמעלאָכע אָדער אָרימען קרע־

מער. אַלץ איז דאָ ווייס צוגעדעקט און אין די צימערן איז ליכטיק. די באַלעבאָסטע, אַ יונג ווייבל, וואָלט אונדז געוואָלט, זעט אויס, מיט עפּעס אויפנעמען: געסט, דער חבר אַראַנאָוו, דער אַגראָנאָם פון יקאַ... נאָר מיר באַפרייען זי פון דער פאַרלעגנהייט. פון די ידיעות, וואָס חבר אַראַנאָוו האָט אונדז געגעבן אויפן וועג פאַרנדיק, ווייסן מיר שוין, אַז די איבערוואַנדערער באַקומען איצט פון קאָמערד צו דרייסיק פונט ברויט אַ חודש אויף אַ נפש ביזן ערשטן מאַלעכץ, און אַז פאַראַן קאָלאָניסטן וואָס שפּאָרן דערפון אויף אַנדערע קלייניקייטן.

אין אַ צווייט הויז, אַ נישט געשמירטס, קומט אונדז אַרויס אַ פאַרצרהטע אידענע און הויבט אָן וויינען: סע סטייעט איר נישט קיין ברויט. די קליינע „ממזרים" אירע האָבן אַ טבע אַרומצוגיין אַ גאַנצן טאָג מיט דער פּיידע. וואָס־זשע דען זאָל זי זיי געבן?...

— פאַרוואָס שיקט איר זיי נישט אין קינדער־הויז אויף בייטאָג?

— פרעגט איר חבר אַראַנאָוו. — דאָרט גיט מען אויף זיי אַכטונג און מען גיט זיי עסן...

— איך זאָל אַזוי וויסן פון צרות... מען ווייסט דען וואו מען איז אין דער וועלט...

מיר לאָזן איבער די פאַרצרהטע און צרהדיקע אידענע שילטן אירע „ממזרים" און שילטן דעם מאַן אירן, אַ שוסטער, וואָס ס'האָט זיך אים פאַרוואָלט ווערן אַ פּויער, און צוזאַמען מיט אים די גאַנצע וועלט און מיר פאָרן צו צום דאַפּסראַט אין אַנדערן ישוב.

געקומען זיינען מיר שוין נאָך דער פאַרזאַמלונג. עס קומט אַרויס פון שטוב דער פאַרזיצער, וועלכער איז אין דער זעלבער צייט דער עלצטער אַרבעטער אָדער אויפזעער ביי דער אַרבעט. ער גיט איבער דעם חבר אַראַנאָוו און דעם אַגראָנאָם אַנטיזערסקי, וועגן דעם וואָס ס'איז ביי זיי באַשטימט געוואָרן מכוח אַ טראַקטאָר צו דער שנייד־מאַשין. דער עולם וויל קויפן אַ „פאָרדזאָן", נאָר די יקאַ וועט דאָך קיין נאַפט נישט געבן, אַז מ'וועט נישט נעמען ביי איר דעם טראַקטאָר.

עס גייט אַוועק אַ טענה אַרום דער טראַקטאָר פון יקאַ און דעם „פאָרדזאָן", וואָס דער עולם וויל האָבן אַן אייגענעם.

— דער „פאָרדזאָן" איז אַן אַלטע כלי און עסט אַ סך נאַפט און דער טראַקטאָר, וואָס איר נעמט ביי דער יקאַ אויף פּראָקאַט צאָלט זיך

דאָך אַליין אויס..׳ — טענהט מיט זיי איין דער חבר אַראָנאָוו. ביי זיי אָבער לייגט זיך עס נישט אויפֿן זינען:

— זאָל מען אונדז געבן דעם טראַקטאָר, מירן אים אויסצאָלן.

— אַ פּרינציפּ אַזאַ ביי דער יקא — קלאָגט זיך פֿאַר מיר דער חבר אַראָנאָוו — אַ מאָדנער פּרינציפּ. אויף דער גאַנצער וועלט גיט מען מאַשינען אויף אויסצאָלן און די מאַשינען שטייען ביי דעם וואָס נעמט זיי, בפֿרט, אַז מען גאַראַנטירט; ביי איר איז אַנדערש: איר צאָלט טאַקע אויס, נאָר ביז איר האָט נישט אויסגעצאָלט ביזן לעצטן סענט, מוז דער טראַקטאָר שטיין ביי איר אין ס׳הייסט, אַז איר נעמט אים אויף פּראָקאַט. שווער איינצורעדן דעם עולם אויף אַזעלכע באַדינגונגען און דאָ איז טאַקע אַ שאָד, זיי וועלן איינהאַנדלען דעם אַלטמאָדישן „פּאָרדזאָן״ און ער וועט ביי זיי אויפֿעסן איבעריקן נאַפֿט...

— יקא איז אומעטום יקא — זאָג איך אים צו טרייסטן. — גוט איז וואָס ביי אייך גייט עס נאָר אין אַ טראַקטאָר, אַז ביי אונדז אין אַרגענטינע צאָלט אַ קאָלאָניסט דער יקא אַלע זיינע יאָרן פֿאַר דער ערד און ביז ער האָט איר נישט אָפּגעצאָלט די לעצטע יערלעכע ראַטע, איז די ערד אַלץ אירע. און אַז ער האָט די דאָזיקע לעצטע ראַטע נישט אָפּגעצאָלט, האָט זי, לויטן קאָנטראַקט, אַ רעכט דעם קאָלאָניסט פֿון דער ערד אַראָפּצווזעצן.

אַ לאַנגע צייט האָט מען זיך געאַמפּערט אַרום דעם „פּאָרדזאָן״ און דעם טראַקטאָר פֿון יקא און צו קיין שלום איז מען נישט געקומען. דער דאָרפֿראַט האָט באַשלאָסן און די אידישע איבערוואַנדערער, כאָטש זיי זיינען נאָך גאָר יונגע פֿולבאַרעכטיקטע בירגער, נאָר זייער מאַכט ווייסן זיי: דער באַשלוס פֿון זייער דאָרפֿסראַט, איז גלייך צו אַ געזעץ.

— ס׳איז שוין אַן עלטערער ישוב, פֿון די ערשטע, געגרינדעט אין 1926. — דערקלערט אונדז חבר אַראָנאָוו. מיר באַזוכן דאָרט דאָס געזעלשאַפֿטלעכע הויז, וואו ווינטער איז די קינדער־שול און זומער — דער קינדער־פּלאַץ. אויף זומער טראָגט מען אַרויס פֿון דאָרט די בענק, אין איין צימער שפּרייט מען אויס אויף דער פּאָדלאָגע געלעגערס און אין אַ צווייטן צימער שטעלט מען אַוועק אַ לאַנגן טיש מיט לאַנגע בענק אַרום. דאָרט עסן און שלאָפֿן די קינדער אין עלטער ביז 6 יאָר,

דארט פארברייגנען זיי דעם טאג, אונטער דער אויפזיכט פון א לערערקע, ווען זייערע מוטערס זייגען פארנומען ביי דער ווירטשאפט. אין דער זעלבער געביידע געפינט זיך אויך די ביבליאטעק, דער קלוב, דארט שטעלט דער דראמקרייז ספעקטאקלען...

— וואס שטעלט איר? — פרעג איך דעם סעקרעטאר, וועלכער האט זיך געעסקט ארום דער וואנט־צייטונג, אויף וועלכער עס איז שוין געווען פריש אויפגעשריבן מיט פיאלעטעווער טינט און באמאלן ארום די מעשה „פארדזאן” און יקא טראקטאר.

— מיר האבן געשטעלט שלום עליכמס „דאס גרויסע געווינס”, פרץ הירשביינס „גרינע פעלדער” און יעקב גארדינס „גאט מענטש און טייוול”. — ענטפערט ער און גיט צו: — מיר שפילן אויך אוקראיניש. מיר האבן דעם ווינטער געשפילט א נייע אוקראינישע פיעסע, האבן מיר געהאט אלע פויערים פון ארום צו גאסט ביי אונדז...

פון דארט זייגען מיר אוועק אין א צווייטן ישוב. דאס איז גאר א נייער ישוב, לעצטן יאר געגרינדעט, אבער די גרעסטע טייל, פון אלטע קאלאניסטן, טאקע פון דעם ראיאן. אין דער צייט פון בירגער־קריג זייגען זיי זיך פונאנדערגעלאפן, איצט קאלאניזירן זיי זיך פונדאסניי. זייערע אלטע פעלדער זייגען שוין פארנומען פון אנדערע, נאר וואס איז דען דער חילוק? זיי הויבן אן זייער קאלאניסטישע קאריערע פונדאסניי. פאר זיי איז נישטא וואס צו זארגן. אזוי גיך זאלן אלע איבערוואנדערער זיך באפעסטיקן, ווי אט די אלט־נייע קאלאניסטן וועלן באוואקסן ווערן. אן טענות, איז אבער נישט שייך. א פעסטער קאלאניסטישער בהור, מיט א פאר ליוועראנטישע גזלנישע אויגן, קלאגט זיך פאר חבר אראנאוו: א י ם ווילן זיי נישט שניידן דעם ווייץ...

— ווער איז דער זיי? — פרעג איך און ווער געוואוירע: זיי, דער דארפסראט, דער קאלעקטיוו. זיי זאגן ער מאכט געשעפט מיט פערד, מעג ער האבן פערד צו דער ארבעט און נישט אנגעבן זיך פאר א נעבעך. א קאלאניסט מעג נאך די ארבעטס־חדשים אוועקגיין אויף ארבעט אין אן אנדער ארט, נאר נישט האנדלען.

— חבר אראנאוו! — שטייט ער צו, — איכל פון דעם ארט

נישט אוועקגיין, זאָל מען מיך אוועקטראָגן אַ טויטן... האָבן אויך מיר אויסגעטראַכט אַ בלבול...

— דער דאָרפסראַט האָט באַשלאָסן, איך קען דאָ גאָרנישט מאַכן — ענטפערט חבר אַראָנאָוו און ער הערט שוין אויס די טענות פון אַ אידענע:

— מען האָט זי אַריינגעזעצט צווישן די דובאָסאַרער, האָט מען זי אַריינגעזעצט, אין דער 94־טער גרופּע, און זי איז אַ פּאָדאָליער, אַ האַלאָוואַניעווסקער איז זי, ווייל זי זיצן מיט די האַלאָוואַניעווסקער, זי האָט געהערט דער חבר אַראָנאָוו איז דאָ, איז זי געקומען אים בעטן, ער זאָל איר טאָן די טובה, ער איז דאָך אַזאַ גוטער, ער וועט איר נישט לאָזן אומקומען.

— אייער מאַן וויל דאָך אָבער גאָר צווישן די דובאָסאַרער... איך וועט זיך דאָך נישט גטן מיט אייער מאַן דערפאַר... גייט אהיים, מירן באַלד זיין ביי אייך, וועלן מיר זען...

דערווייל האָט זיך צונויפגעקליבן אויפן פּלאַץ ביי דער שטוב, וואו מען אַמפּערט זיך און מען רעדט צום הונדערטסטן מאָל איבער די טענות אַרום דעם אייגענעם „פּאָרדזאָן" און דער יקאָס טראַקטאָר, אַן עולם מיט אידן און ווייבער. וואָס נאָר פּאַר אַ טענה זיי האָבן, לייגן זיי אויס. עפּעס זיינען דאָך געקומען געסט, אַמעריקאַנער, וועלן זיך די טענות אפשר גיכער אָננעמען... פאַראַן אויפן ישוב צו גאַסט אַ פּאָר שטאָטישע פרויען, געקומען צו אַ שוועסטער, צו אַ מומען. טענהן זיי: זעט, זעט, ווי שוואַרץ זיי זיינען געוואָרן דאָ ווי די ציגיינערטעס, מען דערקענט זיי דאָך שוין באַלד נישט. אַז נישט האָט זי עס געדאַרפט האָבן... אָט, איר מאַן האָט געקריגן אַ שטעלע אין שטאָט, איז דען שלעכט? אָט איז זי אַליין געקומען צו גאַסט און געבראַכט עפּעס דער שוועסטער...

— הערט, חבר אַראָנאָוו, טאָמער וואָלט איר גאָר אַרויסגעשיקט פון דאַנען אָט די פרעמדע ווייבער, — רופט זיך אָן אַ ברייטער איד מיט אַ ווייסער באָרד, אַ איד אַ גבר פון די אַלטע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן זיך פונדאַסניי באַזעצט, — מיר האָבן דאָ גענוג אייגענע ווייבער!

— הלוואי, הלוואי, שיקט מען אַלעמען אַרוים. קוקט אַ הולך. אַז נישט איז מען אין שטאָט אַזוי געגאַנגען?...

— אויף צוריק טאָר מען נישט קוקן, אידענע. לוט׳ס ווייב האָט געקוקט אויף צוריק, איז פון איר געוואָרן א שטיק זאַלץ...

צום סוף פון אַלע טענות, קומען די ווייבער צו א הסכם, אז טאָ־קע, וואָס איז דאָ צו ריידן פון דער שטאָט. ס׳איז נאַרישקייטן. נאָר דער דאָקטאָר, דאַרף מען זען, זאָל זיין נעגטער. אידן זיינען נישט קיין גויים, וואָס קענען זיך באַגיין אָן א דאָקטער.

— אָט אזוי זשע רעדט, אידענעס, — מישט זיך ווידער אריין דער איד דער גבר מיט דער ווייסער באָרד. — מיר דאַרפן פון אונ־דזערט וועגן אויך עפּעס א לייטישערן דאָקטער: סאַמע ערב שניט פאָרט ער זיך אוועק אין אורלויב און דאָ עסט זיך איבער דאָס פערד ביי דעם פאָדאָליער. וואָס ווייסט א מלמד? גיט ער אים דאָרט עפּעס איין און איך האָב מורא ער וועט שוין קיין פערד נישט האָבן...

מיר זעצן זיך ווידער אויף אױף דער מאַשין און אָט זיינען מיר שוין ביי די דובאָסאַרער. דאָס איז א גרופּע פון עטלעכע און דרייסיק משפחות, וואָס זיינען ערשט דעם פרילינג אַרויפגעקומען אויף דער ערד. דער ישוב נומער 94.

פאַר דער צייט וואָס זיי זיינען אַרויפגעקומען, האָבן זיי באַוויזן אויפצואַקערן און פאַרזייען, פאַרגרייטן שוואַרצן „פאַר" אויף ווינטער־תבואה, פאַרפלאַנצן א ווייגגאָרטן און שוין געשטעלט זיך אויסבויען פאַר זיך הייזער. נאָר ווידער די ביוראָקראַטישע מומע. פּלוצים קומט אָן א באַפעל אָפּצושטעלן דאָס בויען. מען ווייסט נישט פאַרוואָס און פאַר ווען, זיינען זיי געבליבן אינמיטן בויען, די „זרובעס" (פיר ווענט) וואָס זיי האָבן באַוויזן טיילווייז אויפצושטעלן ווערן א תל און זיי אַליין וואוינען אין באַראַק. דער באַראַק איז מיט לעכער, עס רינט אריין בעת א רעגן. איצט איז שוין ווידער פאַראַן א באַפעל צו בויען, גיט מען זיי נישט קיין לאַמפּאַטש (ציגל פון בלאָטע מיט שטרוי געמישט). ס׳איז שוין אפילו א פּאָר טעג צום שניט, נאָר זיי וואָלטן נאָך עפּעס באַוויזן אויפצוטון ביזן שניידן. וואָרום שניט־צייט וועלן זיי גאָרנישט קענען טאָן עפּעס אנדערש און דאָ קומט אָן דער אָסיען, קעלטן, רעגנס, די „זרובעס" דאַרפן טרוקענען, אז נישט וועלן זיי נעצן...

בעת מיר קומען אריין אין באַראַק, איז ביי זיי א זיצונג. נישט נאָר די מאַנסבלען זיינען דערביי, נאָר אויך די ווייבער, אשת חילס,

און די טעכטער, מיידלעך מיט אָדלער־אויגן און מיט הענט, אַז עס ברענט אונטער זיי.

עס גייט אַ שטרייט אַרום דעם שניט, וואָס דאַרף זיך באַלד אָנ־הויבן. די דובאָסאַרער זיינען צעטיילט אויף צווייען: אַ האַלב איז אָרגאַניזירט אין אַ קאָלעקטיוו און די צווייטע האַלב, איז געבליבן אינ־דיווידועל. וואָס גאָט גיט — זאָגן די ערשטע — זאָל זיין איינינעם. וואָס גאָט גיט — לייגן די צווייטע איבער דאָס זעלבע ווערטל — זאָל זיין באַזונדער. די מאַשין צום שניידן און דרעשען באַקומט דער קאָ־לעקטיוו און לויט עס איז איינגעפירט, באַדינט ער אויך די אינדי־ווידועלע ווירטשאַפטן. מיר קומען אָן דערויף, ווי עס טענהט אַ יונ־גערמאַנטשיק, דאָס געשליפענע צינגל פון די אינדיווידועלע: בכן, ער האָט געהערט, ווי באַרבאַראַש (דער סעקרעטאַר פונעם קאָלעקטיוו) האָט זיך אויסגעדריקט (ער רעדט אַ ליטעראַרישן אידיש), אַז דער קאָלעקטיוו וועט מיט דער מאַשין נישט באַדינען די אינדיווידועלע ווירטשאַפטן. דער סעקרעטאַר פונעם קאָלעקטיוו, אַ בלאָנדער, אַ קליי־ענדיקער יונגערמאַן, ענטפערט אים: ער האָט יאָ געזאָגט, ער האָט נישט געזאָגט, נאָר פאַרוואָס טאַקע קומט זיי צו אָבסלוזשעווען מיט דער מאַשין? איר ווילט אייך זיין אינדיווידואַלנע כאַזיאַינעס, נעמט מען אַ קאַטאָק, ווי די גויים טוען, מען שפּאַנט זיך איין, אויב איר האָט נישט קיין פערד, און מען מאָלאָציעט...

דער חבר אָרגאַנאָוו מאַכט אַ סוף צו דעם וויכוח: מען וועט אייך אָפּדרעשן דעם ווייץ, נאָר מיט אַן אמתן, וואָס האָט איר אַזוי מורא פאַר אַ קאָלעקטיוו? אָט זעט איר דאָך, זיי איז גרינגער. די מאַשין גיט מען ז יי, נישט א יי ך. מען וועט דאָך יעדן איינעם פון אייך קיין מאַשין נישט געבן. און דאָס ערשטע וועט דאָך די מאַשין אָפּשניידן די תבואה ביי זיי. און טאָמער הויבט אָן רעגענען?

קיין גלייכער ענטפער דערויף איז נישטאָ. דער יונגערמאַנטשיק מיטן געשליפענעם צינגל געפינט פאַר גלייכער צו שווייגן. נאָר איינער פונעם קאָלעקטיוו, גיט אַ זאָג ווי אָן אַ זייט אַריין:

— ווען מען זאָל אים מאַכן פאַר סעקרעטאַר, וואָלט ער שוין געווען פאַר אַ קאָלעקטיוו. די קענגער, דאָס זיינען זיי צד...

דאָ מיש איך זיך שוין אריין: — ס'איז מיר דאָפּלט טייער מיין באַגעגעניש דאָ אויף דעם פעלד מיט די דובאָסאַרער, ווי מיט טיכטיקע פּויערים, וואָס דינען אַלס ביישפּיל מיט זייער אַרבעטזאַמקייט און, ווי מיט לאַנדסלייט, נאָר עס וועט מיר זייער גישט אָנגענעמען זיין, מען זאָל מאַכן פון דעם ענין אַ פּערזענלעכן סכסוך.

עס נעמט אַן עק צו דעם ענין, וואָס ווערט באַטראַכט אַלס דער־ליידיקט און דער סעקרעטאַר ווענדט זיך צום חבר אַראָנאָוו:

— גוט וואָס איר זיינט געקומען, חבר אַראָנאָוו, און וואָס דער הער אַנטיזערסקי איז אויך דאָ. וואָס וועט זיין מיט די צווייטע קי?

— איר וועט זי האָבן — ענטפערט חבר אַראָנאָוו.

— איך האָב וועגן דעם קיין ידיעה גישט — מערקט אָן דערויף אַנטיזערסקי. פון וואַנען נעמט איר דאָס, אַז די ביוראָ וועט אַרויס־געבן די צווייטע קו?

— איך זאָג אייך, אַז איר וועט זי האָבן — זאָגט ווידעראַמאָל חבר אַראָנאָוו. און אַז חבר אַראָנאָוו זאָגט, גלויבן זיי אים, די אי־בערוואַנדערער.

וואָס איז די מעשה מיט דער צווייטער קו?

דאָס איז איינע פון די מעשהס וואָס טרעפן זיך ביי דער יקאָ:

לויטן אָפּמאַך דאַרף די יקאָ אַרויסגעבן דעם איבערוואַנדערער אין קרעדיט צוויי קי. בעת די יקאָ האָט צוזאַמענגעשטעלט איר ביודזשעט, איז די פּרייז פון אַ מעלקעוודיקער קו געווען 100 רובל; איז אָבער אין דער לעצטער צייט די פּרייז אויף בהמות געשטיגן ביז 140 און 150 אַ קו, וויל זי דעריבער מער ווי צו 1 קו גישט אַרויסגעבן. די יקאָ ביוראָ טענהט, אַז זי האָט בלויז באַשטימט צו 1.200 רובל קרעדיט אויף אַן איבערוואַנדערער, און אַז זי זאָל געבן איצט צו צוויי קי, וועט שוין דער קרעדיט באַטרעפן 1.300 רובל...

— וואו איז אָבער דער שכל? אָן דער צווייטער קו, איז דאָך כמעט גישט מעגלעך אַן איבערוואַנדערער זאָל זיך האַלטן: די מילך איז גישט נאָר פאַר זיין משפחה, נאָר אַ וויכטיקער טייל פון זיין הכנסה, אָן וועלכער ער וועט דער יקאָ גישט קענען צאָלן?

**וויפל דער קאָמערד־פאַרשטייער פון קרייז האָט גישט אַפּעלירט צום שכל פון דער יקאָ, האָט עס גישט געהאָלפן. ביז דער קאָמערד**

האָט געמוזט אַפּעלירן צום קאָנטראַקט, וואָס רעדט פון צוויי קי און נישט פון 1.200 רובל.

דאָס אייגענע קומט פאָר מיט די הייזער. די יקאַ בויט דאָס הויז אַזוי לאַנג עס איז נישט אויסגעפּילט דער ביודזשעט פון די 1.200 רובל. קוים איז שוין דער ביודזשעט פול, אַזוי מעג אויספעלן אַ שטיק דאַך צום דערדעקן, אָדער אַפילו איין ברעטל, וועט זי לאָזן דעם דאַך אַ נישט פאַרענדיקטן, דער רעגן זאָל די גאַנצע שטוב איינוואַלגערן. און נישט יעדער איבערוואַנדערער האָט די מעגלעכקייט אויף אייגענעם חשבון די שטוב צו פאַרענדיקן.

שפּעטער, בעת איך האָב מיך אָנגעטראָפן מיט דעם חבר סור־דאַרסקי אין אדעס און איך האָב אים אָנגעוויזן אויף אַט דער ביוראָ־קראַטישער ווילדקייט פון דער יקאַ, האָט ער מיר דערציילט, אַז אָפט קומט פשוט אוים צו סטראַשען די פאַרשטייער מיט אַרעסט, און ער האָט שוין איינמאָל מיט אַן אמת אַרעסטירט אַ דזשווינט־פאַרשטייער.

יאָ, איר ווילט דאָך מסתמא וויסן מכוח דער בקשה פון דער האָלאָ־וואַניעווסקער אידענע מען זאָל זי אַרויספירן פון דער דובאָסאַרער גרוּ־פּע? ס'איז איר נישט געלונגען. דער מאַן וויל נישט: זיי זיינען טאַקע קאַטן די דובאָסאַרער, נישט קיין אַרבעטער, שווער זיי נאָכצוהאַלטן, נאָר ס'איז מיט זיי פריילעך.

איך האָב ביי מיר פאַרצייכנט אַ טייל פון אַט די דובאָסאַרער:

יאָסל און איציק באַרבאַראָש, ישיע און נחום באָטאָשאַנסקי, מנשה שטיינבערג, יאָסל סאַנדלער, חיים בראָדסקי, הערש באָרשט, ישראל שאַץ, לייב וויסערמאַן, אהרן ריוועלים.

ביישפּילפּולע בויער פון דעם נייעם אידישן לעבן אויף די זאַ־פּאָראָזשיער פעלדער.

*14*

היינט, זונטיק, איז אין הוליאַיפּאָליע מאַרקטאָג. דער גאַנצער פּלאַץ פאַר אונדזער אכסניה איז פול מיט פויערים און פויערטעס, מיט פערד און וועגענער. די שטעלעכלעך, וואָס זיינען געכטן געשטאַנען ליי־

דיק, זיינען היינט פארוואלגערט מיט פרובט, מיט נייע קליינע עפּעלעך און האַרטע באַרלעך, מיט איבערגעצייטיקטע לעצטע ווײַנשל און ערד־שטע באַטויטע פלוימען, מיט אַגרעסן און ווײַנפּערלעך, וואָס דערמאַ־נען דאָ אין דער אומגעבונג קינדערישע יאָרן. אַנדערע שטעלעכלעך זיי־נען אויסגעלייגט מיט געבעקס פון ווייסן מעל, מיט בייגל, מיט קנישעס און וואַרעניקעס, מיט לאַטקעס. דאָ פאַרקויפט מען קעז און פּוטער, ווייסער פרישער קעז, ערשט פונעם וואָרעטשעק, און געלע גרויסע קנוילן פּוטער, אין נאַסע טיכער איינגעוויקלט.

דאָס אַלטע פויערישע דאָרף האָט אַרויסגעפירט זיין פּראָדוקציע אויפן מאַרק. אויפן פּריוואַטן מאַרק. פון פירן די פרוכטן און די פּראָ־דוקטן זיינע אין דער קאָאָפּעראַטיווע, וויל ער נאָך נישט וויסן; עס לייגט זיך אים שווער אויפן זינען, כאָטש דאָס וואָס ער באַדאַרף צו זיין ווירטשאַפט, מוז ער קויפן אין דער קאָאָפּעראַטיווער קראָם. טרעפט מאַקע דעריבער, ווי מיר איז שפּעטער אויסגעקומען צו זען אין די שטעט, אַז עס פעלן אין די קאָאָפּעראַטיוון דאָרפישע פּראָדוקטן און מען מוז אָנקומען צו קויפן זיי בא די פּריוואַטע קרעמער, וואָס פאַרן אויפקויפן די פּראָדוקטן אין דאָרף און אויף די מאַרקטעג אין די שטעטלעך; זיי צאָלן טייערער פון דער אָפיציעלער פּרייז און פאַרקויפן נאָך טייערער. פאַראַן סוחרים, וואָס קויפן אויס דעם מאַרק און דערנאָך מוז אפילו די קאָאָפּעראַטיווע אָנקומען צו זיי נאָך די דאָרפישע פּראָ־דוקטן. דאָס זיינען די גרויסע לויתנם פון דער נעפּמאַנישער וועלט, וואָס אונטער זיי אַרבעטן אַ מחנה קלענערע, וועלכע איך האָב דאָ אויפן מאַרק געזען אַרומשמייען.

דער דאָזיקער מאַרק ציט זיך ביז די קראָמען און וואַרשטאַטן מיט שילדן פון קאָאָפּעראַטיוועס און אַרטעלן. צוויי לאַנגע קאָרפּוסן אויף הילצערנע טרעפּ, אונטער אַ פאָראַשעק, זיינען באַהאַנגען מיט טאַנדעטנע פינדזשאַקעס און הויזנס, מיט קוטשמעס און געוועגטענע היטלען מיט גלאַנציקע דאַשקעס, מיט פויערישע שיך און שטיוול, מיט הילצערנע כלים, פור־מכשירים, אַרבעטס-געצייג און בלעכן געפעס. די פאַרקויפער זיינען יונגערע און עלטערע אידן מיט בערד, וואָס זיינען אויף דער עלטער געוואָרן מיטגלידער פון קאָלעקטיוון און פון פּראָפע־סיאָנעלע פאַריינען, אידן וואָס האָבן פריער געוואוסט, אַז אַ מיטגליד

קען מען זיין נאָר אין חברה משניות, חברה תהלים און חברה „מאַ־לאַטשע”. פאַראַן אויך באַזונדערע, קליינע סחורה־שטעלעכלעך, פּריוואַטע.

איך האָב מיך צוגעקוקט צו די אידן פון די שטעלעכלעך, פון די קראָמען און וואַרשטאַטן, ווי צו די אויפקויפער פון פּרוכטן און פון קעז און פּוטער און עס איז מיר איינגעפאַלן צו קלאַסיפיצירן די דע־קלאַסירטע: דער באַלמלאָכע און דעם קרעמער, אויב אפילו ער גייט נישט איבער אין אַרטעל און קאָאָפּעראַטיוו, לעבט ער זיך אויס אין זיין באַשעפטיקונג אַלס מענטש, וואָס שטייט מחוץ פון דער סאָוועטי־שער ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור, נאָר וועלכן די סאָוועטישע מאַכט מוז באַטראַכטן אַלס אָרנטלעכן, אַלנפאַלס נישט שעדלעכן מענטשן. צווישן די קרעמער אויף די שטעלעכלעך, האָב איך, אַגב, געטראָפן אַזעלכע, וואָס האַנדלען מיט דער דערלויבעניש פון דער מאַכט אָן שום שטייער־אָפּצאָל. דאָס זיינען אינוואַלידן און אַלטע קרעמער, וואָס באַ־קומען די דאָזיקע פּריווילעגיע פון דער שטאַטלשער קאַסע פאַר סאָ־ציאַלער הילף. די אויפקויפער אָבער, דאָס איז דער ערגסטער מין „נעפּ”. דער שעדלעכסטער עלעמענט פאַר דער קאָאָפּעראַטיוויזאַציע. ער איז אויך דער וואָס קויפט אויף פּריוואַט די תבואה ביים פּויער, שאַפט דעם יקרות אויף ברויט פון די פּריוואַטע בעקערייען, אויף אַלע אַנדערע דאָרפישע פּראָדוקטן און אומדירעקט אויך אויף די שטאַטישע פאַ־בריקאַטן.

די שעדלעכע ווירקונג אויף דער סאָוועטישער ווירטשאַפט מצד דעם דאָזיקן מין נעפּמאַן, דעם פּריוואַטן אויפקויפער, האָב איך באַ־געגנט פון מיינע ערשטע שריט אויף דער סאָוועטישער ערד. שוין אין מאָסקווע, האָב איך געזען ווי פאַר דעם ברויט וואָס דער אַרבעטער באַקומט אין זיין קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי פאַר 6 קאָפּיקעס אַ קילאָ, צאָלט דער ניט־מיטגליד 22 קאָפּיקעס. דאָס אייגענע האָב איך געזען אין כאַרקאָוו און דאָ גופא אין דעם שטעטל, וואָס שטייט צווישן אַזוי פיל תבואה-פעלדער. דאָס איז געווען איינע פון די הויפּט־טענות און בכלל קלאָגעניש, וואָס איך האָב געהערט פון די אַזוי גערופענע „ניט־אַרבעטנדיקע” (ניע טרודיאַשטשיעסיאַ), וואָס זיינען דעריבער נישט קיין מיטגלידער אין די קאָאָפּעראַטיוון, צווישן וועלכע עס גייען אַריין

די פּריוואַטע קרעמער און בכלל נישט אָרגאַניזירטע. די זעלבע טענה האָבן געהאַט די פּריוואַטע באַלמעלאָכעס, וואָס זייער רעכט אויף ברויט לויט די קאָאָפּעראַטיווע פּרייזן איז באַגרעניצט און זיי מוזן צוקויפן ברויט אין די פּריוואַטע בעקערייען.

דאָס אינטערעסאַנטע און כאַראַקטעריסטישע דערביי איז, וואָס אַט די טענות און קלאָגענישן פאַלן אויף דער סאָוועטישער מאַכט, אויף דער נייער אָרדנונג, און נישט אויף די נעפּליים, אויף די פּריוואַטע סוחרים, וואָס שאַפן דעם יקרות. — וואָס קען דען זיין שולדיק אַ איד, וואָס זוכט זיך פּרנסה?... אַלע אידן זוכן זיך פּרנסה. און וואָס שענער איז אַוודאי בעסער... און אַ אידענע, וואָס האָט ערשט געקויפט אַ שוואַרץ ברויט פון 2 קילאָ אין דער פּריוואַטער בעקעריי און האָט דער־רויף איבערגעצאָלט אַ האַלבן רובל, ווערליק אין דער קאָאָפּעראַטיווע, וואָס איז אַוועק אין די קעשענעס פון דעם פּריוואַטן סוחר, גייט אַהיים און ווינטשט זיך: — הלוואי אָן זיין שאַדן אויף איר געזאָגט געוואָרן... באַשולדיקן, באַשולדיקט זי די סאָוועטישע מאַכט, „זיי״, די באַלשע־וויקעס, אַז אויסגעכאַפּט זאָלן זיי ווערן. גאַטעניו.'. (שילטן די באַלשע־וויקעס קען מען אין סאָוועטנלאַנד פראַנק און פריי. עס קומט דערפאַר גאָרנישט).

און נישט נאָר די אידענע מיינט אַזוי, נאָר אפילו אַרבעטער זיי־נען פאַראַן אַזעלכע — אַרבעטער מיט ווייכע הערצער און האַרטע קעפּ, וואָס האָבן זיך נאָך נישט אויסגעפּעלט אינעם ראַטנפאַרבאַנד, אַר־בעטער, וואָס האָבן קרובים צווישן די נעפּליים און גלאַט אָפּגעשטאַ־נענע — און איך האָב אַזעלכע באַגעגנט נישט איינעם — וואָס באַשול־דיקן אינעם יקרות די ראַטנמאַכט. אַ סימן — ביים צאַר איז געווען דריי קאָפּיקעס אַ פונט ברויט.

אויף אַט דעם מין אַרבעטער, האָב איך מיך שפּעטער אָנגעשטויסן אינעם באַרימטן אדעס. איך וועל מיך נאָך צו אים אומקערן, ווען איך וועל קומען צו אָט דער ספּעציפישער שטאָט, לויטן סדר פון מיין נסיעה. איצט לאָמיר צוריקגיין צום הולי־אַפּאַליער מאַרק.

הינטער די קראָמען און וואַרשטאַטן הויבט זיך ערשט אָן דער וויכטיקסטער מאַרק, די „טאָרהאָוויצע״, אָדער „קאָניצע״, ווי מען רופט אין פאַרשידענע געגנטן פון אוקראַינע דעם מאַרק, וואו מען

האַנדלט פערד און קי, אָקסן און חזירים. דאָס הירזשען פון יונגע לאַ־שעקעס, דאָס כריוקען פון די חזירים, דער קנאַק פון בייטשן און סוויס־טשען פון ליוועראַנטן, שטייט אין דעם זומערדיקן, פריידיק-צעשרי־גענעם טאָג, ווי דער רעש פון אַ ציגיינערישער חתונה, אויף וועלכער עס האָט זיך צעהוליעט און צעשמייכלט אַ ציגיינער מיט זיינע ווייסע ציין.

איינער אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון די אַמאָליקע אוקראַי־נישע מאַרקטעג פעלט דאָ. עס פעלן דאָ די צעלטן מיט שניט־סחורה, מיט די פילקאָלירטע פאַטשיילעס, רויטן קאַמאַש, בלויען סיץ, ווייסן לייוונט און שוואַרצן טריקאָט, וואָס פלעגן אַזוי צוציען די גיריקע אויגן פון די „כאַזיאַיקעס" און „מאָלאָדיצעס". דאָס מין פאַרקויפט מען היינט נישט אין מאַרק: מען קריגט דאָס נאָר אין דער קאָאָפּעראַ־טיווע און געבן גיט מען דאָס נאָר פאַר ווייץ, פאַר פּראָדוקטן, וואָס ווערן אין דעם מלוכה־שפּייכלער אַריינגעפירט.ביים פּריוואַטן קרעמער קריגט מען דאָס נישט און אויך נישט פאַר געלט אין קאָאָפּעראַטיוו.

אויף דער „טאָרהאָוויצע", צווישן דעם געדרענג און געפילדער, צווישן פערד און בהמות, צווישן ליוועראַנטן און אָרטיקע פויערים, זעט מען אידישע איבערוואַנדערער איינהאַנדלען אַ פערד, אַ קו פאַר דער ווירטשאַפט. ער באַטראַכט דאָס פערד, די קו, רופט צו אַ מבין, אגב, אַן אַנגעשטעלטן ביי דער יקאָ, וועלכער קוקט דעם פערד אין די ציין, טאַפּט די קו ביים הייטער, פאַרדרייסט איר די אויבערשטע ליפּ, ווענט זי אויף אַ וואָגשאָל: זי גיט מילך, נאָר זי איז צו אַלט; יענע איז אַ יונגע בהמה, נאָר וועט גיך ווערן יאַלעווע; ביז ער שטעלט זיך אָפּ אויף אַ קו און הייסט קויפן. דער איבערוואַנדערער קראַצט זיך אין קאָפּ: די יקאָ האָט אים געגעבן בלויז 100 רובל און די קו קאָסט 154. ער האָט ביי זיך אַ קניפּל באַזונדער, ס'איז אָפּגעשפּאָרט פונעם מויל, פון באַר־וועס גיין, פון קליגן זיך ווי אַ נייע לאַטע אַרויפצולייגן אויף די גע־לאַטעטע וועש און הויזן; וואָס קען מען מאַכן. ער באַצאָלט מיט אַ קרעכץ... און פירט די קו אַהיים.

דער קליינער צימער, וואָס דער קאָמערד פאַרנעמט אין הויז פון שטעטלשן ראַט, איז פול מיט איבערוואַנדערער, אידן און ווייבער. זונ־טיק, ווען זיי קומען אין מאַרק, טרעטן זיי שוין אָפּ אַהער, צום חבר

אַראַנאָוו. יעדער האָט עפּעס צו בעטן, יעדער האָט זיך צו באַקלאָגן אויף עפּעס: ער בויט זיך די שטוב, האָט די יק"א ביורא אים צוגעשטעלט לאַמפּאַטש, ברעכט ער זיך, וויפל ער גענהט דאָרט און זיי הערן אים נישט. דער סעקרעטאר פונעם דאָרפראַט אין יענעם און יענעם ישוב איז געקומען זאָגן דעם חבר אַראַנאָוו, אַז זיי האָבן אַן עקסטרא זיצונג און ס'וואָלט גוט געווען ער זאָל ביַיזיַין, מחמת מען דאַרף וויסן די מיינונג פון קאָמערד וועגן אַ געוויסן ענין. דער פאָרזיצער פון אַ נישט אידישן נאָענטן „סעלסאָוועט", (דאָרפס־ראַט) וויל וויסן מכוח דער נייער אַמבולאַטאָריע, וואָס פּלאַנעוועט זיך אינעם קרייז און צי סע וואָלט נישט גלייך געווען מען זאָל זי מאַכן גרעסער און זי זאָל באַדינען אויך זייער דאָרף. אַ צווייטער האָט אַ פאָרשלאָג מען זאָל איבערגעדר־פירן די סאַניטאַרע באַדינונג, וואָס זאָגט דערויף דער פאָרשטייער פון קאָמערד, און צי זאָל מען נישט בשותפות אַרויפטראָגן דעם עניָן אויפן טאָג־סדר אין קרייז... און אָט איז ווידער די האַלאָוואַניעווסקער אי־דענע: זי איז קראַנק, נערוועז, קען נישט אויסקומען מיט די דובאָסאַ־רער ווייבער און איר מאַן איז שוין מסכים מען זאָל אים געבן אַ נחלה אין דער פּאָדאָליער גרופּע...

חבר אַראַנאָוו הויבט אָן איר איינריידן, אַז אַ שאָד דעם מאַנס האָרעוואַניע די גאַנצע צייט, דאָ האָט ער זיך שוין איינגעלעבט, די שטוב אָנגעהויבן בויען, וויינגאָרטן פאַרפּלאַנצט, וואָס די פּאָדאָליער האָבן נישט. און וואָס וועט ער גיין צווישן מלמדים? ער וועט דאָרט אויך ווערן אַ „מלמד"... נאָר זאָל ער אַ ל יי ן קומען...

אָפּגעפּאַרטיקט די געסט, נעמען מיר ווידער דעם יקאָ־אויטאָמאָ־ביל. דאָס מאָל פירט אונדז אַ צווייטער אָנגעשטעלטער: רובין.

מיר פאָרן איצט אַ לענגערן וועג. אונדזער אויטאָ יאָגט אָן אַ פור מיט צוגעבונדענע פון הינטן לאַשעקעס, וואָס דערשרעקן זיך. אין אַ טאָל שטייט די אַלטע אידישע קאָלאָניע מעזשעריטש. די קאָלאָניסטן פון דער קאָלאָניע קולטיווירן נישט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר זיי זעצן קנאָבל. ברייט און ווייט איבער דער מדינה גייט מעזשעריטשער קנאָבל. דער בית־מדרש, אַ ווייסער, אַ גרויסער קוקט אויפן דאָרף. זיי האָבן אויך אַ קינדער־שול, אַ פיר־יאָריקע. איצט אין אורלויב מיט דער לע־רעריקע פון דער מעזשעריטשער שול האָב איך מיך גראָד געטראָפן אין

מאלאכאווקע, אין דער קינדער־קאלאניע לעבן מאסקווע, וואס ביי יעדן אידישן לערער און לערערקע איז עס א וואונטש צו באקענען זיך מיט איר און מיט איר פארוואלטער, חבר ברוך שווארצמאן.

דורכפארנדיק, דערמאנט זיך מיר דער ענטפער, וואס די לערערקע האט מיר געגעבן אויף מיין פראגע, ווי איז די באציאונג פון די עלטערן אין אט דער אלטער קאלאניע צו דער נייער שול. אינטערעסאנטער מיינט זי, איז צו וויסן ווי איז די באציאונג פון די קינדער אין דער נייער שול צו זייערע עלטערן. פון דעם ענטפער האב איך פארשטאנען, אז די נייע סאוועטישע שול קימערט זיך גאנץ ווייניק צי איז דער אלטער דור צופרידן מיט דער נייער דערציאונג, וואס די קינדער באקומען אין איר. און וויכטיק איז, אז די קינדער זאלן וויסן דאס ארט וואס זייערע עלטערן פארנעמען אינעם לאנד, וואו עס בויט זיך די סאציאליסטישע געזעלשאפט.

מיר פארן צו צו א ישוב פון דורכוים געוועזענע מנחם מענדלס, ווי עס דריקט זיך אוים דער חבר אראנאוו. מיט דעם ישוב האט מען געהאט צו זינגען און צו זאגן. זיי זיינען געקומען און האבן זיך באזעצט. מען האט זיי נעגעבן דעם אינוועטאר און — גארנישט, זיי ארבעטן נישט. עס איז אוועק א יאר. א טייל זיינען געפארן אין היימישן שטעטל עפעס פארדינען, א טייל זיינען גלאט געזעסן און נעגעסן דאס פיסנע ברויט, וואס מען האט זיי אויסגעטיילט פון דער רעגירונג, ביז דער קאמערד האט זיי געשטעלט אן אולטימאטום: אדער איר נעמט זיך צו דער ארבעט אדער מען גיט אייך אויף הוצאות צוריק אין שטעטל אריין און ליידיקט אפ דאס פלאץ פאר אנדערע. און דער עולם האט זיך גענומען צו דער ארבעט. צוויי יאר צייט האט מען אלץ געמיינט, אז פון זיי וועט גארנישט ארויסקומען. איצט איז דער ישוב איינער פון די בעסטע, סיי מיט דער פלייסיקייט ביי דער ארבעט, סיי מיט זיין ארגאניזירטקייט. זיי האבן דעם בעסטן קאלעקטיוו און פירן זייערווירטשאפט מיט זעלטענער אויסגערעכנטקייט.

די הייזער דא זיינען אויך ווי אין די אנדערע ישובים, וואס מיר האבן באזוכט, נישט אפגעווייסט, דערפאר אבער טיכטיק אפגעטינקעוועט, וואו נישט וואו טראגט אויף זיך א שטיבל א סימן פון קאלך. מען האט די ווענט איינמאל אפגעשמירט און דער רעגן האט דעם קאלך

אראפגעוואשן. עס קומען אונטער א פאר אידן, וואס האבן אונדז פון ווייטן געזען צופארן. אין ישוב איז איצט האלב פוסט. דער עולם איז אין הוליאיפאליע, אויפן מארקטאג. ס'איז ערב שניט. נאך א טאג, העכסטנס צוויי, וועט מען שוין שניידן. עס שטייט אויפן הויף די שנייד־מאשין איינגעדעקט מיט שמרוי און מיט א קליינעם ברעזענט. דאס איז א מין וועגעלע מיט מעסערס און פליגלען, וואס לייגן אוים די זאנגען. מיט עטלעכע אזעלכע מאשינקעס נעמט מען אראפ די תבואה. צום דרעשן באנוצט מען א גרויסע מאשין וואס ווערט געטריבן פון א מאטאר.

— מען לויבט אייך פאר גוטע ארבעטער — באגעגן איך איינעם פון די אידן, א הויכן מיט א שיטער בערדל, א דארן, ווי א לולב, עט־וואס איינגעבויגן, וואס טראגט אן עמער אין דער האנט — ווי קומט עס וואס ביי אייך זיינען די הייזער נאקעט, נישט באפלאנצט?

— הע, הע! — ענטפערט ער מיר און קוקט צו אלעמען מיט א שמייכל — איר ווילט אלצדינג מיט אמאל. פרעגט דעם חבר אראנאוו ווי מיר ארבעטן. איך בין א בעלן אייך צו ווייזן אונדזערע עופות, זיי יואווינען ביי אונדז שענער ווי מיר האבן געוואוינט דא ווען מיר זיי־נען געקומען אהער. סעט נאך זיין בוימער פאר דער שטוב אויך...

מיך וואונדערט די רואיקייט און זיכערקייט פון דעם אידן, וואס איז געווען אמאל א שטעטלדיקער לופטמענטש און נאך מער וואונ־דערט מיך זיין באציאונג צו די עופות, ווי ער ווייזט ארוים באלעבא־טישקייט און פארשטענדעניש פאר דער זאך.

דער אנדערער איז א נידעריקער, מיט פארקאשערטע הויזן אויף בארוועסע שווארצע פים. ער זעט אוים מיט זיין ברייט צעווארפן שווארץ בערדל, ווי א שטיקל כלי קודש, א שוחט אדער א איד א יורד וואס איז געווארן א שמש אין קלויז. ער קומט צו און גיט אונדז אפ שלום. ער האט שוין געהערט, אז ס'זיינען געקומען דעלעגאטן פון ארגענטינע און פרעגט זיך נאך ווי לעבט זיך אידן אין ארגענטינע בכלל און בפרט די קאלאניסטן פונעם באראן הירש. איך זאג אין קורצן, אז ס'איז פאראן פארשידענע, רייכע און ארימע.

— עולם במנהגו נוהג — פארטייטשט ער עס מיר מיט א מימרא און איז צעפרידן וואס ער האט געקענט אריינווארפן א לשון קודש ווארט.

— פּאַ סטאַראָמו — פּאַרטייטשט עס דער הויכער איד אויף זיין אופן. קאָמו כליב א קאָמו גריב... קומט בעסער אריין צו מיר אין שטוב. איר וועט אויסטרינקען א גלאָז מילך, געסט, קאַלטע מילך, טשים מאַ־יעם טים פּרימאַיעם.

אין שטוב איז קיל, די ערד איז פריש אויסגעשמירט מיט ליים. אין מיטן צימער א פּירעקעביקער טיש נשט קיין פּאַרדעקטער. ביים טיש א לאַנג בענקל און אן אַלטער ווינער שטול, וואָס מען דאַרף זיך אויף אים זעצן זייער פּאַרזיכטיק.

— איר וועט מוזן טרינקען פון דער קוואָרט — פאַרענטפערט ער זיך — מיינע האָט ערגיץ אהינגעטאָן די גלעזער. זי זשאַלעוועט זיי אויף אינדערוואָכן...

מיר האָבן דאָ אָפּגערוט און געפאָרן ווייטער. מיר זיינען געפאָרן באַקוקן דעם „לאָמפּאַטש", וואָס די יקא האָט צוגעשטעלט פאַר די נייע הייזער.

מיר קומען אויף יענעם ישוב און מיר טרעפן א גאַנץ רעדל. אַלע באַקלאָגן זיך אויף דעם לאָמפּאַטש.

— נאַט, זעט! — כאַפּט איינער א ציגל, גיט אים א הויב אויף אין דער הויך און א וואָרף אָן דער ערד. דער ציגל צעשיט זיך. — ער האָט ווייניק שטרוי...

דער באַאַמטער פון יקא נעמט אויך א ציגל, וואַרפט אים אַראָפּ און ער צעשיט זיך גראָד נישט. ער וויל איינריידן דעם עולם, אַז עס איז נישט אַזוי געפערלעך ווי זיי מאַכן דאָס. נאָר זיי לאָזן זיך נישט איינריידן. א הויכער ברייטער ליטוואַק מיט א געלער לילנבלום־באָרד, וואַרפט א ציגל נאָך א ציגל אויף דער ערד און צעשיט זיי: נאַט זעט, און נאָך אים טוט דאָס אייגענע א צווייטער, א גערעזירטער, אין ברילן, וואָס זעט אויס ווי א פּראָוויזער אָדער גאָר ווי א דורכגעטרי־בענער וואַיאַזשאָר.

חבר אַראָנאָוו דערזעט אים און וואונדערט זיך:

— איר זענט נאָך דאָ? וואָס, געקומען צום שניט?

— איך בין באַלד צוריקגעקומען, איך בין שוין דאָ א פּאָר חדשים, פרעגט זיי, וועלן זיי אייך זאָגן. איך בין בלויז געפאָרן ברייגגען די קינדער...

חבר אראנאוו דערציילט מיר, אז דער דאזיקער איד איז שוין פארעכנט געווען אויף אראפצואווארפן. ס'איז א איד, וואס פלוצים ווערט ער פארפאלן, מען ווייסט נישט וואו ער איז אהינגעקומען. נאר אזוי ווי ער ווערט פארפאלן, אזוי פלוצלינג יאווועט ער זיך און שווערט זיך, אז ער וועט שוין פארבלייבן.

— דעם לעצטן מאל — ווארנט אים דער פארשטייער פון קאמערד־

עס בלייבט, אז דעם לאמפאטש מוז מען אומבייטן און מיר פארן ווייטער.

מיר קומען אין א ישוב און טרעפן כמעט אלעמען פאר די הייזער. די זון איז שוין אביסל אראפ, שטייט מען און מען שמועסט. מיר הערן אביסל טענות. ביי איינעם איז א פערד געפאלן און גראד איז עס נישט געווען סטראכירט. אוודאי וואלט ער עס באדארפט סטראכירן, נאר איצט וואס זאל ער טון?... קויפן, האט ער נישט קיין געלט...

דער עולם ווערט היימישער מיט אונדז, מען פרעגט זיך פונאנ־דער אויף ארגענטינע, ווי לעבט זיך דארט אידן און... וויפל קאסט אהין די רייזע. די דאזיקע לעצטע פראגע, פרעגט מיך גראד דער איד, ביי וועלכן דאס פערד איז געפאלן.

— איר האט נישט אויף א פערד צו דערווירטשאפט און פרעגט זיך וויפל ס'דארף קאסטן קיין ארגענטינע! — באמערק איך אים.

— הלוואי גיט מען מיר נאר א פאספארט, ווי אין הוצאות וואלט שוין קיין מניעה נישט געווען. — ענטפערט ער מיר אן א זייט און מיט א האלבן קול.

פון דעם ענטפער, ווערט מיר אביסל נישט היימלעך. א אומהייל־בארער מנחם מענדל.

און וועגן אט דעם אידן און וועגן נאך אזעלכע „לייכטע פאסא־זשירן" ווי ער, וואס איך האב באגעגנט צווישן די נייע אידישע הארע־פאשניקעס אין די צוויי טעג, וואס איך האב פארבראכט אין די נייע אידישע קאלאניעס, האב איך געטראכט דעם גאנצן וועג צוריק קיין הוליאיפאליע.

## 15

נישטאָ כמעט איין שטעטל, וואו ס'וואוינען אידן, אז דאָרט זאָל זיך נישט געפינען אן אָפּטיילונג אָדער ווי מען רופט דאָס דאָרט, א קעמערל, „געזערד"; ערשטנס, מחמת עס איז אינעם אינטערעס פון דער אינסטיטוציע, אז אין יעדן שטעטל זאָל זיך געפינען אן אָרט, וואו דער דעקלאַסירטער איד זאָל קענען אָנגעבן זיין בקשה איבערגעשיקט צו ווערן אויף א ישוב פון ערד־אַרבעט אָדער א אידישער יונגערמאַן זאָל זיך פאַרשרייבן אויף א קורס פון קוואַליפיקאַציע אויף אָנצוקומען אין א פאַבריק און אפילו אַלס נישט קוואַליפיצירטער; צווייטנס, איז דאָס „געזערד„־קעמערל אינעם שטעטל א געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, וואָס ציט אריין דאָס גאַנצע שטעטל, יונג און אַלט, מענער און פרויען. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין איז ביים שטעטלשן אַרבעטער און אָנגעשטעלטן זיין אייגענע לעבנס־פאַרזיכערונג; ער גיט אים זיין רעכט אויף אַרבעט און אויף אַלע מאַטעריעלע באַדערפענישן, לויט די פּריווילעגיעס, וואָס די אַרבעטער האָבן אין דער אַרבעטס מלוכה; דער קלוב, די ביבליאָטעק, דער לענין־ווינקל, זיינען זיין קולטור־אויסדרוק; דאָס „מאָפּר"־קעמערל פאַרבינדט אים מיט דער דרויסנדיקער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטערשאַפט; דאָס פּאַרטיי־קעמערל, אויב ער איז א פּאַרטיי־מענטש, האַלט אים געשפּאַנט אין דער אַלזייטיקער מלוכהשער סאָציאַליסטישער בויאונג; דאָס „געזערד"־קעמערל, ווען אפילו דאָס איז פאָרמעל אינטערנאַציאָנאַל, גיט דעם אידישן אַרבעטער דעם נאַציאָנאַלן באַגריף, שאַפט ביי אים די פאָרשטעלונג וועגן דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פונעם אידישן פאָלק אין ראַטנפאַרבאַנד און אירע פּערספּעקטיוון און ציט אים אריין אין דער אַרבעט פאַר דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער געזונטמאַכונג פון די אידישע מאַסן. דורך אָט דער ספּעציעלער אידישער אַרבעט, ווערט ער אויך באַקאַנט מיט דעם לעבן פון די אידישע מאַסן אין די אַנדערע לענדער.

אָט די ראָל, וואָס איך שרייב צו דעם „געזערד־קעמערל" וועט אפשר קלינגען פאַר אָפיציעלע קאָמוניסטן, באַזונדערס אויסער רוסלאַנד, ווי א נאַציאָנאַליסטישע אַפּיקורסות, מחמת דאָס אידישע נאַציאָנאַלע זעען זיי בלויז אין דער נאַציאָנאַלער פאָרם, דערין, וואָס אָט

די גאנצע אויסגערעכנטע געזעלשאפטלעכקייט: דער פראפעסיאנעלער פאריין, דאס פארטיי-קעמערל, דער קלוב, די ביבליאטעק, דאס לע־נין־ווינקל דאס מאפר־קעמערל און דאס געזערד־קעמערל, די קינדער־שול און די לעקציעס פאר דערוואקסענע, דאס טעאטער און די פאלי־טישע אויפקלערונג, זיינען געפירט אין אידיש, נאך מיט דעם צוגאב פון וויסנשאפטלעכער אידישער פארשונג.

נאר, אז מען קומט אין א אידיש שטעטל אויף א פארזאמלונג פאר־רופן פונעם געזערד־קעמערל און איר זעט פאר זיך א פולן זאל מיט זיין גאנצן שטעטלשן אקטיוו, מיט טאטעס און מאמעס, מיט זייערע קינדער די קאמיוגיסטן, קאמיוגיסטקעס, פיאנערן און פיאנערקעס, וואס ווייזן ארויס אזא שטארקן אינטערעס צו דעם אידישן סאציאלן איבערבוי און איר הערט זייערע רעדנער, מוזט איר זאגן, אז די געזערד־ארבעט שאפט צוזאמען מיט די נאציאנאלע ווירטשאפטלעכע פערספעקטיוון פאר די אידן, צוזאמען מיט דעם נאציאנאלן אינהאלט, אויך נאציא־נאלן באוואוסטזיין.

אט אזא פארזאמלונג פון געזערד־אקטיוו האב איך געזען אין הוליאיפאליע דעם אוונט פון 21־טן יולי, פארופן פונעם געזערד-קע־מערל, כדי אויסצוהערן דעם גרוס וואס מיר, די דעלעגאטן פון „פרא־קאר" אין ארגענטינע, האבן געבראכט פון די ארגענטינער הארעפאשנע און פראגרעסיווע אידישע מאסן, וואס נעמען אנטייל פון ווייטן אין דעם סאציאלן איבערבוי פון די דעקלאסירטע אידן אינעם ראטנפאר־באנד און דעם איינדרוק, וואס מיר האבן ארויסגעטראגן פון די נייע ישובים, וואס מיר האבן באזוכט.

פאר דעם אוונט בין איך געהאט צוויי מאל אויפגעטרעטן אין נאמען פון די ארגענטינער אידן, וואס סימפאטיזירן מיט דער אידי־שער קאלאניזאציע אין ראטנפארבאנד: איין מאל אין מאסקווע און איין מאל אין כארקאוו, אבער די ביידע מאל האב איך נישט געפילט אזוי נאענט צו מיר די אודיטאריע, ווי איצט. בעת מיינע אויפטרע־טונגען, האב איך שטענדיק געהאט שארף דעם געפיל פון די צוויי זייטן, צווישן וועלכע איך בין געשטאנען: הינטער מיר — די ארגענטינער אידישע באפעלקערונג, צו וועלכער איך בין צוגעקניפט מיט קנאפע 24 יאר געזעלשאפטלעכער ארבעט און מיט גרינגלעכן קענען דאס לעבן

און שטערבן פון אַלע אירע שיכטן און פאַר מיר — אידן פון דעם לאַנד, וואו איך האָב מיין אידישע און רעוואָלוציאָנערע דערציאונג באַקומען, וועלכע האָבן פאַר דער צייט פון די 24 יאָר אַזוינע שרעקלעכע און אַזוינע פריידיקע מאָמענטן איבערגעלעבט און זיינען איצט שותּפים צו דער בויאונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וועגן וועלכער איך האָב אַלע באַוואוסטזיניקע יאָרן מיינע געחלומט. אָבער סיי אין מאָסקווע, סיי אין כאַרקאָוו, האָט די זייט, וואָס איז געשטאַנען הינטער מיר, אַריבערגעוואויגן. איך האָב געפילט די פולע רעכט און דעם פולן חוב צו ריידן אין נאָמען פון די אַרגענטינער אידן, דערציילן וועגן זייער לעבן און וועגן זייער באַציאונג צו זייערע ברידער אינעם ראַטנפאַרבאַנד, איך האָב אָבער געפילט צווישן מיר און צווישן די צו וועלכע איך רעד, אַ וואַנט פון שולדיקייט. יאָרן פון שרעק און פיין, און יאָרן פון העראָאישן און עקשנותדיקן קאַמף אויף דער ערד, וואו די שטייסט איצט, וואו האָסטו זיי פאַרבראַכט? אָט די אַלע, וואָס שטייען פאַר דיר, מענטשן פון דיינע יאָרן, האָבן דאָס לאַנד אין זיינע שווערע צייטן נישט פאַרלאָזט... דאָ אין הוליאַיפּאָליע האָט זיך די וואַנט פון מיר אָפּגעטון. אַמכאָ איז געשטאַנען און איינגעהערט זיך מיטביידע אויערן צו מיין נישט הויכן קול, וואָס האָט זיי דערציילט וועגן אויך אַזעלכע ווי ער האָרעפּאַשניקעס, וואָס ווילן, אַז אינעם לאַנד פון אַרבעט, זאָלן די אידן האָבן אַ בכבודיקן און פאַרדינטן פּלאַץ. זיי זיינען געווען די ערשטע, מיט וועלכע איך האָב מיך געטיילט מיט מיינע איינדרוקן וועגן די געבורטווייען פון דעם נייעם אידן אויף די פעלדער פון זאַפּאָראָזשיע און וועגן די גרויסע דערפאָלגן, וואָס איך האָב דאָ געפונען: אין דריי יאָר צייט, בלויז אין דעם איינעם קרייז, אַנדערהאַלבן טויזנט משפּחות באַזעצטע, בעת ביי אונדז אין אַרגענטינע, אויף די גרויסע גרעניצלאָזע שטחים, זיינען דריי טויזנט אידישע ערד־אַרבעטער־משפּחות פאַראַן, נאָך פערציק יאָר אידישער קאָלאָניזאַציע. איך האָב זיי דערציילט וועגן דער אידישער הויפּט־פּרנסה אין אַרגענטינע, דער קליינער האַנדל און זיינע ספּעציפישע פאָרמען, און איך האָב געמערקט דעם ווייטיק אויף זייערע פּנימער — דער ווייטיק האָט פאַרגעוואָרפן: אַזוי שווער קאָסט דאָ דעם אידן פונעם וואָג און פונעם אַרשין איבערגיין צום אַקער און צום וואַרשטאַט און איר דאַרט צע־

וואָרפט אַזוי לייכטזיניק אייער ענערגיע אויף האַנדל און וואַנדל!... איך האָב געפילט בחוש, ווי די ברייטע מאַסע, וואָס שטייט פאַר מיר אין זאַל, רעדט זיך צוזאַמען מיט דער ברייטער אידישער מאַסע, וואָס שטייט הינטער מיר, אין דער ווייטער אַרגענטינע.

דער רעדנער, וואָס האָט נאָך מיר גערעדט, אַ וויכטיקער טוער פון געזערד־קאָמערל, האָט זיך געבעטן מען זאָל אים דערלויבן ריידן אין רוסיש, מחמת ס׳איז אים גרינגער, ער איז פון אַלטן דרום־רוסישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן יחוס, וואָס האָט געהאַלטן, אַז ריידן אידיש איז אַ שווערע זינד קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, און איצט, כאָטש ער דענקט שוין נישט אַזוי, איז אים שווער זיך צוגעוואוינען צו אידיש און נאָך ריידן פאַר אַן עולם. ער נעמט דאָס וואָרט ספּעציעל, ווייל ער האָט געמיינט, אַז איבערגעבנדיק מיינע איינדרוקן פון די קאָלאָניעס, וועל איך מיך אָפּשטעלן אויף דעם פאַקט, וואָס די אידישע קאָלאָניסטן, די נייע ווי די אַלטע, האָבן נישט אינזינען צו באַפּלאַנצן זייערע הייזער. אַז מען פאָרט דורך אַ אידישע קאָלאָניע זעט זי אויס ווי אַ נאַקעטע. די שטיבער זיינען נישט באַשיצט פון רעגן. עס איז צו שטאַרק דער חילוק צווישן אַ אידישער קאָלאָניע און אַ נישט־אידיש דאָרף, וואָס איז איינגעטונקען אין גרינס. אמת, די פעלדער זיינען ביי די אידן בעסער באַאַרבעט, אפילו ביי די אַלטע קאָלאָניסטן, און גיבן אַרויס מער תבואה, אָבער די אידישע הייזער מאַכן דעם איינדרוק ווי אַוועקגעשטעלט אויף דערוויייל. ער נוצט אויס די געלעגנהייט אָט די וויכטיקע אָנמערקונג צו מאַכן און גראָד ביים איצטיקן פייערלעכן מאָמענט, כדי די מיטגלידער פונעם געזערד־קאָמערל זאָלן אין דער ריכטונג עפּעס טון. ער מיינט אפילו, אַז דער קאָמיוג און די פּיאָנערן זאָלן צו דער אַרבעט צוגעצויגן ווערן.

דאָס לעצטע וואָרט האָט דער חבר אַראָנאָוו, פאָרשטייער פון קאָמערד. ער רעזומירט דאָס וואָס איז אויף דער פאַרזאַמלונג גערעדט געוואָרן און פירט אַרויף דעם ענין אויף דער ריכטיקער ליניע, אויף דער ליניע פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג און פון דער סאָוועטישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק וואָס אין דעם זין איז מען צוגעטראָטן אויסצו־טיילן די אידישע אַרבעטנדיקע ישובים פון זאַפּאָראָזשיער און מאַריופּאָלער קרייזן אין אַ אידישן אַדמיניסטראַטיוון איינס, אין אַ אידישן

ראיאָן, וואָס איז שוין אַ נאַציאָנאַלער טייל פון דער פּילפּעלקערדיקער ראטן-מלוכה און אַן אָנהויב פון סאָציאַליסטישערווירטשאַפט.

ער געפינט פּאַר נויטיק דעריבער אָנצודייטן אויף דעם כאַראַקטער פון אונדזער דעלעגאַציע, וועלכע איז געקומען נישט פון קיין פילאַנטראָפּישער חברה, נאָר פון אייגענע, פון אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז ווי דער גוזערד, אַן אָרגאַניזאַציע פון ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן און מיט דעם הייסן וואונטש מיטצואַרבעטן אין דעם סאָציאַליסטישן איבערבוי פון די אידישע מאַסן אינעם ראַטנפאַרבאַנד. ער בעט ביי די פאַרזאַמלטע די דערלויבעניש איבערצושיקן דורך די דעלעגאַטן זייער הייסן גרוס די מיטגלידער פונעם „פּראָקאָר" אין אַרגענטינע.

דער פּאָרזיצער, באַקאַלטשוק, וועלכער איז סעקרעטאַר פונעם קעמערל, אַ פּוילישער אידישער אַרבעטער, וועלכן די רעוואָלוציע האָט געבראַכט אַזש קיין הוליאַיפּאָליע און ווייזט אויס, אַז נישט לאַנג ערשט, מחמת ער פאַרבייט זייער אָפּט די צוויי יודן מיט פּתח אויף צוויי יודן מיט אַ צירה און פאַרקערט, זייער אַ דירעוודיקער, שרייבט דערוויל די רעזאָלוציע, וועלכע ער לייענט פּאַר צום שלום פון חבר אראָנאָווס וואָרט און דעם באמת הייסן גרוס, וועלכן איך טראָג נישט אָפּגעקילטערהייט אין האַרצן, האָב איך באַהאַלטן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע דאָקומענטן וועגן אָט דעם אינטערעסאַנטן ווינקל.

אָפּגעפאָרן פון הוליאַיפּאָליע זיינען מיר ווידער באַנאַכט, מיט דעם יקאַ־אויטאָמאָביל, צום צוויי אַזייגערדיקן צוג. אין דער פינצטער איז מיר פאַר די אויגן געשטאַנען ווי אַ ליכטיקער פלעק דער גאַנצער ישוב, וואָס איך האָב אין די צוויי טעג ווי אַ שוואָם אין זיך אריינגענומען; דער ישוב מיט זיין געשיכטע פון נישט לאַנגסטיקן חורבן און פון איצטיקן אויפבלי; פון אידישן איבערבוי, אייגנטלעך אידישן א י ב ע ר ג ע ב ו ר ט, ווייל נאָר געבורט איז פאַרבונדן מיט אַזוינע ווייען און נאָר אָט די ווייען ברענגען ארויס דעם בייעם האָרעפאַשנעם אידן פון די מנחם מענדלשע רייען. ווי אויפן לייוונט זיינען זיי דורכגעגאַנגען פאַר מיר די אַלע אידן און אידענעס און זייערע האָרעפאַשנע זין און טעכטער, וואָס איך האָב אין די צוויי טעג באַגעגנט און גערעדט מיט זיי; די האַלאַוואַניעווסקער געוועזענע מלמדים און קרעמער און דובאָסאַרער געוועזענע באַלעגאַלעס, גרעניץ־שוואַרצער און

„פאפישנעקעס” (טאבאק־ארבעטער); דאס פלינקע שווארצע בחורל מיט זיין ליטעראַרישער רעדע וועגן דעם רעכט פון דעם אינדיווִיד און דער קלייענדיקער בלאנדער סעקרעטאר מיט זיין האמעטענעם האלב רוסישן אידיש, וואס פארטיידיקט דעם קאלעקטיוו; דער לאנגער דארער איד, וואס איז פארליבט אין די עופות און דער „איידעלער איד” מיט די פארקאשערטע הויזן אויף די שווארצע נאקעטע פיס; דער ברייט־ביינִיקער און ברייטבארדיקער מיושבדיקער ליטוואק און דער פלינקער געראזירטער וואיאזשארל אין ברילן; דער אלטער קאלאניסט, וואס ווייסט, אז לוטס ווייב איז געווארן א שטיק זאלץ, ווייל זי האט גע־קוקט אויף צוריק און דער איד, וואס האט נישט קיין געלט אויף א פערד צו דער ארבעט און האט יא ביי זיך א קניפל אויף הוצאות קיין ארגענטינע; די צרהדיקע אידענעס, וואס שעלטן די קינדער און די מאנען און די אשת חילס, וואס זשאלעווען די גלעזער אויף אינדער־וואכן; די האפערדיקע מיידלעך, וואס שיקן אונדז יעטן קוקורוזע און דער פארזיצער פונעם דארפסראט, וואס וויל נאר אן אייגענעם „פארד־זאן”; די העצעס פון די פרעמדע שטאטישע ווייבער און די גערעכטע טענות פון די הארעפאשניצעס און בכלל די אלע זארגן ארום קי און פערד, ארום טשערעפיצע און לאמפאטש, ארום טראקטארן און סאני־טארער באדינונג; זארגן פון בויאונג אין א ליכטיקן פריידיקן ערב־שניט־דרוים.

א שאד וואס איך קען נישט אט דעם פילם, וואס האט זיך פאר מיר פארביי־געטראגן, ווייזן אייך אויפן לייוונט.

איידער מיר פארן ארויס פון הוליאיפאליע קאן איך נישט פאר־געסן, אז מיר זיינען געווען אינעם צענטער פון דער מאכנאָווּשטשינע. פון דערדארטיקער באוועגונג, אויב מען קען אזוי אנרופן די צעיושעטע הפקרות, וואס האט זיך אויפגעהויבן ארום דער פערזאן פון דעם „באט־קא”, אינעם גייסט פון דער היידאמאטשינע, וואס האט אזעלכע „גלענ־צנדיקע” בלעטער פארשריבן אין דער געשיכטע פון אוקראינע און באַ־זונדערס זאפאראזשיע און אינעם גייסט פון דער ארומיקער פאגראם־סטיכיע, וואס מאכנא האט נישט געהאט דעם כוח צו באהערשן ביי זיינע אייגענע מחנות, — פון דערדאזיקער באוועגונג, וואס ווערט נאך ביז היינטיקן טאג פארהערלעכט ביי די אנארכיסטן אין אויסלאנד, איז

דער מינדסטער סימן נישט פאַרבליבן, נאָר פריש איז נאָך אין זכרון פון די אָרטיקע איינוואוינער די „הולבישטשע", ווי זיי רופן דאָס אין אוקראַיניש, די פונאַנדערגעלאָזטע נידעריקע אינסטינקטן, דער כאַאָס, וואָס די אַנאַרכיסטן האָבן דערהויבן צו אַ פּרינציפּ און דאָס אָנגערופן רעוואָלוציע, פרייהייט און אפילו סאָוועטיזם. מען דערציילט דאָ ממש נסים ונפלאות וועגן דעם ווי מאַכנאָ איז געווען אַרומגערינגלט פון זיין „שטאַב", ווי אַ מין אַזיאַטישער פירשט און וועגן די אָרגיעס, וואָס ער האָט געפּראַוועט מיט נישט ווייניקער פאַרנעם. אין דערזעלבער צייט דערציילט מען וואונדער וועגן זיין סטראַטעגיע. נישט אים, נישט זיינע מחנות האָט מען געקענט באַפאַלן. ווי דערציילט דאָרט אַ באַבעלע: אַ מין געהיימניספולע און כיטרע סטראַטעגיע איז דאָס געווען. ער האָט נישט באַדאַרפט קיין „פּיעכאָטע" און נישט קיין אַרטילעריע און אפילו קיין קאַוואַלעריע האָט ער נישט באַדאַרפט. מיט וועגעלעך פלעגט ער אַרויספאָרן און צוטשעפּען עטלעכע מאות מאַשינביקסן. ער איז געווען צוזאַמענגעוואַקסן מיט דער אַרומיקער נאַטור און מיטן שטייגער. אָט באַווייזן זיך הויכע וועגענער מיט היי אין אַ שטאָט און אָט די „וועגענער היי" פאַרכאַפּן די שטאָט פאַר מאַכנאָן; אַ פּויערישע חתונה פאָרט צו צום וואָלאָסט מיט אַ געזאַנג און אַ סוויסטש און שוין באַשיסט די חתונה דאָס דאָרף. און אָט שטעלט זיך גאָר אַוועק אַ גלח אויף אַ וואָגן, הויבט אָן פאָכען מיט דער שוואַרצער פאָן פון אַנאַרכיע און פאָדערט ביי דער מאַכט מען זאָל אַרויסגעבן די בורזשויען, מען זאָל אַרויסגעבן די פּראָלעטאַריער, מען זאָל אים געבן וויין און מוזיק...

אזוי קלאָר ווערט דאָ די ראָל פון דעם אַנאַרכיסטישן פּויערישן באַטקאָ, דעם באַטקאָ פון די צעבונטעוועטע אָרעמע פּויערים, צווישן דער גרויסער צאָל באַטקאָס פון די רייכע פּויערים, פון די באַלעגופים און פון דער שאָוועניסטישער אוקראַיינישער אינטעליגענץ.

נאָר די מיטלען זיינען געווען דיזעלבע, דער גייסט איז געווען דער אַלגעמיינער און מאַכנאָ האָט אויך נישט געקענט, נישט זיך אַליין און נאָך ווייניקער די מחנות זיינע, אָפּגרעניצן פון דער צעיושעטער היידאַמאַטשינע און פון דער פּאָגראָם-סטיכיע.

אויף אָט די וועגן — ווייזט מען מיר אָן — האָבן די באַנדעס אין יענער צייט פון הפקר און בילים געוואָרענעם לעבן, געפירט די

קאָמוניסטן און וועמען נאָר זיי האָבן חושד געווען אין קאָמוניזם — צום שיסן און אויף דיזעלבע וועגן האָבן שפּעטער די „טשעקיסטן" געפירט די באַנדיטן צום זעלבן טויט.

אויף די זעלבע וועגן, אויף די זאַפּאָראָזשיער, פאָרן מיר איצט צום ״וליאיפּאָליער וואָקזאַל, אַזוי זיכער און אַזוי פול מיט גלויבן אינעם נצחון פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, ווי זיכער און פול מיט גלויבן עס באַאַרבעטן די אַרומיקע פעלדער די אידישע און אוקראַינישע פויערים, אַלע צו איין ציל געריכטעט, צו דער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט און צו פעלקער־שלום.

און אין דער זעלבער זאַפּאָראָזשיע, ביים סאַמע דניעפּר, וואו אירע זין האָבן נישט לאַנג ערשט געשפּילט דאָס בלוטיקע שפּיל פון די אַמאָליקע זאַפּאָראָזשצעס, וואו:

„כמיעלניצקיס באַנדאַן האָט אַמאָל דאָ געהוליעט,
מאַזעפּע האָט בייז דאָ זיין נאָמען פאַרקריצט...
פון גאָרטן איז אויך אַ לעגענדע פאַרבליבן...
מיט בלוט און מיט טויט האָט דער דניעפּר פאַרשריבן...
און וואו:
קאָזאַקן מונטערע מיט גאַרטעלעך מיט רויטע,
מיט וואָנצעס לאַנגע און געגאָלטע קעפּ..."

זיינען ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק אומגעלאָפן און ווי די זאַפּאָראָזשצעס טויטע די קעפּ זייערע פאַרלאָזט אויף דער גרינעם סטעפּ. —

אויף אָט דער זאַפּאָראָזשיע בויט זיך אויס דאָס ריזיקסטע בויווערק פונעם נייעם רוסלאַנד, דער דניעפּר־בוי.

## 16

אַזוי נאָענט זיינען מיר צו קיטשקאַס, צו אָט דער באַן-סטאַנציע ביי זאַפּאָראָזשיע דער שטאָט (אַלעקסאַנדראָווסק), וואו עס בויט זיך דער דניעפּר־בוי. קיטשקאַס — ביז נישט לאַנג אַ נאָמען גלייך מיט אַלע נעמען פון די פיל באַן־סטאַנציעס, וואָס דער רייזנדער באַמערקט זיי אַפילו נישט, סיידן זיי רייצן אים דער אויער מיט זייער עקזאָטישקייט, איז איצט אַזוי באַרימט געוואָרן. אַזוי נאָענט זיינען מיר

צו אַט דעם ריזיקן ווערק, צום וואונדער פון דער טעכניק, וואָס ווערט אַנטרייבן די רעדער פון די פאַבריקן, אַלטע און נייע, פון באַנען און טראַמווייען אין די אַרומיקע שטעט, און מיר זאָלן גישט צופאָרן אַ קוק טאָן אויף דעם וואונדער?

פאַרטאָג זייגען מיר שוין אין אַלעקסאַנדראָווסק, אָדער ווי די שטאָט רופט זיך איצט, זאַפּאָראָזשיע. אַן אַלטע שטאָט, מיט גאַסן הינטערשטאָטישע און פאַרשלאָפענע און מיט גאַסן צענטראַלע און מאָדערישע. די הינטערשטע גאַסן מיט גאַניקעס, מיט לאָדן הילצערנע פון דרויסן צוגעמאַכטע און צווישן — אַ הויז אַ הויכס אין צוויי און דריי גאָרן, וואָס אַ גביר האָט זיך פאַרגונען און וואָס שטאָט האָט פאַר זיך געבויט. די הויפּט־גאַס, אַ לאַנגע, און ווידער גאַניקעס און קעלערס און שילדן פאַרזשאַווערטע אויף קראָמען, וואו מען פאַרקויפט אַלט אייזן אָדער דיאַהאָט און הערינג אין פעסלעך מיט אַ סך ליאַק; שילדן נייע, אויף טירן הויכע און פענצטער ברייטע פון קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, וואו מען פאַרקויפט קליידער און שיך, ביכער און שרייב־געצייג און צווישן — אַ רעסטאָראַן, אַ ראַזיר־הויז און... אַ ביבליאָטעק. אויף אַ ראָג גאַס — אַ קעלער מיט אַ שילד, פון די קעלערס וואָס האָבן אַמאָל געדינט פאַר אַ וויין־געשעפט (רענסקאָוואַי פּאָגרעב) און אויף דער שילד איז גאָר אָנגעשריבן אַ פּסוק פון לענינען אין אוקראַיניש, וואָס באַווייזט, אַז דאָס איז גאָר אַ ליענזאַל, און ביי דער זייט, מיט אַ פּאָר הייזער ווייטער, אויך אַ קעלער, מיט פענצטער, וואָס קומען אַרויס פון אַ גרוב, מיט אַ פאַרזשאַווערטער שילד, אויף וועלכער עס איז אָנגעשריבן „וואָדקאַ" מיט גרויסע אותיות. נאָר אין די פענצטער זייגען די שויבן אויסגעשלאָגן און אינעווייניק איז פּוסט. פון ווען איז די שילד? איך דערמאָן זיך, אַז ערשט צוריק מיט אַ פּאָר יאָר איז דער בראָנפן־פאַרקויף געווען הפקר אין ראַטנפאַרבאַנד. איך שפּאַציר אין דער פריאיקער לופט פון דער הויפּט־גאַס, אויף וועלכער עס זייגען פאַרבליבן סימנים פון נעכטיקע פּורן, — שטרוי און פערדישע מיסט, און איך שטעל מיך אָפּ ביי אַ שויפענצטער פון אַ נאָך געשלאָסן ביכער־געשעפט. צווישן די אויסגעשטעלטע נייעסן, זע איך דעמאַרקס בוך „אויפן מערב־פראָנט איז רואיק" אין אידיש. איך האָב אַלץ געמיינט, אַז איך בין דער ערשטער, וואָס האָב דאָס בוך אין אידיש געבראַכט

קיין אַלעקסאַנדראָווסק. ערשט צוריק מיט דריי טעג האָט דאָס מיר דער איבערזעצער געגעבן אַ מתנה אין כארקאָוו, בעת מיין באזוך אין מלוכה־פארלאַג, נאָך איידער ס'איז געווען בראַשירט. אַלעקסאַנדראָווסק און אידישע ביכער! אַלעקסאַנדראָווסק און דאָס לעצטע נייעס אויפן אידישן ביכער־מארק! ווי לאַנג געדענק איך עס אַלעקסאַנדראָווסק אַלס שטאָט פון רוסיש־ריידנדיקע אידישע באַרישניעס און פון איסקראָוו־צעס און אַפילו פון „פועלי ציון“, וואָס האָבן מקבל געווען די תורה זייערע אין רוסיש, די באַרימטע פּאַלטאַווער „נאַשאַ פּלאַטפאָרמאַ“! אָט וואו די רעוואָלוציע האָט אריינגעדרונגען!

שפּעטער האָב איך פארבראַכט אין אַ היימישער שטוב, די פאַמיליע קאָזאָווסקי, באַקאַנטע פונעם דעלעגאַט ח' פּויזנער, אַ ראַזירהויז און מאַניקיור אויף דער ליבקנעכט גאַס, אַ הויז פון עלעגאַנץ, פארשטייט זיך און... די עלעגאַנץ האָט גאַנץ עלעגאַנט גערעדט אידיש.

אין אַלעקסאַנדראָווסק עפנט מען די קאַפע-הייזער 10 אזייגער. ארבעטער בייסן איבער אין דער היים אָדער אויף דער ארבעט. איך דריי מיך אום דערווייל איבער דער לאַנגער ליבקנעכט גאַס. פון מיין האָטעל, וואָס שטייט כמעט אין עק, ביז עט ווייט, וואו די גאַס הערט אויף צו זיין שטאָט־צענטער און ווערט הינטערשטאָט. איך זע ווי די גאַס ווערט אַלץ מער באַלעבט: אַ האַנט־וועגעלע מיט פרישע אַבריקאָסן און זארזעלעם האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף אַ ראָג און די סוחרים פון דעם דאָזיקן פרוכטגעשעפט, צוויי לאַנג נישט געראַזירטע אידן, פון וועלכע איינער רעדט אַ פּוילישן אידיש, קריגן זיך איבער עפּעס; אַ בודקע פון קוואַס און זעלצערוואַסער האָט אויפגעמאַכט דעם לאָדן און אַ אידיש שוואַרצהנוודיק מיידל מיט געדיכטע אויף פאָרנט אראָפּגעלאָזטע שוואַרצע צעפּ, מאַכט אָרדנונג נאָכן נעכטיקן שפּעטן פדיון; אַ פּויערישע פור האָט זיך אוועקגעשטעלט לעבן אַ קראָם מיט אַ פארזשאַווערטער שילד. קעגנאיבער, ביים ראָג, זאַמלט זיך אַן עולם, וואָס שטעלט זיך אין אַ ריי, אַן „אָטשערעד“, און איך ווער געוואויר, אַז דאָ שטעלט זיך דער אויטאָבוס וואָס גייט קיין קיטשקאַס, צום דניעפּר־בוי. צו וואָס־זשע איז די ריי? אַזוי איז מען שוין איינגעוואוינט געוואָרן. מען היט די ריי אומעטום, אין קראָם, אין יאַטקע, אין בעקעריי, ביים טראַמוויי און ביים אָמניבוס, אַפילו ווען דאָס איז נישט

נויטיק. און אז עמיצער דארף ארויסגיין פון דער ריי, בעט ער ביי דעם וואָס שטייט פאַר אים: — בירגער אָדער בירגערין, זייט אזוי ליב, איך שטיי הינטער אייך... און דערצו קומט טאַקע פאַר א גע־דרענג ביים אויפזעצן זיך אויפן אָמניבוס. מען האָט מורא עס וועט נישט קלעקן קיין פּלאַץ פאַר יעדן.

מיר האָבן סוף־כל־סוף עפּעס איבערגעכאַפּט און מיר פרעגן זיך אויפן געזערד. ערשטנס, איז אַלעקסאַנדראָווסק די קרייז-שטאָט און עס ווילט זיך טיילן מיט דער געזערד־אָפּטיילונג מיט אונדזערע איינדרוקן פון הוליאַיפּאָליער נייע ישובים. צווייטנס, האָב איך א בריוו צום פאַר־שטייער פון נאַצמין" (נאַציאָנאַלע מינדערהייט) חבר גרודקאָ, און דריטנס, מוז מען זיך באַזאָרגן מיט א „פראָפּוסק" (פּאַסירשיין) אויף צו באַזוכן דעם דניעפּרבוי, זען פון נאָענט די אַרבעט און באַקומען דאַטן און דערקלערונגען.

דעם געזערד דאַרף מען לאַנג נישט זוכן. איר פרעגט ווועמען עס איז, אפילו א קינד אין גאַס אויפן „אָזעט", וועט ער אייך אָנווייזן. ער געפינט זיך אין דער געביידע פון „אָקראיספּאָלקאָם" (קרייזישער אויס־פיר־קאָמיטעט).

אין דער דאָזיקער געביידע, גייענדיק איבער די ברייטע שטיגן און גרוימע צימערן, פון איין שטאָק אויפן צווייטן, ביזן סאַמע העכסטן, האָב איך אַלץ דערליידיקט.

אין געזערד, וואָס געפינט זיך אין א גרויסן זאַל באַלד ביים אריינ־גאַנג לינקס, האָב איך געטראָפן דעם סעקרעטאַר, זיין געהילף — א זייער סימפּאַטישע און אינטעליגענטע מיידל פון אן אַלטער אידישער קאָלאָניע און איינעם א בחור'ל, וואָס ווייסט אַלץ. עס ווייסט אפילו פון די אינטריגעלעך אין בוענאָס איירעסער אידישע אַרבעטער-אינס־טיטוציעס. וואָס ער ווייסט נישט איז, וועגן דער אַרבעט פון די אינס־טיטוציעס און וועגן דער אַרגענטינישער עקאָנאָמישער סטרוקטור. משמעות אַז זיין אינפאָרמאַטאָר, צי דאָס איז א קרוב, א חבר זיינער אָדער אפילו א צייטונגס־קאָרעספּאָנדענט, האַלט דאָס לעצטע נישט פאַר וויכטיק.

נאָך אַן אַלגעמיינעם שמועס וועגן אַרגענטינע, האָט דער סעקרע־טאַר פאַרצייכנט אין דער פאָרם פון אַן אינטערוויו מיינע איינדרוקן

פון די באזוכטע ערד־ארבעטער ישובים. שפעטער האב איך דעם אינ־טערוויו געלייענט אין כארקאווער „שטערן". איך פון מיין זייט האב אינטערוויואירט, פשוט געזאגט, אויסגעפרעגט דעם סעקרעטאר וועגן דער טעטיקייט פונעם געזערד אין אלעקסאנדראווסק. זיין ארבעט דא, איז א חוץ שאפן מיטגלידער און דינען אלס קאמיטעט פאר אויפנעמען קאנדידאטן צו באזעצן זיך אויף ערד — אויך צו זארגן אז אויפן דניעפר-בוי זאלן אנקומען אידישע ארבעטער, קוואליפיצירטע און ניט־קוואליפיצירטע. אויף צו שאפן מיטגלידער, האט דער אלעקסאנדראווס־קער געזערד א דאנקבאר ארט אויפן דניעפר־בוי.

אויפן דריטן שטאק, האב איך א היבשע ווײלע פארבראכט מיטן חבר גרודקא, וועלכער האט באדויערט, וואס ער קען מיך נישט פירן איבער די אידישע בילדונגס־אינסטיטוציעס, וואס זיינען צוליב וואַ־קאציע געשלאסן. אין די קלובן, געריכט, ביבליאטעק, א. א. וו. אינס־טיטוציעס, אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק די אידישע קולטור און די ארבעט פון דער נאצמין-ביורא, מיט וועלכער חבר גרודקא פארוואלטעט, האב איך קיין צייט נישט צו גיין, מחמת איך דארף נאך באזוכן דעם דניעפר־בוי, דער הויפט־ציל פון מיין קומען קיין זאפאַ־ראזשיע (אלעקסאנדראווסק) און וויל נאך אויך באזוכן דניעפראפעט־ראווסק (קאטערינאסלאוו), א שטאט וואס אינטערעסירט מיך דאפלט, אלס צענטער פון שווערער אינדוסטריע און אלס א שטאט מיט גרויסע אידישע מאסן, וואס זייער לאגע אויף דעם שיידוועג פון די אידישע פרנסות מוז זיין זייער כאראקטעריסטיש. איך האב מיך געמוזט באַ־גניגענען מיט די דאטן און ציפערן וואס דער חבר גרודקא האט מיר געגעבן. ציפערן מיט וועלכע איך וועל מיך שפעטער באנוצן, בעת איך וועל מאכן דעם סך־הכל פון מיינע ידיעות און איינדרוקן איבער דעם שול־וועזן און קולטור־לעבן צווישן די אידן אינעם ראטנפארבאנד.

דער חבר גרודקא האט מיך פון דארט שוין באגלייט אויפן צווייטן שטאק אין סאמע „אוקראיספאלקאם", וואו ער האט מיך פאר־געשטעלט דעם סעקרעטאר.

דער סעקרעטאר א בלאנדער אויסגעמאטערטער ביורא־מענטשל, אן אוקראינער, אן אייפעריקער אוקראיניזאטאר. דער מאשינשריי־

בערקע, וואָס זיצט ביי אַ טיש קעגנאיבער איב, גיט ער זיינע באַפעלן אין אַ ט י פ ן אוקראַיניש (אויפן שטייגער פון טיף דייטש, טיף רוסיש און טיף אידיש) וואָס דאָס מיידל נעמט אויף מיט אַ מינע, וואָס באַדייט: מילא, וואָס זאָל מען טון, אַ צייט אזא...

— טשי נע ווּמיעטע מאָווליאַטי פּאָ אוקראַינסקו? ס׳הייסט: צי קענט איר נישט ריידן אוקראַיניש?

איך האָב אַ קוק געטון אויף זיין האַנט, וואָס שרייבט מיט פאַרבליבענע צוויי פינגער און אויף זיין סעקרעטאַרישער פיגור און האָב פאַרשטאַנען, אַז זיין אידעאַל, די אוקראַיניזאַציע, קאָסט אים צו טייער, אַז איך זאָל מיר דערלויבן צו נעמען אים נישט ערנסט און האָב אים געענטפערט אויף דעם אוקראַיניש, וואָס איז מיר באַקאַנט פון מיין שטעטל:

— מאָווליאַטי נע זנאַיו, טילקאָ זנאַיו באַלאַקאַטי. ס׳הייסט: ריידן קען איך נישט, איך קען נאָר פּלוידערן.

און אַז איך האָב מיך דורכגעבאַלאַקעט מיט אים וועגן אַרגענטינע און האָב אים דערציילט, אַז ביי אונדז אין אַרגענטינע איז פאַראַן אַן אוקראַינישער קולטור־פאַריין און מען קען זען אוקראַינישע ליבהאָבער שפּילן אוקראַיניש טעאַטער, האָט ער שוין גאָרנישט געהאַט דאַקעגן, ווען איך האָב אים געבעטן אַ „פּראָפּוסק" צום דניעפּר־בוי אויף אַ גאַנצן האַלבן טאָג באַזוכער, מזכה זייענדיק די ליבע פאַמיליע סאָזאָווסקי, פריינט פון ח׳ פויזנער, מיט אַ באַזוך אין דניעפּר־בוי.

איידער מיר פאָרן צום דניעפּר־בוי, איז מיר נאָך באַשערט געווען צו זען אַביסל די אַלטע שטאָט און דער עיקר, אַביסל אַלט אידישקייט אין אַלעקסאַנדראָווסק, וואָס איך קען דאָס נישט פאַרביינין. צו טיף האָט זיך דאָס מיר איינגעשניטן אין זכרון, אַז איך זאָל דאָס פאַרגעסן. די דאָזיקע אידישקייט, בעסער געזאָגט, אַ זכר פון איר, בין איך נישט געגאַנגען זוכן נישט אין די שולן, וואו מען דאַווענט בלויז ימים נוראים און נישט ביי אַלעקסאַנדראָווסקער ציוניסטן, אויב אַזעלכע זיינען גאָר דאָרט פאַראַן. איך האָב זי אָנגעטראָפן אין מאַרט, אין אַזאַ פאָרם און געשטאַלט, אַז זי האָט מיך ביזן מאַרך פון די ביינער דערשיטערט.

איך בין געשטאַנען ביים ראַג גאַס, וואו עס שטעלט זיך אָפּ דער אויטאָבוס, וואָס פירט קיין קיטשקאַס און געוואַרט אויפן אונטער־קומען פון ח׳ פויזנער און דער פאַמיליע, וואָס איז מיט אונדז גע־גאַנגען אָנקוקן דעם דניעפּר־בוי. קומט צו צו מיר אַ איד אין אַ קאַש־קעט מיט אַ קורצער קאַפּאָטע, מיט אַ קיילעכדיק אַרומגעשוירן האַלב גרוי בערדל און מיט רויטע אויגן און בעט ביי מיר אַ נדבה. געוויינ־לעך, גיב איך נישט קיין נדבות. ס׳איז קעגן מיין געוויסן, וואָס פאַר־ליידט נישט קיין געבער און נעמער, קיין גבירים מיט גוטע הערצער און אָרימע לייט וואָס לעבן מיט הוילע דאַנקבאַרקייט. באַליידיקן אַן אָרימאַן קען איך אויך נישט, שענק איך נישט קיין אויפמערקזאַמקייט. צי האָט דער איד מיך געוואָלט באַליידיקן פאַר מיין אומדירעקטן אָפּזאָג, אָדער ער האָט געוואָלט כשר פאַרדינען די פּאָר קאָפּיקעס: מיט אַ שניידיקן אויבערשטן ביי־קול, אויפן פאַלצעט, ווי מען רופט עס חזניש, האָט ער גענומען „מאַכן אַן אל מלא״...

ווי אַ גיפטיקע פליג וואָלט גענומען אַרום מיר זשומען, ווי אַ שלאַנג וואָלט זיך אָקעגן מיר צעשיפּעט, ווי אַ בת היענע וואָלט זיך אויף מיר אַראָפּגעלאָזט מיט אַ שאַרפן שעלטנדיקן קוויטש. און איך האָב אים פון מיר אָפּגעטריבן, ווי איך וואָלט זיך געווערט קעגן עפּעס שרעקלעכעס.

צוויי אידן, וואָס זיינען געזעסן דאַנעבן אויף אַ באַנק, זעט אויס, אויפגעקלערטע און בכבודיקע, האָבן אויך נישט געקענט שוין דולדן אַט דאָס אַנשיקעניש אויף זייער נישט רייכער אָבער אויך נישט שנאָ־רערישער שטאָט און האָבן מיר געהאָלפן אָפּטרייבן דעם שנאָרער, אָנ־ווייזנדיק מיר, אַז ער איז נישט ביים זינען.

איך אָבער האָב מיך נישט געקענט באַרואיקן. ער איז פאַר מיר אויסגעוואַקסן אין אַ סימבאָל, אַט דער משוגענער און טראַגישער שנאָ־רער מיט זיין „אל מלא״, אינעם סימבאָל פון דער אַלטער אידיש־קייט, וואָס קראַצט זיך ווי איוב די וואונדן, וואָס שעלט און טענהט און האָט קיין ענטפער נישט און זי לעבט מיט דעם כוח, מיט דעם זאַפט און מיט דער... הכנסה פון דער טראַגעדיע אירער. מיט וואָס זאָל אַ איד אַ שנאָרער דערוועקן דאָס „אידישע האַרץ״ צו רחמנות, אויב

נישט מיט געשטאָרבענע און געשאָכטענע על קדושת השם, מיט אומ־געקומענע אין פּאָגראָמען!

אין א ווײַלע אַרום האָב איך אויף דער זעלבער גאַס געזען נאָך איין... פֿאַרשטייער פֿון דער אַלטער אידישקייט — דער אַלעקסאַנד־ראָווסקער רב.

קוקנדיק אויף אים, ווי ער טרעט אַזוי „מאַיעסטעטיש" איבער דער מאַרק־גאַס, נישט ערגער ווי א פּראַוואָסלאַוונער יעפּיסקאָפּ, אין דער גאַנצער פּראַכט פֿון זײַן נייער אַטלעסענער קאַפּאָטע, נישט א פֿינ־גער אַפֿילו העכער פֿון דער ערד, און מיט זײַן פֿונאַנדערגעקעמטער פּאַטריאַרכאַלישער באָרד, וואָס פּאָדערט צו זיך רעספּעקט, — קוקנ־דיק אויף אים צווישן אַזוי פֿיל אידן אין מאַרק, אַלע מיט געראַזירטע אָדער געשוירענע בערד און מיט קורצע מאָדערנע בגדים פֿון דרום־רוסישע קרעמער, מעקלער און באַלמעלאָכעס, האָב איך מיר געטראַכט: דאָ האָב איך די צווייטע זייט פֿון דער זעלביקער מטבעה. די אַלטע אידישקייט פּוצט זיך, רעפֿאָרמירט זיך, פּאַסט זיך צו, טוט אָן א ראַביי אין אַמעריקע דעם מאַנטל פֿון א פּוריטאַנישן פּאַסטאָר און אין דער דרום־אוקראַינישער שטאָט, נעמט אָן דער רב די פּאָזע פֿון א פּראַ־וואָסלאַוונעם יעפּיסקאָפּ. ווי זאָגט דאָס אידישע ווערטל: זאָל זײַן פֿון א קאָזאַק, אַבי צום לעבן.

צי האָט נאָך די אַלטע אידישקייט א לאַנגן קיום אין אַלעקסאַנ־דראָווסק?

איך האָב וועגן דעם גערעדט מיט אייניקע אידישע קאָמוניסטן אין אַלעקסאַנדראָווסק. זיי פֿירן אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע, קענען רב ווי קענען גלח, און ביידע האָבן דאָך דאָרט, ווי איר זעט, איין פּנים און אויך איין ריח, לויט היינעס אויסדרוק. איך האָב זיי אַרויסגעזאָגט מײַן מיינונג, אַז די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע איז ווייניק. מען דאַרף וואָס אינטענסיווער העלפֿן שאַפֿן דאָס נייע אידישקייט: די איד־דישע קולטור און א אידיש לעבן, וואָס זאָל אויסגעפֿילט זײַן מיט סאָ־ציאַליסטישער בויאונג. און די אַלטע אידישקייט וועט זיך פֿאַרנעמען מיט דער קאַפּאָטע צוזאַמען מיט דער טראַגעדיע פֿון וועלכער זי ציט איר חיונה.

און די אַלעקסאַנדראָווסקער אידישע קאָמוניסטן האָבן מיך גאַנץ

גוט פארשטאנען: בעת דער אלעקסאנדראָווסקער רב האָט אָנגעהויבן גיין ווי אַ גלח, דערפילנדיק דעם אומקום, האָבן די אַלעקסאַנדראָוו־קער אידישע אַרבעטער אָנגעהויבן ריידן אידיש און זיך אינטערעסירן מיט דעם נייעם אידישן לעבן, דערזעענדיק דעם אויפקום.

## 17

און איצט צום דניעפּר־בוי. אַ „פּראָפּוסק", אַ דערלויבעניש אויף אַריינצוקומען, הייסט עס, האָב איך אין קעשענע און איצט איז נאָר די פראגע ווי אַזוי זאָלן מיר אהין פאָרן. מען קען אהין פאָרן מיט דעם אויטאָבוס איבער דער הענגענדיקער בריק ביי קיטשקאס און מיט דער שיף. מיט דעם אויטאָבוס איז נישט באַקוועם, מחמת עס קען גראָד אויספעלן פּלאַץ פאַר אונדז אַלעמען; מיט דער שיף איז נישט באַקוועם מחמת מען דאַרף ערשט צופאָרן אהין מיט דראָזשקעס. עס בלייבט צו פּרואוון דאָס מזל מיטן אויטאָבוס. גראָד זיינען מיר אַלע אַריין; די פרויען אינגעווייניק און די מענער אויף דער קעלניע לעבן שאָפער. אַביסל ענגלעך. אַזוי פאָרן חסידים. און מיט וואָס זיינען מיר נישט קיין חסידים? מיר זיינען חסידים פון דעם ראַטנפאַרבאַנד און פון זיינע ריזיקע בוי־אַרבעטן.

שוין פאָרנדיק אויף דער בריק האָבן מיר געזען פון ווייטנס די דאַמבע, וואָס בויט זיך פון ביידע זייטן טייך.

געקומען זיינען מיר אַביסל שפּעטלעך. עס איז שוין נישט מעג־לעך געווען, אַז די „קאָנטאָר" (ביוראָ) זאָל אונדז מיטגעבן אַ באַגלייטער, אַן אינזשעניער, געוויינלעך, וואָס זאָל אונדז פירן און ווייזן. אָבער, אַז עס איז באַשערט געווען מיר זאָלן באַקומען פונעם דניעפּר־בוי דעם ריכטיקן איינדרוק, האָבן מיר אָנגעטראָפן אין קאָנטאָר דעם חבר מילער, אַ באַקאַנטער פון דער פאַמיליע, אַן אָנגעשטעלטער אין דניעפּרבוי, און אַ מיטגליד פון געזערד-קעמערל, וועלכער אַרבעט דאָ די גאַנצע צייט און קען דאָס ווערק זייער גוט.

זיבער מיט אַ פירער, זיינען מיר שוין צוערשט אַריינגעגאַנגען אי־נעם רעסטאָראַן, וואו די אַרבעטער עסן און רוען אָפּ ביי אַ קאַלטן טרונק.

מיר דוכט, אז שוין צוליב אנקוקן דעם רעסטאראַן, איז כדאי געווען מאכן אזא נסיעה. אלנפאלס, איז ער מיט זיין רחבות און גרויס און מיט זיין טעכניק, א מין הקדמה, א פאָרוואָרט און אן אָנזאָג אויף דעם פאַרנעם פונעם ווערק גופא.

דער רעסטאראַן פאַרנעמט דעם גאַנצן צווייטן גאָרן פון א ריזי־קער שטיינערנער געביידע, מיט ברייטע טרעפּ ארויפצוגיין. דער זאַל, מיט אפּטע קאָלאָנעס, וואָס מוזן אונטערהאַלטן דעם סופיט, איז אויס־געשטעלט מיט רייען טישלעך און ביינקלעך. טויזנט טישלעך איז אפשר א גוזמא און אפשר נישט. נאָך אינטערעסאנטער איז די קיך, וואו אַלץ בלאַנקט און פינקלט, וואו אַלץ קאָכט זיך און באַקט זיך יעדן פאַר די אויגן און וואו געפעס וואשט זיך אליין, אָן הענט; מען דאַרף נאָר אָנטשעפּען דעם טעלער אינעם קאנווייער פאַס און ער פירט אים שוין דורך אַלע זיבן אָפּטיילונגען פון גהינום, פון שייערן און רעזונפעק־טירן, אזוי איז מיט די לעפל, גאָפּל, מעסער און אזוי איז מיט אַלע אַנדערע קיך־מכשירים און דעם פאַרנעם פון דער קיך קען מען זיך משער זיין לויטן פאַרנעם פונעם עס־זאַל.

אין אָט דעם רעסטאראַן האָבן מיר זיך מכבד געווען מיט קאַלטן רוסישן קוואס און מיר זיינען ארויס אויף דער טעראַסע, וואָס איז איבערן זאַל. פון דאָרט האָבן מיר געזען די גאַנצע פּאַנאָראַמע פונעם דניעפּר, פון די בערג אַרום, פון זיין געלעגער צווישן די בערג, פון די אינדזעלעך, וואָס „ליגן און שוייגן — ווי עס זינגט איציק פעפער — שוייגן און געדענקען נישט וויפל זאַפּאָראָזשצעס טויטע, מיט וואָנצעס לאַנגע און געגאָלטע קעפּ, האָט מען פאַרלאָזט אויף זייערע גרינע טרעפּ"; שוייגן און ציטערן, ווייל „כוואליעס הונדערטער ווילן זיי פאַרשווענקען און צעמאַלן און צעטראָגן אומעטום, די אינדזעלעך די קליינע, די געסט אויף וואַסער־וועגן... אָט זעט מען די גייע דער־פער, וואָס מען האָט אויסגעבויט פאַר די פויערים, וואָס האָבן גע־וואוינט צופוסנס די בערג ביים וואַסער; אָט זעט מען פון דער אַנדער זייט דאָס אמעריקאנישע שטעטל, וואו עס וואוינען די אינזשעניערן; א שטעטל מיט אזוי גערופענע „קאָטעדזשן", האָלענדישע הייזלעך מיט רויטע דעכלעך און רויטע זאַמד־וועגן אין גרינעם גראָז, וואו זיי שפּילן גאָלף און טעניס, די אמעריקאנער; און אָט איז פאַר די אויגן אזוי

נאָענט די דאַמבע. פון ביידע זייטן דניעפּר בויט מען זי און ווען מען וועט זי צוזאַמענשליסן, וועט געשאַפן ווערן דער וואַסער־דרוק, וואָס וועט אויפהויבן דאָס וואַסער 47 מעטער די הויך און וועט מיט זיין פאַלן ברייננגען אין באַוועגונג די טורבינעס און וועט צושטעלן עלעקטרישע קראַפט אויף 300 מייל אַרום.

מיר לאָזן זיך אַראָפּ פון דער טעראַסע און מיר לאָזן זיך גיין דורך א פּאַרק, צו דער אַרבעט גופא. אונדזער באַגלייטער פירט אונדז און הייסט אונדז זיך איילן, ער וועט אונדז פירן איבער די פעלדזן ביים ברעג, וואָס ווערן אויפגעריסן מיט דינאַמיט. ביז א געוויסער שעה מעג מען דאָרט גיין. דערנאָך הויבט זיך אָן די אויפרייס־אַרבעט. מיר קלעטערן שוין איבער די אויפגעריסענע פעלדזן; מיר שפּרינגען, מיר, פיר מענער און דריי פרויען איבער די שפּאַלעס פון די פּראָוויזאָריש אַוועקגעלייגטע רעלסן פאַר די וואַגאָנען וואָס פירן די שטיינער צו דער דאַמבע; מיר קומען צו צו א ריזיקן גרוב, וואָס ווערט געגראָבן מיט א גראָב־מאַשין, פון אַזא גרויס, וואָס איך האָב נאָך נישט געזען, קעגן וועלכע, די גראָב־מאַשינען מיט וועלכע מען גראָבט די בוענאָס איירעסער אונטערערדישע טראַמוויי־ליניע, זיינען א שפּילעכל; מיר קלייבן זיך אַרויס איבער קרומע וועגן פון דער צעגראָבעניש, וואָס זעט אויס ווי אַן איבערפאַרמירונג פונעם באָדן נאָך א וואולקאַנישן אויסברוך און מיר קומען צו א נאַטירלעכער בוכטע, וואו די שיף נעמט אויף די אַרבעטער, וועלכע פאָרן פון דער אַרבעט צוריק אין שטאָט. פאָרנדיק אויף דער שיף, איבער די שטילע דניעפּר־כוואַליעס וואָס ווייסן נאָך נישט אַז „געווג זיינען כוואַליעס געפלויגן אומזיסט", און ביי זיינע גרינע ברעגן, וואָס זיינען „געוואוינט צו נעכטיקע שלאַכטן און צום רעש און בלוט פון די הונדערטער מחנות, וואָס זיינען אין די כוואַליעס פאַרשוואונדן" און צווישן די מחנות אַרבעטער, וואָס בויען אָט דאָס ריזיקע ווערק פון דער טעכניק און צוזאַמען מיט דער טעכניק, בויען זיי דאָס סאָציאַליסטישע לאַנד, האָבן אונדז אין די אויערן געהילכט די וואולקאַנישע אויפרייסן, וואָס גרייטן דאָס נייע געלעגער פאַרן אַלטן דניעפּר, פאַרן אַלטן דניעפּר מיט זיינע נייע כוחות, וואָס דער מענטש האָט אין אים אַנטדעקט.

„דער מענטש האָט געזאָגט און דער בּרעג האָט געוואוסט:
„נענוג זיינען כוואַליעס געפלויגן אומזיכּטש!"

:: :: ::

דעם צווייטן טאָג, 7 אַזייגער אינדערפרי, בין איך ווידער דורכ־געפאָרן די הענגענדיקע בריק איבערן דניעפר. איך בין געפאָרן מיט דעם אויטאָבוס קיין דניעפּראָפּעטראָווסק. און אינעם לויטערן זומערדיקן פרימאָרגן, האָט דאָס גראַנדיעזע ווערק אויפן דניעפּר היימיש מיר גע־גריסט, ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן. לאָז דאָרטן גריסן — האָט עס מיר געזאָגט — דעם אַלטן בריאַנסקי זאַוואָד, וואו עס האָט געאַרבעט אויף אַ טאָקער־ווארשטאַט דער איצטיקער פּרעזידענט פון דער אוקראַיני־שער רעפּובליק, דער חבר פּעטראָווסקי. זיין נאָמען טראָגט ער איצט, דער אַלטער זאַוואָד מיט זיינע פיר און צוואַנציק טויזנט אַרבעטער, וואָס גיבן אייזן און שטאָל און בויען מאַשינען פאַר דעם נייעם רוסלאַנד, לאָז זיי דאָרט גריסן די אַלע זאַוואָדן, גרויסע און קליינע, פונעם אַלטן קאַטערינאָסלאַוו און פונעם אמור; אַלעמען וועל איך זיי געבן מיין טרייבקראַפט, וואָס דער מענטש האָט אין מיר אַנטדעקט...

אין קיטשקאַס וואָס איז צוליב דעם דניעפּר־בוי געוואָרן אַ היפּש שטעטל, מערקט מען די איילעניש מיט וועלכער מען האָט זיך דאָרט באַזעצט. אין אַ הינטער־שטעלכל האָט זיך באַזעצט אַ שוסטער און האָט אינעם קליינעם פענצטערל מיט די פיר שייבלעך אַרויסגעשטעלט אַ שוך, אויסגעשניטן פון באַבולע פּאַפּיר; אין אַ צווייט שטיבל, פון ברעטלעך אויפגעקלאַפּט, האָט זיך באַזעצט אַ שניידער און די גאַנצע האַלבע טיר וואָס איז צעעפנט, איז פאַרנומען מיט אַ שילד, פון אַלטע צייטן אַ פאַרבליבענע, אויף וועלכער עס איז אויסגעמאָלט אַן עלע־גאַנטער הער מיט אַ געפּאַסטן ראָק און געפּרעסטע הויזן, וועלכער שפּיליעט זיך די זאַמשענע הענטשקעס; אַ טשאַינע" (טיי־הויז) האָט זיך געעפנט אין אַן אַלטן הויז מיט אַ הילצערנעם גאַניק, איבער וועלכן עס הענגט אַן אַלטע שילד, אויף וועלכער עס איז אויסגעמאָלט אַ קיי־לעכיקער ווייסער טשייניק מיט רויטע קווייט; און אויף אים אַ קליין טשייניקל פון דעם זעלבן מין. אינעם שוואַרצן זאַמד אויף דער דורכ־

פֿאַר־גאַס טרעטן שווער יונגע דאָרפֿישע פֿויערים מיט קלומקעס באַ־האַנגענע. זיי זײַנען געקומען אַהער אויף אַרבעט. און אויפֿן פּלאַץ וואו אונדזער אויטאָבוס שטעלט זיך אָפּ, שטייען און וואַרטן אַ טוץ אַרבע־טער, צווישן זיי צוויי פֿרויען, פּאַר וועלכע עס זײַנען רעזערווירט גע־ווען ערטער אינעווייניק. כאַראַקטעריסטישע רוסישע פֿאַבריק־אַרבעטער, וואָס האָבן מיט ערלעכע מי זיך דערוואָרבן זייער אינטעליגענץ און באַוואוסטזיין. דאָס זײַנען קאָמאַנדירטע פֿון דניעפּראָפּעטראָווסק אַר־בעטער פֿון דעם דניעפּר־בוי אויף פֿאַרשידענע צוזאַמענשלוס־אַקציעס: קולטורעלע, ספּאָרטיווע. אייניקע טראָגן די געוויינלעכע בגדים פֿון אַ רוסישן אַרבעטער, אַ טונקעלער פּידזשאַק איבער אַ ווייס סיצן העמדל פֿאַרבונדן מיט אַ שנירל; אַנדערע זײַנען לײַכטער אָנגעטון, אין הוילן ווײַסן אָדער קאָלירטן העמדל; אַ פּאָר פֿון זיי טראָגן בלויז אַ ספּאָרט־העמדל, אַ גרינס אָדער אַ בלויס, וואָס פֿאַרדעקט זייער ווייניק זייערע אַטלעטישע בראָנזענע גופֿים; די צוויי פֿרויען טראָגן בלויע ברייטע און קורצע קליידלעך. פֿון דעם שטאָף וואָס מען מאַכט אַרבעטער בלוזעס, וואָס דעקן צו בלויז ביז העכער די קני זייערע בראָנזענע פֿיס, ווײַסע אָפֿענע בלוזעס און רויטע טיכלעך אויפֿן קאָפּ. עס מערקט זיך נישט אין די באַציאונגען צווישן די מענער מיט די צוויי פֿרויען, וואָס זײַנען אויפֿגעשטיגן אין קיטשקאַס, קיין באַזונדערקייט; נאָר אַז איר האַלט אײַך פֿאַר אַ קענער פֿון מענטשלעכן אויסדרוק, מערקט איר בײַ די פֿרויען, אַזאַ מין דינעם שטריך, וואָס זאָגט: מיר זײַנען פֿרויען, אין פֿולן זין פֿון וואָרט פֿרויען, נאָר איצט האָבן מיר גאָר אַנדערע שליחותן, פֿאַר וועלכע מיר זײַנען פֿאַראַנטוואָרטלעך. מיר זײַנען דאָס טייג, פֿון וועלכן עס ווערן געקנאָטן די דורות, נאָר איצט זײַנען מיר שטאָל, דאָס שטאָל וואָס האַרטעוועט זיי. די מענער — אפֿשר איז עמיץ פֿון זיי אײַפֿערדיק אויף אַ פֿרוי, נאָר מערקן דאָס, לאָזן זיי נישט.

די פֿרוי איז דאָך פֿריער פֿאַר אַלץ אַ מענטש, אַן אַרבעטערן, און זי גייט עס אים אַלעמאָל צו וויסן.

איך פֿאַרטראַג מיך אין געדאַנק צו די פֿרויען אין אונדזערע לענ־דער און איך דערשרעק זיך אַליין פֿאַר דער ווײַטקייט, וואָס טיילט זיי אָפּ פֿון די רוסישע פֿרויען; נישט דער געאָגראַפֿישער מרחק, פֿאַר־שטייט זיך, נאָר דער גײַסטיקער. פֿאַראַן אין אַנדערע לענדער זעלבסט־

שטענדיקע, געזעלשאפטלעך דערצויגענע פרויען, מיט כאראקטער, מיט באוואוסטזיין פון מענטשלעכער ווערדע און נישט נאר פון פרוואישן ווערט. באגעגנט האב איך אין דער קורצער צייט פון מיין נסיעה אין סאוועט־רוסלאנד פרויען, וואס האבן אויף יעדן שריט אונטערגע־שטראכן זייער פרויאישקייט מיט אלע מעגלעכע מיטלען, און איך וועל דעריבער נישט פאראלגעמיינערן. נאך פאראן איז דא און דארט צוויי באזונדערע צענטריפעטישע כוחות, וואס ציען צו זיך די פרויען. אין רוסלאנד איז דער צענטריפעטישער כוח — דער מענטש אין דער פרוי, אין אנדערע לענדער איז עס די פרוי אינעם מענטשן.

וואס דארף מען מער? איז פאריז, אין בריסל, אין בערלין, וואו נאך פאר דער מלחמה, האט די פרוי אנטיילגענומען אין דער אינ־דוסטריע און אינעם האנדל, אין פאבריק און אין קראם, אלס ארבע־טערן, אלס פארקויפערן, אלס האנדלס־אגענט, און איז איצט כמעט פולשטענדיק אויסגעגלייכט אויף די געביטן מיט דעם מאן, אויב נישט מיט איר לוין, איז מיט איר פראדוקטיוויקייט, וואו עס מערקט זיך ביי דער פרוי אזא ניכטערע קאלט־אויסגעבעשבנטע באציאונג צום לעבן, איז דאך דער צענטער פון איר אויפמערקזאמקייט — די מאדע. אלץ נאר וואס די פרוי קען, ווענדט זי אן אויף צו מאכן איר אויסער־לעבקייט וואס ווייבלעכער, וואס רייצנדיקער פארן מאן.

אין אזעלכע לענדער, ווי אונדזערע, די זיד־אמעריקאנישע, אפילו אין דער פארגעשריטענער פון זיי אלע — ארגענטינע, וואו די אינ־דוסטריע האט די מערסטע פון די פרויען נאך געלאזט אין די בעטן און אין די קיכן, איז די שטרעבונג צו וועלן געפעלן דעם מאן נאך שטארקער, מחמת דער כוח פון דער וועקרייסנדיקער אינדוסטריע, איז נאך דא נישט שולט מיט דעם אימפעט, ווי ער איז שולט אין אייראפע. אין סאוועט־רוסלאנד איז דער כוח פאר דער פרוי, דער קולט פון געזעלשאפטלעכקייט און פון מענער מוט און ער שלעפט אריין אין זיין קרייז נישט נאר די פרוי, וואס ווערט אהין געשליידערט דורך איר אנטייל אין דער אינדוסטריע, אינעם האנדל, אינעם גאנצן ווירט־שאפטלעכן אפאראט פון דער מלוכה, וועלכע באטראכט זי און בא־האנדלט זי ווי א מאן; נאר ער ציט אריין אויך די פרויען, וואס

זיינען צוליב זייער סאָציאַלער לאַגע אָדער צוליב אַנדערע סיבות, איני־דרויסן פון אַט דעם לויפנדיקן אַריינציענדיקן קרייז.

אָבער, ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט, גייט נישט פאַרלוירן פאַרן אויפמערקזאַמען אויג די ווייבלעכע נאַטור, וואָס קוקט אַפיר פון אונטער דער פאַרהאַרטמעוועטער נישט געפּוידערטער און נישט גע־זאַלבטער הויט ביי דער פרוי אויפן פּנים.

ווי רופט זיך אָפּ דער קולט פון מענערמוט און געזעלשאַפטלעכ־קייט ביי דער פרוי, אויף דעם פאַמיליען-לעבן?

פאַר אַלעמען מוז מען זאָגן, אַז דער דאָזיקער קולט איז אַליין אַ פּראָדוקט פון די נייע ווירטשאַפטלעכע מעטאָדן וואָס ווערן פּראַק־טיצירט אין סאָוועט־רוסלאַנד און די זעלבע ווירטשאַפטלעכע מעטאָדן ווירקן אויפן פאַמיליען־לעבן. ווי אַזוי די דאָזיקע נייע מעטאָדן ענדערן די באַציאונג צום פאַמיליען־לעבן און מאַכן עס נאַטירלעכער, געזונטער און שענער, וועל איך נאָך האָבן די געלעגנהייט צו דערציילן. מען קען אָבער נישט זאָגן, אַז אויך אַט דער קולט, וועלכער קומט אַלס פּראָ־דוקט, ווערט נישט אַליין אין אַ געוויסן זין אַ סבה, אַ ווירקנדיקער כוח; ער ווירקט אָבער אויך אין דער זעלבער ריכטונג, ווי די סבה וואָס האָט אים געבוירן — צו נאַטירלעכן, געזונטערן און שענערן צוזאַ־מענלעבן.

איך האָב מיך דאָ פאַרעדט וועגן די פרויען און האָב גאָר פאַר־געסן, אַז אויך די מענער האָבן עפּעס צו זאָגן אין דעם פּראָבלעם. אַדרבא, פרעגט ביי אַט די אַטלעטישע בראָנזענע גופים פון די אַרבע־טער־ספּאָרטלייט, וואָס פאָרן מיט מיר אין אויטאָבוס, צי איז פאַראַן דער מינדסטער סענסועלער הינטערגעדאַנק ביי זיי, ווי ביי די נאַקעטע גופים אויף די אייראָפּעאישע פּליאַזשן; צי קען גאָר דאָ קומען אַפילו אויפן זינען אַזאַ געיעג אויף פּלימערלעך וואָס זאָלן מאַכן די נאַקעט־קייט פון די פרויען און מענער וואָס רייצנדיקער און צי האָבן דאָ פּלאַץ אַזעלכע פּאַלעמיקעס ווי די פּאָלעמיקע צווישן דעם פּויפּסט און זיינע פרומע ווייבער און מענער פון גאָר דער וועלט, וואָס ווילן זיך נישט אָפּזאָגן פון זייער נאַקעטקייט־געגנוס?

לייב איז זינד — פּרעדיקט די קריסטלעכע קירכע שוין טויזנ־טער יאָרן און פירט אַ קאַמף פאַר דער פאַרניכטונג פון לייב, בעת די

באַזוכער פון דער קירכע, וואָס זיינען איר טריי געבליבן, די מה־יעשה־ניקעס, איז קיין אַנדער אינהאַלט אין לעבן נישט געבליבן, ווי די זינד פון זייער ליב, פון זייער דעגענערירטן ליב. און אָט איז געקומען דאָס באַפרייטע פאָלק מיט זיין געזונטן, נישט דעגענערירטן ליב און לייזט אויס אויך דאָס ליב פון דער ז י נ ד און קערט דעם אום די נאַטירלעכע פונקציע פון אַרבעטן און אַנטוויקלען זיך, פון בליען און געבן בליטן.

דער געוועב פון מיינע געדאַנקען אַרום אָט די פאַרברוינטע אַט־לעטישע אַרבעטער און אַרבעטערנס פונעם דניעפּר־בוי, וואָס פאָרן צו זייערע חברים אויף די זאַוואָדן פון דניעפּראָפּעטראָווסק, אָדער פאַר־קערט, דניעפּראָפּעטראָווסקער אַרבעטער און אַרבעטערנס וואָס פאָרן פון אַן עקסקורסיע צום דניעפּר־בוי, ווערט איבערגעריסן פון אַ ניי בילד: צווישן די בוימער און קוסטעס ביי דער זייט וועג זעען זיך שפּיזן און שפּיצן פון קאַסקעס. איך קוק מיך איין און איך זע גרופּעס רויט־אַרמייער אויף פערד. דאָס איז די רויטע „קאָניצע", קאַוואַלעריע, אויף זומערדיקער פעלד־לערע. בודיאָנעס „קאָנאַרמיע". צי זיינען זיי נאָך די זעלבע ווי עס מאָלט זיי אי. באַבעל, פאַרהאַרטעוועטע גרויסע קינ־דער, גראָב־פריילעכע יאַטן, וואָס זיינען פול מיט מוט, מיט גלויבן און מיט האַרציקייט, וואָס קלויבן זיך פונאַנדער מיט זייערע פּרימי־טיווע פאַרשטעלונגען און פּרימיטיווער שפּראַך אין די סאָוועטישע אידייען און אין דער סאָוועטישער מלוכה־פירונג און טראָגן מיטן פולן האַרצן זייערע קעפּ אַוועקצולייגן פאַר דער ערד דער באַפרייטער פונעם פּריץ און פאָרן דאָרף באַפרייטן פונעם טשינאָווניק, אָדער האָט זיי שוין די שלום־צייט באַוויזן איבערצובילדן, איבערצוקנעטן, פאַרהיי־מישן מיט דעם לעבן און מיט די אידייען פון בויאונג, פון וועלכע עס איז באַהערשט דאָס גאַנצע לאַנד?...

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער בין איך געווען זייער נאָענט מיט זיי, בין געווען אין אַ קאַזאַרמע און וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר וועל איך איבערגעבן שפּעטער, אין לויף פון די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

דערווייל איז אונדזער אויטאָבוס אַריין אין שטאָט. מיר פאָרן אַראָפּ אַ באַרג. איבער גאַסן וואָס טראָגן נאָך די אַלטע נעמען און זיינען אַליין אויך אַלט. מיט אַ געמיש פון הייזער, וואָס זיינען געבויט

געוואָרן לכתחילה מיט שכנים און אַזעלכע וואָס זײַנען געבויט געוואָרן לכתחילה צום פאַרדינגען. און אַט האָט זיך דער אויטאָבוס אָפּגעשטעלט פאַר אַ האָטעל אין דער לעניִן גאַס.

מיר זײַנען אָנגעקומען.

מיר זײַנען אין קאַטערינאָסלאַוו — דניעפּראָפּעטראָווסק.

## 18

קאַטערינאָסלאַוו. אַן אַלטע שטאָט פון אַרבעט און פון אַרבעטער־באַוועגונג. שווערע אינדוסטריע און שווערע שטרײַקן אין די פאַר־רעוואָלוציע־צײַטן. אידישע מלאכה פון רײַסן און פוילן געבראַכטע און אירע לוין-אַרבעטער, מיט זײַערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראײַנען און מיט זײַערע פּאַרטײַען. זײ זײַנען דאָ אַלע פאַרשוואונדן, די פּאַרטײַען, צו־זאַמען דערמיט ווי דער גאַנג און די פּערספּעקטיוון פון דער רוסישער ווירטשאַפט האָבן צעשטערט אָדער צעוואַקלט זײַער ספּעציפישע באַזע, די קלײנע מלאכה, אין וועלכער די אידישע פּאַרטײַען האָבן זײַער נעסט געבויט. קאַטערינאָסלאַוו — די אַלטע שטאָט פון אידישן האַנדל, וואָס האָט אַהער צונויפגעבראַכט אידן פון אַלע שטעט און שטעטלעך בײַם דניעפּר, פון וואָלדאַיער בערג הינטער סמאָליענסק, פון די מאָ־הילעווער און קיעווער ברעגעס ביז כערסאָן. קאַטערינאָסלאַוו — די „פרײַע" אידישע שטאָט, וואָס האָט, נאָך אָדעס, פאַרנומען דעם ערשטן אָרט אין דער דרום־רוסישער „רוסיפיקאַציע" און צוזאַמען מיט אדעס, געטראָגן די קרוין פון דער שפּראַך־פאַרזעעניש, וואָס אַלע אברים אירע זײַנען רוסישע און דער געבוי זײַערע און די פונקציעס זײַערע זײַנען אידישע. קאַטערינאָסלאַוו — די געבורטס־שטאָט, אויב איך האָב קײן טעות נישט, אַלנפאַלס, די הויפּטשטאָט אין דעם ווירקונגס-קרײַז פון מנחם מענדל אוסישקין, וואו עס איז בײַ אים געבוירן געוואָרן דער נישט ווײניקער כאַראַקטעריסטישער קאַטערינאָסלאַוו־אדעסער פּראָ־דוקט — „עברית און רוסית". קאַטערינאָסלאַוו — דניעפּראָפּעטראָווסק.

— אַ וויכטיקער פּונקט אין דער אינדוסטריע פונעם ראַטנפאַרבאַנד און אין דער נײַער אַרבעטער־קולטור, וואָס שיקט און נעמט אויף דער־

לעגאַציעס פון צוזאַמענשלוס און צו וועלכע׳ איך, אַ אידישער זשור־נאַליסט פון אַרגענטינע, פיר אַ גרוס פונעם דניעפּר־בוי.

ווי נאָר איך בין אַראָפּ פונעם אויטאָבוס און שטיין געבליבן אויף דער לענין־גאַס, האָב איך זי אָנגעכאַפּט, די שטאָט, פאַרן סאַמע רוקנ־ביין פון איר פּלאַן, פאַר דעם לענין־בולוואַר, וואָס ציט זיך דורך דער גאַנצער שטאָט. פון דאַנען ציען זיך די גאַסן אויף רעכטס און אויף לינקס און דאָ איז אויך דער צענטער פון די פאַרבליבענע פּריוואַטע גע־שעפטן און נייע קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, פון די סאָוועטישע אינסטיטו־ציעס אין אַלטע געביידעס מיט באַלקאָנען און אין נייע לויט דעם סאָ־וועטישן סטיל פון פּשוטקייט און באַקוועמלעכקייט געבויטע.

אויף דעם בולוואַר, אין סאַמע צענטער, וואו עס איז די לענין־גאַס, שטייט דער לענין־דענקמאָל, וועלכער פעלט נישט אין קיין איין שטאָט און שטעטל.

איך שפּאַציר מיך דורך הין און צוריק איבערן בולוואַר און טרעף אָן אַ גרויסן שטאָט־גאָרטן מיט אַ פּאַרקן, וואו עס געפינט זיך אַ זו־מערדיקער טעאַטער, אַ קינאָ, און וואו מען קען גאַנץ רואיק זיצן אויף אַ באַנק אָדער אוועקלייגן זיך אויפן גראָז און לייענען אַ ציטונג אָדער פּראַווען אַ יחידישן פּיק־ניק.

אין דער פאָדערשטער אַלייע, וואו איך זעץ מיך אוועק לייענען די „פּראַוודאַ", וואָס איך האָב ערשט געקויפט, זיצן: צוויי עלטערע אידן, אויסגעפּוצטע מיט ווייסע קאַרטוזלעך און העלע טשע־סו־טשאַ־רעקלעך, איינער אַ ראַזירטער מיט גרוי געוואָרענע רויטע גראָבע וואָנצעס און דער אַנדערער מיט אַ צוגעפּוצט קיילעכיק ווייס בערדל; פּאָליטיקער זיינען עס; זיי קוקן ביידע איבער די ברילן אין איין „איזוועסטיאַ" אַריין; צוויי עלטערע פרייליִנס מיט ביכלעך ערשט אויפגעשניטענע און איבערגעבויגענע לעצטע ראָמאַנען; אַ פעסטער בחור, אַן אַרבעטער, מיט אַ פונאַנדערגעלייגטן אַלטן איינגעבונדענעם היפּשן בוך אויף די קני — אַן אַלטער טעקסטבוך פון געאָמעטריע, נאָך מיט „טוויאָרדע זנאַקן"; אַ פּאָר ווייבער מיט געשוירענע האָר, צו וועלכע עס האָט זיך צוגעזעצט אַ יונגע ציגיינערטע און „וואָראָזשעט" זיי; עס גייט דורך פאַרחושט און שנעל, גלייך ער וואָלט נאָך עפּעס געגאַנגען, אַן אַלטער קאָטערינאָסלאַווער אידעאַליסט; אַוודאי אַ פאַרבליבענער פּועלי ציו־

ניסט, א באראבאוועץ; מען דערקענט דאס אין זיין נישט געראזירטער זייט עטלעכע וואכן באָרד און פארלאזטע לאנגע האר, אין זיינע צעדיסענע שיך און אין זיינע מידע אויגן, וואס האבן זיך, זעט אויס, ערשט אפגעריסן פון א טעאָרעטישן ארטיקל; עס זעצט זיך שפּעטער צו קעגנאיבער מיר א פּארפאלק; ער מיט א געפּוצטער שאטענענער באָרד און מיט א געראזירטן קאפּ, אנגעטון אין א טשעסוטשא-רעקל אויף א ווייסער אויסגעגייטער בלוזע; זי א יונגענקע, דינענקע, וואס הערט נישט אויף לאכן פון זיינע וויצן. ער האט, זעט אויס, א גאר פיינע סאוועטישע שטעלע. א צווייטע יונגע ציגיינערטע האט זיך צוגעזעצט צום פּארפאלק. ער לאכט און הייסט זיך טרעפן. די ציגיינערטע זאגט אפּ איר אויסגעבאזערטן פזמון. ער לאזט זיך נישט באשווינדלען: ס'איז דאך דאס אייגענע וואס פאראכטאגן!... נאר ער איז גוט-מוטיק און באצאלט.

איך האב מיך שוין באקאנט מיט דער גאלעריע טיפּן אויף די פאדערשטע בענק פונעם גארטן און איך לאז מיך טיפער. דא טרעף איך אויף א קליינער לאנקע א לערערקע מיט א רעדל קינדער, לייכט אנגעטוענע און מערסטנס פארברוינטע. די קינדער, אלע נישט עלטער פון 6 יאר, דרייען זיך אין רעדל און דעקלאמירן אלע צוזאמען א ליד, אין וועלכן עס רעדט זיך וועגן לענינען און וועגן בודיאנען. א וועכטער, א געזונטער קערל, וואס איז פארנומען ביים ראמען די עסטראדע פון די מוזיקאנטן, גיט זיך א לאז מיט א ווילדער רציחה אויף א צוועלף-יעריק, צוגעדולט אינגל, וואס ס'האט זיך אים פארוואלט קערן מיטן לאנגן בעזים, און דערלאנגט איז א זעץ מיט זיין גאנצן כוח...

איך כאפּ מיך, אז איך שטיי שוין א לאנגע צייט אויף איין אָרט ווי אן איינגעגראבענער. דאס טרעפט מיט מיר שטענדיק, ווען איך זע אן עוולה, אויף וועלכער איך קען נישט רעאגירן.

אינסטינקטיוו לאז איך מיך גיין ווייטער אין פארק און איך קום צו צו א הילצערנעם האלב-פונאנדערגענומענעם פּלויט, וואס הויבט זיך ארויס פון הויכן גראז און „פּאווי". פון יענער זייט פלויט טראגט זיך א געלעכטער פון מענער און פרויען. איך קום צו נענטער און זע צווישן בוימער א געביידע אן אלטע, א פּאלאץ א געוועזענער, מיט א ברייטער טעראסע, אויף וועלכער עס ליגן פונאנדערגעווארפן, אין לעגשטילן א

צוויי צענדליק פארשווינען אין ברייטע ווייסע „פיזשאמעס". א טייל ליגנען, א טייל ליגן, מיט די הענט אויף די לייכטע דעקעס, ווי חולאים וואס דערהוילן זיך. איך דערזע שוין אויך פון וואנען דער געלעכטער טראָגט זיך: דאָס שפּילט מען אין קריקעט. איך האָב שוין נישט געדאַרפט פרעגן וואָס דאָס איז. ס'איז אַן אָפּרו־הויז פאר אַרבעטער. ס'איז איינס פון די אָפּרו־הייזער, אין וועלכע די דניעפּראָפּעטראָווסקער אַרבעטער האָבן פאַרוואַנדלט די פּאַלאַצן און שלעסער פון דער אַלטער רוסישער אַריסטאָקראַטיע, פונעם קאַטערינאָסלאַווער גובערנאַטאָר, מעגלעך, אָדער גלאַט אַ פּריץ.

איך דערמאָן מיך, אַז איך האָב דאָ אין קאַטערינאָסלאַוו אַ פּאָר פאַמיליעס צו באַזוכן. איינע אַ פאַמיליע פון אַרבעטער און טאַטע אויפן זאַוואָד, וואָס טראָגט פּעטראָווסקיס נאָמען.

איך לאָז מיך אויפזוכן די אַדרעסן. אין איין פאַמיליע מאַך איך עס בקיצור. איך האָב קיין צייט נישט, איך דאַרף נאָך היינט פאָרן צוריק... אין דער אַנדערער האָב איך אַליין אינטערעס צו פאַרבלייבן. דער זון און דער איידעם, וואָס אַרבעטן אויפן זאַוואָד, וועלן מיך אַהין באַגלייטן.

איך מוז וואַרטן ביז זיי וועלן קומען פון דער אַרבעט. דערווייל ווערט געוואוירע דער הויף, אַז ס'איז געקומען אַ גאַסט פון אַרגענטינע. און נישט נאָר פון דעם הויף, נאָר אויך פון אַנדערע הויפן קומען אידן און אידענעס אָפּגעמען גרוסן; דער עיקר אָבער אויסטענהן זיך:

— ס'וואָלט אַלצדינג גוט געווען, — טענהט אַ יונגערמאַן, וואָס שטייט מיט אַ שטעל אויפן „אָזיאָרנע רינאָק" (טייך־מאַרק). — מען לעבט איצט רואיק, מען האָט קיין מורא נישט, נאָר זאָל מען לאָזן פאַרדינען!... איך בין דאָך נישט עפּעס אַן אַרבעטער, וואָס איך קען מיך צופרידנשטעלן מיט צוויי הונדערט רובל אַ חודש! איך קען דאָך נישט וואוינען אין אַזאַ מין לאָך — ווייזט ער אָן אויף דער וואוינונג, וועלכע איז לויט אונדזערע אַרגענטינישע וואוינונגס־באַגריפן שוין קיין לאָך נישט, נאָר שיינע דריי צימערן מיט אַ קיך און מיט אַ קאָרידאָר און מיט פענצטער אין ברייטן הויף אַריין.

אַ צווייטער איד מיט אַ צוגעפּוצט שוואַרץ בערדל און מיט אַ ווייסן זומערדיקן קאַשקעט, וואָס איז גלאַט אַריינגעקומען זען אַ מענ־

טשן פון אַרגענטינע, וואו ער האָט קרובים, ענטפערט אים אָפּ, אַז, ס'איז נישט געפערלעך...

— איר זעט אָט דעם אידן, — גיט דער ערשטער אַ וואונק צו מיר מיט אַן אייגל, ווי אַ ציגיינער אַ פערד־הענדלער, נאָכדעם ווי דער צוגעפּוצטער איד איז אַוועק, — אים איז גוט. האָט זיך אַ דירה, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אים צוריק אָפּגעגעבן און האָט פון איר אפשר דריטהאַלבן הונדערט רובל הכנסה אַ חודש, אַ חוץ אַ דירה פאַר זיך, און אַז איך באַדאַרף אַ גמילת חסד אויף איבערצודרייען זיך, קען זיך אַזאַ אידל פאַרגינען נעמען ביי מיר אַ צענערל פאַר אַ הונדערטער אויף צוויי טעג... און זיין טאָכטער איז אַ קאָמסאָמאָלקע!... איר הערט, איך וועל מיין טאָכטער נישט לאָזן אַרומשלאָגן זיך אויף די זאַוואָדן מיט שקאָצים און שיקסעס!...

איך לאָז דעם יונגנמאַן ריידן. עס רעדט פון אים אַ גרויסער שיכט קאַטערינאָסלאַווער הענדלער פונעם אַזיאָרנע און פון נאָך אַנדערע מערק. קען זיין ער איז מגזם אַ כך, אָבער דער קערן איז דערין פאַראַן. עס ווערט פאַר מיר בולט דער גאַנצער אינטערעסן־קרייז און געדאַנקען־גאַנג פון דעם דורכשניטלעכן אידן, וואָס פילט נאָך נישט די גאַנצע ערנסטקייט פון דער סטיכיע, וואָס גייט אויף אים, וואָס זעט נישט אָט דעם גרויסן בלאָק פון קאָאָפּעראַטיוויזאַציע און קאָלעקטיוויזאַציע, וואָס קייקלט זיך אַזוי שנעל אויף אים און וועט אים דערדריקן, צע־שמעטערן. די גאַנצע רעוואָלוציע, וואָס די אַרבעטער האָבן געמאַכט, מעסט ער מיט זיינע ענגע קרעמער-אינטערעסן. גוט איז דאָס וואָס די אַרבעטער האָבן געשאַפן רואיקייט פאַר אים, וואָס זיי האָבן אָפּגעראַמט די פּאָגראָמשטשיקעס און די כוליגאַנעס און וואָס מען באַשטראָפט פאַרן וואָרט „זשיד". גאַר אויב די רעוואָלוציע האָט אים אַזוי שטאַרק אינזינען, פאַרוואָס לאָזט זי אים נישט מאַכן געשעפט? פאַרוואָס לייגט מען אויף אים אַרויף אַזוי פיל שטייערן, ביז ער זאָל מער נישט קענען קאָנקורירן מיט דער קאָאָפּעראַטיווע? פאַרוואָס לאָזט מען נישט דעם „פּריוואַטניק" קויפן אין דער קאָאָפּעראַטיווע ברויט אויף זעקס קאָפּי־קעס און מען צווינגט אים צאָלן זיין ברודער דעם פּריוואַטניק — צוויי און צוואַנציק קאָפּיקעס אַ קילאָ? און האַלטן, האַלט ער זיך העכער פאַר־נעם אַרבעטער און פונעם באַלמעלאָכע: „ער איז דאָך נישט עפּעס אַן

אַרבעטער", ער איז נאָך אַלץ פון דער „העכערער" סאָציאַלער קאַטע־גאָריע, וואָס „קען זיך נישט צופרידנשטעלן מיט צוויי הונדערט רובל אַ חודש" און „קען נישט וואוינען אין אַזאַ לאָך"... זיין גאַנצע האַנדלס־חכמה באַשטייט אין „איבערדרייען זיך" און זיין געשעפט הענגט שטענדיק אויף אַ האָר, אויף דער מעגלעכקייט פון קריגן אַ „גמילות חסד" אויף פינף פּראָצענט פון... טאָג. זיין טאָכטער האַלט ער אָפּגע־זונדערט פון דעם אַרומיקן נייעם לעבן. ער חלומט נאָך פאַר איר אַ חתן אַ גרויסן געשעפטסמאַן און אפשר קלייבט ער אויך נדן פון אירטוועגן.

דער דאָזיקער איד חלומט אויך וועגן בילדן זיינע קינדער. נאָר אַ גזירה איז אויף אים, אַ מאָדנע גזירה, וואָס ליגט זיך אים נישט אויפן שכל: אַז בילדונג האָט גאָר צו טאָן מיט אַרבעט! ער וויל מאַכן זיין זון פאַר אַ דאָקטאָר, דאַרף גאָר זיין זון פריער זיין אַן אַרבעטער. און ער קען אפילו נישט פאַרשטיין זיין זון, וואָס טענהט צו אים: טאַטע דו מאַכסט מיך אומגליקלעך, דו פּלאָנטערסט זיך מיר פאַר די פיס, ווער בעט דיך דו זאָלסט זאָרגן פאַר מיר? נישט נאָר אַ דאָקטאָר, פּשוט צו אַ שטעלע אין אַ קאָאָפּעראַטיווע איז דעם זון שווער צוצושלאָגן זיך איבער זיין טאַטנס מסחרים. מען געטרויט נישט אין רוסלאַנד די סוחרישע זין, מעגן זיי זיך שווערן אין צוויי הונדערט פּראָצענ־טיקן קאָמוניזם. ווארום די באָלשעוויקעס ווייסן, אַז די אַלע גרויסע רעוואָלוציאָנערן, קעמפער פאַר דער אַרבעטער־זאַך, וואָס האָבן אָפּ־געשטאַמט פון אַנדערע קלאַסן און שטאַנדן, זיינען געווען אויסנאַמען און נישט דער דורכשניט פון די פּריצישע און סוחרישע זין, בפרט אַז ס'איז פאַראַן געגוג אַרבעטער בני אַרבעטער מיט פעאיקייטן צו לערנען.

און מיט וואָס איז נישט אינטערעסאַנט יענער צווייטער איד, וואָס איז צופרידן, וואָס מיינט, אַז ס'איז נישט געפערלעך? ער פּאַסט זיך צו און ציט פאַר זיך נוצן פון אַלצדינג וואָס מאַכט זיך. ווי אַ היענע פאַלט ער אויפן פּגר פון דעם אַנדערן אידן, דעם קרעמער, וואָס קומט אָן צו אים נאָך אַ גמילות הסד אויף „איבערצודרייען זיך"; ער נוצט זיך אויס מיט דער פאַראָרדענונג פון דער ראַטנמאַכט צוריקצוגעבן די רעקוויזירטע דירות און ציט פון זיין דירה הכנסה. איר מעגט זיין זי־כער, אַז קיין אַרבעטער, אָנגעשטעלטער און אָרגאַניזירטע באַלמעלאָ־כעס, פאַר וועלכע עס איז פאַראַן אַ פּריווילעגירטע טאַקסע אויף דירה־

געלט, לאָזט ער צו זיך נישט אַריין און עס וואוינען ביי אים בלויז פּריוואַטע קרעמער און הענדלער, רעכטלאָזע, ביי וועלכע מען קען רייסן אַ הויט און זיי האָבן נישט פאַר וועמען זיך צו באַקלאָגן. און זיין טאָכ־טער איז אַ... קאָמסאָמאָלקע, אַ יוגנטלעכע קאָמוניסטקע. דער טאַטע מיט דער טאָכטער פאַרשטייען זיך איין זייער גוט. ער, ווי זי, פאַר־שטייען ביידע אַן עסק, זיי פאַרשטייען, אַז פון דאַנען קען מען זיך צו עפּעס צושלאָגן. אַן אַלטע לעבנס־חכמה זאָגט זיי ביידן אונטער, אַז ווען מען שטייט ביי האָניק, לעקט מען אָפּ דעם פינגער. קיין ביישפּילן פעלן נישט.

און אָט איז אַ אידענע, וואָס איר מאַן איז ערגעץ אין פּאַ־ראַגוויי. מילא, ער וויל נישט וואוינען מיט איר, כאַפּט אים דער רוח; אָבער דאָס מיידל זייערס, אַן איידל קינד, געבוירן אין אַרגענטינע, גע־דענקט נאָך שפּאַניש, שפּילט פּיאַנע. זי קען קיין קאָמסאָמאָלקע נישט ווערן... זי איז געבוירן צו שטיין אין אַ בוענאָס איירעסער פענצטער און אויסקוקן אַ חתן... — שלאָג איך איר איבער און רוף אַרויס אַ צעווייטיקטן שמייכל ביי איר אויפן פּנים. זי בעט מיך איך זאָל פועלן ביי אירע קרובים אין אַרגענטינע זיי זאָלן זי אַרויסנעמען פון דאַנען...

מיין אַדרעס־ביכל ווערט אַלץ מער פאַרשריבן. איך בין דאָך נישט אַזאַ אכזר און דערצו, זאָלן אידן אין אַרגענטינע באַקומען לעבעדיקע גרוסן פון זייערע קרובים.

אָנגעזועטיקט זיך מיט טענות און בקשות, זאַט מיט דעם אַלטן קאַטערינאָסלאַוו, וואָס קען זיך נישט צופּאַסן אָדער האָט זיך צוגע־פּאַסט ווי אַ טויטנגרעבער־חיה צום נייעם שטייגער, באַגעגן איך מיט אַ באַזונדער פאַרגעניגן די צוויי אידישע אַרבעטער, וואָס אַרבעטן אויף פּעטראָווסקעם זאַוואָד.

זיי קומען שוין אָפּגעבאָדענע נאָך דער אַרבעט און זעצן זיך צום טיש.

זייערע פראַגן וועגן אַרגענטינער אַרבעטס־באַדינגונגען זיינען אַזעלכע מאָדנע. זיי פאַרגעסן זיך אָפּט, אַז דער ראַטנפאַרבאַנד איז דאָס איינציקע לאַנד אויף דער וועלט, וואו די אַרבעטער דיקטירן אַליין זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען, שיצן זייער געזונט און פאַרזאָרגן זיך

אויף דער עלטער אָדער אויף דעם פאַל פון אומפעאיקייט מיט אַ גע־ניגנדיקער פענסיע, קאָנטראָלירן די אַרבעט, קוואַליפיצירן זי, באַשטי־מען איר טעמפּ א. א. וו. און הויב זיי אָן דערציילן, אַז ביי אונדז אין אַרגענטינע, היט זיך די רעגירונג פון אַ מלוכהשער אונטערנעמונג, כדי חלילה נישט צו פאַרשמעלערן דאָס פעלד פון דער פּריוואַטער איני־ציאַטיוו, בעת דאָ, אין ראַטנפאַרבאַנד, איז שוין כמעט באַלד אַרויסגע־שטויסן יעדע פּריוואַטע אונטערנעמונג און אַז דעריבער קען מען נישט ריידן וועגן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען ביי אונדז מיט דער זעלבער פאָרשטעלונג וואָס מען האָט ביי זיי וועגן אַ פּראָפעסיאָנאַלן פאַריין.

איך טראַכט מיר דערביי, אַז די זעלבע שווערקייט צו באַגרייפן דעם וועזן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין רוסלאַנד, איז פאַראַן ביי די אַרבעטער אין אַנדערע לענדער, וועלכע זיינען געוואוינט צו קוקן אויפן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין בלויז ווי אויף אַ שטרייק־קאָמיטעט.

איך דערצייל זיי וועגן מיין פאַרלאַנג צו באַזוכן זייער זאַוואָד. זייער שיין. נאָר זיי ווייסן נישט צי קען מען איצט אַריינגיין אין די צעכן און באַזונדערס, וואָס מיך אינטערעסירט — די גיסעריי און די מעכאַנישע האַמערס, די „מאַרטאַ־פּילאָנס", ווי מען רופט זיי אויפן לשון פון דער טעכניק, מחמת דערצו נויטיקט זיך אַ ספּעציעלע באַ־גלייטונג פון אַ אינזשעניער און איצט איז שוין שפּעט דערצו.

דאָך לאָזן מיר זיך גיין אַהין. מיר זעצן זיך אויף אַ טראַמוויי, וואָס פירט אונדז צום זאַוואָד, פאַרבייגייענדיק אַנדערע קלענערע זאַ־וואָדן. — דאָס איז אַ זאַוואָד פון בלויז דראָט און צוועקעס — ווייזן זיי מיר אָן — עס אַרבעטן אויף אים ביי פיר טויזנט אַרבעטער און ער טראָגט לעניגס נאָמען; אָט יענער זאַוואָד אַרבעט בלעכן; א. א. וו. קליינע, ווי מען רופט זיי דאָרט, זאַוואָדן, צו דריי, צו פיר און צו פינף טויזנט אַרבעטער אויף יעדן.

אידישע אַרבעטער זיינען דאָ פאַראַן היפּש אויף אַלע זאַוואָדן. אָן רעקאָמענדאַציעס פון וועלכע עס איז געזעלשאַפטן, נאָר פּשוט אַלס פאַך־מענטשן, וואָס זיינען פאַרשריבן אין פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, ווערן זיי געשיקט אויף דער אַרבעט אין די זאַוואָדן. איך האָב אַ פרעג געטון וועגן אַנטיסעמיטיזם אויף די זאַוואָדן, האָבן זיי געלאַכט פון מיר: די קאַטערינאָסלאַווער אַרבעטער פון די זאַוואָדן, האָבן אַ שם פון

אַלע יאָרן אַלס באַשיצער פון דער אידישער באַפעלקערונג קעגן די פּאָגראָמען וואָס מען האָט דאָ געפּראַוואַט מאָל. איינס אין איינס יאָטן באַוואָוסטזיניקע. פאַרגעסט נישט אַז ביי אונדז האָט פּעטראָוווסקי גע־אַרבעט. ס'שטייט נאָך ביי אונדז אויפן זאַוואָד זיין „טאָקאַרנע סטאַ־נאָק". קיינער אַרבעט נישט אויף אים, נאָר ער שטייט אויף אָן אָנדענק.

איבער אַ ברייטער נעץ פון באַן־רעלסן, אין שורות וואַגאָנען, וואָס פירן צו רויע מאַטעריע און פירן אַוועק באַאַרבעטע, דערקלייבן מיר זיך צום אַריינגאַנג אין זאַוואָד. איך ווייז דעם דעזשורנע מיין לעגי־טימאַציע אַלס דעלעגאַט פון „געזערד" און איך בין ביי אים גאָר אָנגעלייגט, נאָר אַריינלאָזן קען ער מיך נישט, ער וויל נישט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

— טאָמער מאַכט זיך עפּעס אַ צופאַל צוליב מיין נישט פאַר־זיכטיקייט, וואָס וועט מען זאָגן? איר זענט דאָך אַן אַרגענטינער, חבר, — שפּאַסט ער — וועט נאָך די אַרגענטינישע רעגירונג פאָדערן פון אייך ביי דער סאָוועטישער מלוכה שאָדנערזאַץ... בעסער קומט מאָרגן אינדערפרי, וועט אייך אַן אינזשעניער פירן און אייך פאַרהיטן פון אַן אומגליק.

איך גיב מיך אַזוי גיך נישט אונטער. אַ שאָד צו פאַרלירן אַ טאָג. איינער פון מיינע באַגלייטער פּרוואווט אַלע מיטלען: — נו, סטיאָפּקאַ, — בעט ער זיך ביים דעזשורנע. ער רעדט אין טעלעפאָן, לויפט צום דירעקטאָר, וועלכער איז גראָד פאַרנומען ביי אַ באַראַטונג, נאָר אַז ער קומט מיט דעם זעלבן ענטפער, וואָס דער דעזשורנע האָט מיר געגעבן, גיבן מיר זיך אונטער.

מיר נוצן אויס די געלעגנהייט, וואָס ס'איז שוין טונקל אין דרויסן און מיר וועלן קענען זען אינעם גאַנצן פּראַכט דאָס פייער, וואָס זעצט פון די אויוונס. פונקט אין דער צייט נעמט מען גיסן. עס ווערט אַלץ טונקעלער אין דרויסן. די לאַמטערנעס, וואָס צינדן זיך אָן, זיינען נישט מער ווי שטערנדלעך וואָס באַצירן די געגנט מיט אירע טונ־קעלע געביידעס, וואַגאָנען און רעלצן און אָט גיט אַ זעץ אַרויס פון אַ ברייטער עפענונג אַ רויטער פייער און אַ צווייטער אין אַן אַנדער זייט עס דערמאָנען זיך מיר די פייערן, וואָס איך האָב געזען אויף מיין ביינאַכטיקער נסיעה אין צוג איבער דעם ריין־געביט און נאָך

מער דערמאָנט זיך מיר זאָלאָס שילדערונג פון אָט די „ריזיקע חיות מיט זייערע שרעקלעכע פאָרמען, וואָס זייערע מאַגנס פרעסן שטיינער און גיבן ארויס צעגאָסענעם מעטאַל".

איך בין אויפגעשטאַנען אויפן צווייטן טאָג זייער פרי, בין אוועק אויפן זאַוואָד און אַ גאַנצן האַלבן טאָג אומגעגאַנגען פון איין צעך אין צווייטן, פון דער גיסערײַ, וואָס האָט איצט גערוט, צו די גרויסע מעכאַנישע האַמערס, צו די שלײַף־מאַשינען, צו די טאָקערײַען, שלאָסערײַען און צו דער געוואַלטיקער עלעקטרישער סטאַנציע, וואָס באַדינט די ראַזיקע אַלע אָפּטיילונגען, טרײַבט זייערע פּאַסן און רעדער און רעדלעך און באַלײַכט זיי מיט אַ בײַטאָגעדיקן ליכט.

איך בין ארויס פון דאָרט מיט אַ געוואַלטיקן רויש אין קאָפּ. און אינעם רויש פון אָט דער גיגאַנטישער אַרבעט, איז געשטאַנען און געשוויגן דער טאָקער־וואַרשטאַט, אויף וועלכן עס האָט געאַרבעט פּעטראַווסקי, דער איצטיקער פּרעזידענט פון דער אוקראַינישער סאָציאַליסטישער ראַטנמלוכה.

## 19

עס איז נאָך פרי. דער אויטאָבוס קיין זאַפּאָראָזשיע גייט אָפּ דרײַ אַזייגער נאָכמיטיק און איך האָב נאָך אַ דרײַ שעה צײַט. איך וואָלט נאָך געקענט צוגיין צום געזערד־אָפּטייל, זיך דערוויסן וויפיל געזערד־מיטגלידער גיט די שטאָט דניעפּראָפּעטראָווסק. וויפיל מיטגלידער גיבן די שטאָטישע אידן, וויפיל מיטגלידער גיבן די זאַוואָדן. סוף כל סוף איז דאָך די געזערד־אַרבעט די איינציקע אידישע געזעלשאַפטלעכע סאָוועטישע אַרבעט, צו וועלכער עס קענען האָבן אַ צוטריט אויך נישט קיין אַרבעטער. איך וואָלט נאָך אויך באַדאַרפט צוגיין אין „נאַצמין" און זיך באַקענען מיט דער אידישער קולטור־אַרבעט צווישן די אידישע אַרבעטער אין דניעפּראָפּעטראָווסק. נאָר מײַן דערפאַרונג פון די פריער באַזוכטע מקומות, האָט מיר געזאָגט, אַז מער ווי ציפערן וועל איך נישט באַקומען. ס'איז איצט אורלויב־צײַט אין אַלע קולטור־אינסטיטוציעס, און אין מיר איז גובר אַן אַנדער דראַנג: ביזטו געקומען אין אַ שטאָט, זאָלסטו זי זען. זאָלן דיך אין זכרון בלײַבן נישט קיין ציי־

פערן, וואָס דו קענסט זיי באַקומען צו יעדער צייט, נאָר פנימער, געשטאַלטן, סיטואַציעס, פּלעצער, כאַראַקטעריסטישע ווינקלען, איך האָב אַזוי פיל געהערט וועגן אַזאַ־אָרנע מאַרק, לאָמיך אים אָנקוקן!

און אָט איז ער, דער באַרימטער מאַרק. ער איז צעגראָבן. עפּעס וועט מען דאָ מאַכן נייס; אויב נישט אַ „גום" אָדער „מוק" — ווי עס וועלן זיכער איבערזעצן די סאָוועטישע אידישיסטן (פון „גאָסודאַרסטווענע אוניווערסאַלנע מאַגאַזין" אויף „מלוכהשע אוניווערסאַלע קראָם")· נאָר ווי צעגראָבן ער איז, שטייען אינמיטן דעם ברייטן פּלאַץ אַ ריי הילצערנע בודקעס און פאַר זיי — שטעלן מיט טאַנדעט, היטלען, שיך, אַלטוואַרג און ארום זיי, איבערן פּלאַץ פאַנאַנדערגעזעצט, ווי גרויסע ריזיקע קוואַטשקעס, ווייסע און ראָבע, וואָס קוואָקען מיט ווייבערישע קולות, פאַרקויפערנס. זייער סחורה איז אַ פאַרשידנאַרטיקע: אַ קוישל פּאָמידאָרן, אוגערקעס, געזייערטע אוגערקעס — מאַלאָסאָלנע אין אַן עמער, הינער און אייער, קעז און פּוטער, לאַדעשקעס מיט סמעטענע. מאָרגנע, קיין אידענעס זעט מען דאָ נישט, נאָר פּויערטעס. אַ חנעוודיק ווייבל, וואָס שטייט אין אַ בודקע מיט קוואַס און זעלצוואַסער און פּרוכט, צו וועלכער איך בין צוגעגאַנגען אויסטרינקען אַ גלאָז קוואַס, דערקלערט דאָס מיר: אויף צו האַנדלען אין מאַרק, דאַרף מען צאָלן אַ פּאַטענט און „נאַלאָגן" (שטייערן). אַ חוץ דעם זיינען די גויעס היינט קליגער געוואָרן. דאַרפן זיי פאַרקויפן דער „פּערעקופּקע", אַ מער זעצן זיי זיך אַליין אַוועק אין מאַרק... זיי קאָסט דאָך נישט קיין פּאַטענט, פאַר פאַרקויפן אייגנס קומט נישט צו צאָלן. נאָר לאָמיך האָבן די גוטע יאָר — שווערט זי זיך — וויפיל גויעס פאַרקויפן דאָ פרעמדע קעז און פּוטער און פרעמדע הינער און אייער. אַ טייל פון זיי פּאַקט מען און מען פירט זיי אין דער מיליציע און אַ סך האַנדלען ווייטער. נאָר סיי ווי, איז עס היינט קיין פּרנסה נישט. אַמאָל פלעגט אַ אידענע קויפן אַ פּאָר פּעטע הינער ביי דער גויע און זיי צוטראָגן צו אַ באַלעבאָסטע אַהיים, אָדער פלעגט קויפן פאַר איר אַ פריש קוישל אויבסט אויף „וואַרעניע", היינט וואו האָט איר די באַלעבאָסטעס? מען גייט היינט אַליין אין דער קאָאָפּעראַטיווע אָדער מען שיקט דאָס דינסט־מיידל אין „אָטשערעד", ברענגט זי פון דאָרט אפילו אַ פּעט־

רישקע צו דער יויך׳.. וואָס קלערט איר, קאָרג אידענעס זיינען געבליבן אָן פּרנסה?...

— דאָס דינסטמיידל, זאָגט איר? און ביי אונדז מיינט מען, אַז דאָ זיינען שוין נישטאָ קיין דינסטמיידלעך.

— ווי קען מען אויסקומען אָן אַ דינסטמיידל? — וואונדערט זי זיך — אַט גיי איך אוועק צו דער אַרבעט, מיין מאַן גייט אויך אוועק צו דער אַרבעט, ווער וועט עפּעס אָפּקאָכן? מען דאַרף דאָך נאָך שטיין אין „אָטשערעד", ביים ברויט, ביים פלייש, ביי דער מילך. נאָר וואָס דען, ס׳איז נישט ווי אַמאָל. היינט אַ דינסטמיידל מוז מען נעמען פון פּראָפסאָיוז (פּראָפעסיאָנעלער פאַריין) און מען מוז פאַר איר צאָלן „סאָצסטראַך" (סאָציאַלע פאַרזיכערונג) און מען דאַרף איר געבן אַרבעט־וועש און אַז ס׳קומט די שעה אהיימצוגיין, טאָר מען זי נישט פאַרהאַלטן. זי איז היינט מער יחסנטע ווי די באַלעבאָסטע...

דער פּדיון ביי איר גייט. די היץ איז גרויס. איך טרינק נאָך איין גלאָז קוואס און צווישן אָנצאַפּן איין גלאָז זעלצערוואַסער און דער צווייטער, צווישן איין גלאָז „באַרזשאָם", נאַרזאַן (קאַווקאַזער מינעראַל־וואַסערן) אָדער קוואַס, וואָס זי גיסט אָן און דער צווייטער, רעדט זי און דערציילט. ס׳איז ביי איר גאָר אָנגעלייגט, וואָס אַן אויסלענדער פרעגט זיך פונאַנדער ביי איר וועגן דעם נייעם „ביט" (שטייגער). זי וויל וויסן ווי אַזוי איז אין אַרגענטינע. צי איז דאָרט אויך אַזאַ יקרות. וויפיל נעמט אין אַרגענטינע אַ דינסט, ווי טייער איז אין אַרגענטינע ברויט, פלייש, פּוטער, פּרוכט, ווי טייער איז דירה־געלט. אַז איך זאָג איר די פּרייזן און רעכן זיי אויס אויף רובלם און קאָפּיקעס, מאַכט זי אַזאַ מין מינע מיטן מויל, ווי זי וואָלט זיך געוואונדערט און אין דערזעלבער צייט באַרואיקט:

— אַזוי? איז דאָך ביי אונדז אַ סך ביליקער ווי ביי אייך! אַט צאָלן מיר צען רובל אַ חודש, האָבן מיר צוויי צימערן מיט אַ קיך און אַן אַרבעטער וואָלטן זיי געקאָסט נאָך ביליקער. מען צאָלט פונעם קוואַדראַט־מעטער. מיר הייסן קוסטאַרן, באַלמעלאָכעס, הייסט עס, וויל מיר מאַכן אַליין דעם קוואַס און די זעלצערוואַסער, קאָסט די דירה אונדז אויך ביליק. נאָר נישט אַזוי ביליק ווי די אַרבעטאָרער. אַז אַרבעטאָרער באַקומט יעדער זאַך ביליקער און פריער פון יעדן. אַז עס

איז דאָ אין קאָאָפּעראַטיווע ווייניק צוקער אָדער רייז, גיט מען אַרויס פריער די אַרבעטער און אַז עס בלייבט, גיט מען די „קוסטאַרן", די וואָס זיינען מיטגלידער פון אַן אַרטעל.

— און די וואָס זיינען נישט קיין אַרבעטער און נישט קיין קוס־טאַרן? — שטעל איך איר אַ קלאָץ־קשיה, כדי צו הערן ווי זי פאַר־שטייט דעם ענין.

— וואָס-זשע? — ענטפערט זי מיר — זיי האָבן אַ סך אַריינ־געלייגט אינעם עסק? זאָלן זיי זאָגן אַ דאַנק, וואָס מען פאַרקויפט זיי אין קאָאָפּעראַטיווע אַזוינע זאַכן וואָס ס'איז פאַראַן גענוג! זיי ווילן דאָך נישט קיין קאָאָפּעראַטיווע! זיי וואָלטן געוואָלט, אַז זיי זאָלן פאַרקויפן פּריוואַט און רייסן אַ הויט און קויפן זאָלן זיי אין קאָאָפּעראַטיווע פאַר ביליק...

— וואו איז דאָ ערגעץ פאַראַן אַ רעסטאָראַן? — פאַרענדיק איך דעם שמועס און באַצאָל פאַרן קוואַס.

זי ווייזט מיר אָן אין ווינקל פון מאַרק. — אָבער זאָגט זי — איר וועט דאָרט נישט קענען עסן. פאַרן אייגענעם געלט קענט איר עסן אין אַ ריינעם און שיינעם רעסטאָראַן.

מיך ציט גראָד אַהין צו דעם רעסטאָראַן, וואו איך וועל נישט קענען עסן, באַטש עס קאָסט דאָרט דאָס אייגענע געלט ווי אין רעס־טאָראַן וואו איך וועל יאָ קענען עסן.

זי איז גערעכט געווען, דאָס חנעוודיקע ווייבל, די קוסטאַרקע, וואָס פאַרקויפט איר אייגענעם קוואַס און איז אַ מיטגליד אין דער קאָאָפּעראַטיווע. איך וועל דאָ נישט קענען עסן. די היגיענע איז אין דעם רעסטאָראַן נאָך זייער ווייט הינטערשטעליק, נישט געקוקט אויף די אויפשריפטן, וואָס רעקאָמענדירן נישט צו שפּייען אויפן פּאָל און נישט געקוקט אויף די שפּיי־כלים, וואָס זיינען דאָ צעשטעלט אויף גאַנץ אָנגעזעענע ערטער. ביי דער קאַסע, וואו מען קויפט צעטעלעך אויף מאכלים, לויטן פּרייז־קוראַנט, וואָס איז דאָרט אויסגעהאַנגען, שטייט אַן „אָטשערעד" פון פּויערים און פּויערטעס, סעדיכעס, בינדיוזשניקעס, איזוואָזשטשיקעס, אַ פּאָר אינגלעך „זעלבסטשטענדיקע" פון די פאַר־וואָרלאָזטע אַרויסגעוואַקסענע. ריידן, ריידן זיי ווייניק און דאָס ווײ־ניקע וואָס זיי ריידן איז גראָד זייער העפלעך און ווייך: „גראַזשדאַנין

(בירגער), זייט אַזוי גוט, נאַט אייך געלט, קויפט שוין פאַר מיר אַ באָרשטש און האָלובצעס (געפילטע קרויט מיט פלייש) אָדער סירניקעס (לאַטקעס פון קעז), טאָמער איז קיין האָלובצעס נישטאָ.. נאָר דערביי קומט אים אָן אויסצושפייען און ער שיסט אויס דאָס שפייעכץ דורך די ציין, אַפילו גאַנץ ווייט פון זיך, אָבער דאָך אויפן פּאָל און טרעפט צו אַ טישל, וואו איר דאַרפט זיך אַוועקזעצן. און עס איז דאָ נישט איבעריק געראַם אויך. אַלע טישלעך זיינען שוין באַזעצט און מיר וועט אויסקומען צוצוזעצן זיך נעבן אַ פאַרנומענעם טישל אין דער ענג־שאַפט. נישט קיין אַנגענעמע פּערספּעקטיווע. און איך גיי זוכן אַ צווייטן רעסטאָראַן.

איך גיי אָפּ עטלעכע טריט און שטויס מיך אָן אויף אַן אַלט באַקאַנט רוסיש מאַרק־בילדל. צוויי פאַרשוין האָבן זיך צוגעשפּאַרט צו אַ בודקע און טיילן זיך מיט אַ פלעשל וואָדקע. איינער פון זיי, דער געניטערער, גיסט אָן אַ גלעזל און קוקט דערנאָך אויפן פלעשל, צי האָט ער ריכטיק איינגעטיילט אויף צווייען. אויף זיין געניטקייט זאָגט עדות זיין גראָבע רויטע נאָז. אַזאַ פאַרשוין מוז שוין טרינקען גאַנץ לאַנג, נאָר דער רוח ווייס אים נישט נעמען. העכסטנס איז ביי אים דער גרויסער קאָפּ זייגער, מיט דעם אַלטן צוגעפּלעטשטן היטל, פאַר־טעמפּט, נאָר דער גוף זיינער איז ווי פון אַ ריז. אַ חידוש איז מיר אויפן צווייטן: אַ קליין פּיפּיק מענטשל, מיט לויפנדיקע מייזענע אײַ־געלעך, מיט אַ נעזל ווי אַ שפּיציק שיכל פון אונטער וועלכן עס שטרעקן אַרויס געלע שפּיציקע וואָנצעלעך. ער גיסט אין זיך אַריין די גלאָז בראָנפן מיט איין קלאַפּ, מאַכט אַ ביטערע מינע מיטן מויל און שיסט אויס פון צווישן די ציין אַ ווייטן שפּיי. אַזאַ מענטשל האָט שוין לאַנג באַדאַרפט פאַרברענט ווערן, צו אַלדי רוחות. און אפשר וואָלט ער שוין לאַנג פאַרברענט געוואָרן — טראַכט איך מיר — ווען ער קען טרינקען אַזוי פריי, ווי אַמאָל אין די שענקען און טראַקטירן, און דאַרף זיך נישט אויסבאַהאַלטן הינטער אַ בודקע און זיך טיילן מיט אַ פלעשל אויף צווייען... און ווען עס ווערט נישט געפירט אַזאַ העפטיקער קאַמף קעגן שיכרות, מיט פּלאַקאַטן אויף די גאַסן, דורך קינאָ, דורך בראָ־שורן און מיטינגען, דורך מאַניפעסטאַציעס פון די קינדער און דורך

דירעקטן רעאַגירן ביי דער אַרבעט מיט שטראָף און אויסשליסן פאַר שיכרות...

עס בלייבן מיר שטיין פאַר די אויגן די גרויסע שוואַרצע טאָוולען, וואָס איך האָב ערשט מיט אַ פּאָר שעה צוריק געזען אין די צעכן פון פּעטראָווסקים זאַוואָד, טאָוולען אויף וועלכע מען פאַרשרייבט די וואָס פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט און די וואָס פאַרהוליען זיך, כדי שפּעטער זיי צו באַשטראָפן מיט אָפּשטעלן פון דער אַרבעט אָדער גאָר מיט אויסשליסן און ביי דער זייט — די פאַרשידנפאַרביקע דיאַגראַמען, וואָס באַווייזן אויף אַן אופן, וואָס איז פאַר יעדן פאַרשטענדלעך, די באַלערנדיקע סטאַטיסטיק, ווי שנעל עס פאַרקלענערט זיך אויפן זאַוואָד פון יאָר צו יאָר די צאָל פאַלן פון פאַרשיכורן זיך, פון פעלן צו דער אַרבעט אָן אַ באַרעכטיקטער סיבה און פון פאַרשפּעטיקונגען.

איך לאָז מיך גיין אין אַ ריכטונג, וואָס מיר רוכט, אַז זי פירט מיך צו דער בולוואַר־גאַס, און איך טרעף אָן אויף אַ מאָנומענט פּושקינען. ס׳איז די פּושקין־גאַס. אין אַ שטאָט, וואו עס איז פאַראַן אַ פּושקין־גאַס און אַ פּושקין־מאָנומענט, מוז זיין אַ קולט נישט נאָר פאַר דעם דאָזיקן בירגערמוטיקן דיכטער, וואָס האָט געוואָגט אין זעלבסטהערשערישן רוסלאַנד פון די דרייסיקער יאָרן, צו פאַרהערלעכן און באַזינגען ברוטן, דעם סימוואָל פון אומקאָמפּראָמיסלעכן רעפּובליקאַניזם, נישט נאָר אַ קולט פאַר דעם יונגן טראַגיש אומגעקומענעם דיכטער, וואָס האָט געפורעמט און געשליפן די רוסישע שפּראַך, נאָר אַ קולט פאַר ליטעראַטור בכלל. און אין דניעפּראָפּעטראָווסק לייענט מען טאַקע. עס זיצן אין סקווער מענער און פרויען און מען לייענט, ווי מען וואָלט געטון אַ הייליקע עבודה.

איך זעץ מיר דאָרט אויף אויף אַ טראַמוויי, וואָס פירט מיך צו ביז דער מיטלסטער גאַס און אויף דער לענין־גאַס, נישט ווייט פונעם האָטעל, וואו דער אויטאָבוס שטעלט זיך, גיי איך אַריין אין אַ רעסטאָראַן. ס׳איז אַ פּריוואַטער רעסטאָראַן, וואו מען דאַרף נישט צוגיין אַליין צו דער קאַסע און קויפן צעטעלעך אויף אַ מיטיק לויטן „פּרייז־קוראַנט“. דאָ דערלאַנגט מען אייך צום טיש אַ מעניו, אויפן אייראָפּעאישן אופן, איר עסט אָפּ און איר באַצאָלט. די קעלנער דאָ, אינגאַנצן צוויי, זיינען מענער און נישט קיין פרויען, ווי אין דעם רעס־

טאַראַן אויפֿן מאַרק. די אומגעבונג אַרום, מאַכט דעם איינדרוק נישט פֿון אַ רעסטאַראַן, נאָר פֿון אַ „דאַמאַשני אָביעד" (אַ שטוב וואו מען סערווירט היימיש עסן). אַ חוץ דעם ברייטן עס־זאַל איז נאָך פֿראַן צימערן אין די זייטן, אין איין זייט גייט מען אריין, זעט אויס, אויף צו נעמען אַ טרונק בראָנפֿן. פֿון פֿאָרנט פֿאַרקויפֿט מען נישט קיין בראָנפֿן און אויך נישט קיין וויין, נאָר ביר. אַז איך האָב געפֿרעגט דעם קעלנער, פֿאַרוואָס מען סערווירט נישט קיין בראָנפֿן אין אַלגעמיי־נעם זאַל, האָט ער מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז דאָס איז דערפֿאַר וואָס דאָס וואָלט באַדאַרפֿט קאָסטן אַ צו טייערן פּאַטענט און..' די וואָס קומען אריין עפּעס אויסטרינקען, וואָלטן עס סיי ווי בפרהסיה נישט געטון.

מיט טרינקען שנאַפּס, שעמט מען זיך היינט אין רוסלאַנד, כאָטש טרינקען איז נישט פֿאַרבאָטן. אָט וואָס עס איז דערגרייכט געוואָרן מיט דער אַנטיאַלקאָהאָל פּראָפּאַגאַנדע.

אין אַמעריקע האָט מען אויך געוואָלט דאָס אייגענע דערגרייכן, נאָר דערגרייכט האָט מען פּונקט דאָס פֿאַרקערטע. דאָרט האָט מען פֿאַרבאָטן טרינקען, מען באַשטראָפֿט פֿאַר פֿאַרקויף פֿון בראָנפֿן. נאָר טרינקען איז געוואָרן דאָרט אַ העלדישקייט. נישט מען שעמט זיך, נאָר מען גרויסט זיך מיט דעם טרינקען. די זינד רייצט, מען פּראָוועט אָרגיעס, הוליאַנקעס און מען גייט אויף קידוש השם פֿאַר אַ טרונק בראָנפֿן.

דער סאָוועטישער דיכטער דעמיאַן בעדני, וועלכער שרייבט אין „פּראַוודאַ" זיינע פֿעליעטאָנען אין פֿערזן, האָט אין אַ ריי אַנטי־שיכרות פֿעליעטאָנען דורכגעפֿירט די פֿאַרשידענע פֿאָרמען פֿון שיכרות, ווי אַזוי זיי רופֿן זיך אָפּ אויף דעם מענטשן און אויף דער געזעלשאַפֿט און ווי עס זיינען געפֿירט געוואָרן און ווערן געפֿירט אין פֿאַרשידענע לענדער די אַנטיאַלקאָהאָל קאַמפּאַניעס. שפּעטער, ווען איך האָב די דאָזיקע פֿעליעטאָנען געלייענט, האָב איך ביי אים געטראָפֿן די זעלבע אָפּשאַצונג פֿון דער אַנטי־שיכרות קאַמפּאַניע אין סאָוועט רוסלאַנד און דעם פּראָהיבישאָניזם אין צפֿון אַמעריקע.

איך באַטראַכט דעם עולם, וואָס עסט אין אַלגעמיינעם זאַל: ביים נאָענטסטן טישל צו דער טיר עסט מיט גרויס אַפּעטיט אַ איד אַ צע־

כראַסטעטער בינדיוזשניק אין איין העמד, מיט אַ טונקל־שטרויענער באָרד און אַ פריש געראַזירטן בלויען קאָפּ. ער עסט דעם טריפהנעם באָרשטש און שוויצט. עס שוויצט אים דער קאָפּ, די האָריקע ברוסט און די האָריקע אָרימס, וואָס זיינען ביז אַרויף נאַקעט. ביי אַ טישל ווייטער עסט געלאַסן אַ הויכער אוקראַאינער מיט אַן אויסגעאיידלט און ענערגיש פּנים. אויך ער זיצט אָנעם פּידזשאַק, אין זיין ווייס אויסגע־נייט העמדל. מען רופט אים אָפּט צום טעלעפאָן. ער בעט זיך אין טעלעפאָן אויף נאָך פינף מינוט, ער ענדיקט שוין עסן... זעט אויס אַ וויכטיקער אָנגעשטעלטער אין אַ מלוכה אנשטאַלט. אַן אוקראַאיניש פּאָר־פאָלק זיצט טיף אין עס־זאַל. זיי זיינען דאָ צוגאַסט פון אַ דאָרף. ער — אַ מאָגערער, אַ געראַזירטער, מיט שפּיציקע שוואַרצע וואָנצעס און צוגעקלעפּטע מיט שוויים גרוילעכע האָר אויפן צערונצלטן שטערן, אין אַ בלויען שווערן פּידזשאַק אויף זיין געדיכט אויסגענייט ווייס העמדל און אויף אַ שמול נעבן אים דער שווערער נייער קאַרטוז פונעם זעלבן געוואַנט וואָס דער פּידזשאַק. זי — אַ צעגאַסענע, אַ ברייטע, וואָס האָט, זעט אויס, קיינמאָל איר גוף מיט קיין קאָרסעט נישט געצוימט, אין אַ ווייס העמד מיט ברייטע אויסגענייטע אַרבל, וואָס דינט פאַר אַ בלוזע, אַ רויט קלייד און אַ רויט טיכל אויפן קאָפּ, פאַרבונדן אויף הינטן, ווי אַ קאַפּנטיכל. אין סאַמע מיטן זיץ איך, דער אויסלענדער, מיט מיין זומערדיקן אַנצוג פון ענגלישן שטאָף, וואָס ציט זייער אויפ־מערקזאַמקייט און קוק אויף צוויי 15־16 יאָריקע מיידלעך, וואָס זיצן ביי אַ טיש אין עס־זאַל און... מאַכן זייערע לעקציעס, נישט אַכטנדיק אויף קיינעם.

אין רוסלאַנד, טראַכט איך מיר, לערנט מען אַפילו אין קאַניקול־צייט... אין רוסלאַנד לערנט מען, אַפילו אין רעסטאָראַן... אין רוסלאַנד ל ע ר נ ט מען, אַפילו ווען די שול איז אַן אַרבעט־שול און פאַרגיט נישט קיין לעקציעס די שילער אויף אַהיים אויף אויסצוחזרן... און דניעפּראָפּעטראָווסק איז נישט קיין אויסנאַם.

איך האָב נאָך אַ שעה צייט און איך פאַרברענג זי איז אַ קליינעם דערנעבנדיקן סקווער, וואו ס'איז גרין און פריש און וואו איך טרעף ווידער לייענען און לערנען. דער אַרבעטער, וועלכן איך האָב געטראָפן נעכטן אין פּאַרק איבער אַן אַלטן טעקסט־ביך פון געאָמעטריע, איז

גישט דער איינציקער, וואָס איך האָב באַגעגנט אין דניעפּראָפּעטראָווסק. דאָס זיינען די שילער פון דעם אַרבפאַק, פון דעם אַרבעטער פאַקול־טעט, וואָס איז פאַראַן אין יעדער גרעסערער שטאָט אין ראַטנפאַרבאַנד, אין וועלכן די אַרבעטער, וואָס האָבן נישט דורכגעמאַכט קיין עלעמענ־טאַרע און קיין מיטלשול, גייען דורך אַ דריי־יאָריקן קורס, וואָס דער־גאַנצט זייערע קענטעניש מיט עלעמענטאַרן וויסן, כדי דערנאָך קענען אַריינטרעטן אין דער הויכשול אויף צו דערלערנען אַ וויסנשאַפטלעכע ספּעציאַליטעט.

ווען איך האָלט שוין ביים אויפזעצן זיך אויפן אויטאָבוס קיין זאַפּאָראָזשיע, פאַלט מיין בליק אויף אַ פּלאַקאַט, צוגעקלעפּט צו דער וואַנט פונעם האָטעל. דער פּלאַקאַט רופט דעמאָנסטרירן קעגן די כי־נעזישע גענעראַלן, וואָס האָבן פאַרכאַפּט די „קוושד" (קיטאַיסקאָ־וואָסטאָטשנאַיאַ זשעליעזנאַיאַ דאָראָגאַ — כינעזישע מזרח־אייזנבאַן). די דעמאָנסטראַציע איז שוין פאָרגעקומען. נאָר ביי דער זייט איז צו־געקלעפּט אַ גאָר פרישע מעלדונג אויף ווייסן פּאַפּיר: עס ווערן גערופן צום געווער די רויטאַרמייער פון דעם און דעם יאָר, וואָס האָבן גע־דינט אין קאַוואַלעריע און אַרטילעריע. נעבן דער מעלדונג שטעלן זיך אָפּ די פאַרבייגייער און איינער אַ הויכער בלאָנדער יונג, וואָס קוקט אויף דער מעלדונג, ווי איבער זיי אַלעמען, מיט אַ מין יאַטיש פריי־לעכן ארויסרופנדיקן אויסדרוק, וואָס איז אַזוי געוויינלעך ביי די רו־סישע פאַבריק־אַרבעטער, און וואָס זאָגט, דאַכט זיך, שטענדיג דאָס אייגענע: „גיב אים נאָר אַהער!" אָדער „מיר וועלן זיי דערלאַנגען!..."

20

אין מעליטאָפּאָליער „נאַצמין"־ביוראָ (ביוראָ פאַר די באַדערפע־נישן פון דער אידישער נאַציאָנאַלער מינדערהייט) איז רירעוודיק. די אידישע אַרבעטער און אַנטירעליגיעזע באַלמעלאָכעס האָבן אָפּגעהאַלטן אַ נצחון איבער די שול־אידן. זייער ווענדונג צום אוקראַינישן צענ־טראַלן אויספיר־קאָמיטעט, איבערצוגעבן זיי אַ שיל אויף אַ קולטור־אַנשטאַלט, איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. אַרום דעם ענין איז געפירט געוואָרן אַ שווערער קאַמף. פון דער אַרבעטער־זייט איז געוועזן

דעמאָנסטראַציעס און פאַרזאַמלונגען מיט רעזאָלוציעס און פון דער אַנדער זייט איז געווען חתימות און שתדלנות. דער פאָרשטייער פונעם „נאַצמין" האָט באַקומען טעלעגראַפיש אַ פולמאַכט צו פאַרנעמען אויף אידישע קולטור־אַרבעט איינע פון די מעליטאָפּאָליער שילן.

וועגן דעם קאַמף אַרום דער שיל, האָב איך נאָך פריער געהערט. דערציילט האָט מען דאָס מיר פון צוויי צד. זייער טענה איז געווען: אין שיל דאַוונט מען טאַקע נישט, מעליטאָפּאָליער דאַוונער קענען היינט אַריין אַפילו אום יום כיפור אין איין שיל, מען קען זיך באַגיין אָן דער דריטער שיל, נאָר וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז מען זאָל אַוועקגעבן אַ שיל אויף אַ קלוב! זיי דאַרפן אַ קלוב? זאָלן זיי נעמען און בויען אַ קלוב!... געטענהט האָבן דאָס פאַר מיר צוויי באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן צוזאַמען מיט אַ דריטן אַן „אַרטעל" פון קעמל־מאַכעריי און האָבן זיך שטאַרק אָנגענומען די קריוודע פון „מעליטאָפּאָליער אידנטום".

דער פאָרשטייער פון נאַצמין, וואָס האָט באַקומען די טעלעגראַמע פונעם אוקראַינער „ציק", איז אַ „ווידוויזשעניעץ", דאָס הייסט, נאָך אַ נייער מיטגליד אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, וואָס מען רוקט אים אַרויס אויף אַ פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט. אויך אים האָט מען אָנפאַרטרויט דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן, כאָטש ער איז אַ נייער אין דער פאַרטיי. ער שטעלט זיך מיר פאָר אַלס מענטש מיט אַ געזעל־שאַפטלעכן סטאַזש: געווען אַ לאַנגע צייט אין אויסלאַנד, געווען אויפן פראָנט... ער ווייזט דאָך אַרויס אַביסל נערוועזיטעט, צוזאַמען מיט דעם נצחון און מיט דער פרייד, וואָס שיינט ביי אים אויפן פּנים.

— מען דאַרף שוין פאַררופן אַ פאַרזאַמלונג, — רופט ער זיך אָן צום סעקרעטאַר פון שטאָטראַט — ניין, בעסער אַ זיצונג מיט די פאָר־שטייער פון די פראָפפאַריינען. איך מיין, אַז פאַר אַ קלוב טויג זי נישט, די שיל; מען וועט זי דאַרפן צופיל רעפאָרמירן און זי וועט אונדז צו טייער קאָסטן. מען טאָר אָבער פאַר קיין פאַל נישט אַרויסלאָזן די שיל פון די הענט. דאָס אַליין, וואָס מיר פאַרנעמען די שיל, נאָך אַזאַ גע־פילדער פון די שיל־אידן איז פאַר די אידישע אַרבעטער אַ גרויסער רעוואָלוציאָנערער און קולטור־נצחון. די אַרבעטער און די אַנטירעלי־גיעזע באַלמעלאָכעס, מוזן שוין איינשטעלן דאָ אַ קולטור־אַנשטאַלט,

לאָמיר זאָגן אַ ביבליאָטעק, כדי די שיל־אידן זאָלן נישט האָבן קיין אויס־
רייד, אַז מיר האָבן די שיל פאַרנומען בלויז אַלס אַמביציע. זיי זיינען
די אמתע קריכער, די שיל־אידן... אויף ווען רופן מיר די זיצונג?...

די זיצונג ווערט באַשטימט אויף דעם זעלבן אָוונט און איך ווער
איינגעלאַדן אַלס גאַסט. גראַד, אָבער, האָב איך שוין דעם אָוונט באַ־
שטימט אויף אַן אַנדערן נישט ווייניקער אינטערעסאַנטן ענין: עס הויבט
זיך היינט אָן די „טשיסטקאַ” די רייניקונג פון דעם קאָמוניסטישן קע־
מערל אין מעליטאָפּאָל. דער פאַרהער פון די מיטגלידער איז אַן אָפּע־
נער, ער קומט פאָר אין שטאָט־גאָרטן און עס קענען זיך אין אים באַ־
טייליקן אַלע, אָן אויסנאַם, בירגער. ווער ווייסט צי מיר וועט נאָך אויס־
קומען, צי וועל איך האָבן די געלעגנהייט בייצוזיין אַזאַ וויכטיקן אַקט...
און איך האָב מיך נישט גענאַרט. דער באַזוך איז פאַר מיר געווען
איינער פון די אינטערעסאַנטסטע, וואָס איך האָב געהאַט אין סאָוועט־
רוסלאַנד. די „טשיסטקאַ” האָט פאַר מיר דורכגעפירט אַ רייע טיפן פון
דער קאָמוניסטישער פאַרטיי אין דער פּראָווינץ; טיפן וואָס האָבן זיך
אָנגעקלעפּט אין דער פאַרטיי אין די יאָרן פון בירגער־קריג, האָבנדיק
פאַרדינסטן פאַר דער רעוואָלוציע, אַלס פאַרטיזאַנען וואָס האָבן גע־
קעמפט קעגן די ווייסע; טיפן פון דאָרף־באַטראַקעס, פאַסטוכער, וואָס
האָבן איצט פאַראַנטוואָרטלעכע פאָסטנס אין דער סאָוועטישער ווירט־
שאַפט פון דער פּראָווינץ; פּראָווינציעלע אַרבעטער, באַלמעלאָכישע,
באַלעגאָלישע זין און אַרבעטער־אינטעליגענץ; פאַרשידנסטע פאַרשוי־
נען, וואָס דערציילן אויף דער בינע פאַרן ברייטן פאַרזאַמלטן עולם זייער
ביאָגראַפיע, ביי וואָסערע עלטערן זיי זיינען געבוירן, וואו זיי האָבן זיך
געלערנט און צי זיי האָבן זיך בכלל געלערנט, ווי אַזוי זיי זיינען גע־
וואַקסן אין דער קינדהייט, אין דער יוגנט, מיט וואָס זיי האָבן זיך באַ־
שעפטיקט, ווי אַזוי זיי זיינען געקומען צו דער קאָמוניסטישער פאַרטיי,
וואָס פאַר אַ פאָסטנס זיי האָבן פאַרנומען, וואָס פאַר אַ געזעלשאַפט־
לעכע אַרבעטן זיי האָבן געטון און וואָס פאַר אַ פאָסטנס זיי האָבן
איצט און ביי וועלכער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט זיי זיינען איצט פאַר־
נומען, וואָס פאַר אַ פאַמיליען־לעבן זיי פירן, צי האָבן זיי וועלכע אומ־
געזונטע נייגונגען ווי טרינקען, שפּילן אין קאָרטן א. א. וו. צי האָבן

זי געהאַט אויף זיך געריכטלעכע פּראָצעסן אָדער דיסציפּלינערע שטראָפֿן פֿון דער פּאַרטיי...

אויף לאַנגע הילצערנע בענק, וואָס ציען זיך אין צוויי רייען אינ־מיטן גאָרטן, מיט אַ דורכגאַנג צו דער בינע, זעצט זיך אויס דער עולם, אַ פֿאַרשידנאַרטיקער עולם פֿון מענער און פֿרויען. די מענער אין זייע־רע וואָכעדיקע אַרבעטס־קליידער, די פֿרויען — צוגעראַמטע, שטאָטישע אוקראַאינקעס, וואָס טראָגן שוין מאָדע־קליידער, מיט אַ קליינעם איבער־בלייב פֿון אוקראַאינישער העפטעריי, נאָר די צעפּ, די שענסטע צירונג פֿון די אוקראַאינישע פֿרויען, היטן זיי מיט באַזונדערער זאָרגעוודיקייט. מען האָט געבראַכט צוויי גרויסע ערדענע פֿאַרמאַכטע קרוגן מיט וואַ־סער און אַ קוואַרט, אַרויפֿגעשטעלט אויף די בינע־ברעטער און דער עולם לעשט דערווייל דעם דורשט נאָך דער וועטשערע. אָט איז שוין די רייניקונגס־קאָמיסיע. אירע מיטגלידער זײַנען דורכגעגאַנגען זייער רייניקונג אין העכערן פּאַרטיי־אַפּאַראַט.

דער פּאָרזיצער איז אַן אַלטער פֿאַבריק־אַרבעטער און אַ באָלשע־וויק פֿון 1905־טן יאָר, ניקאָלאַיענקאָ. מײַן קרוב דער אַלטער סטאָ־ליער, וואָס זײַנער אַ זון איז אויך אַ קאָמוניסט און איז דער סעקרעטאַר פֿון דעם פּראָפֿפֿאַריין פֿון די בוי־אַרבעטער, דערציילט מיר וועגן דעם ניקאָלאַיענקאָ: גאַנץ מעליטאָפּאָל — זאָגט ער מיט התפּעלות — האָט אים ליב, אַ זעלטענער מענטש. איצט לעבט ער שוין פֿון פּענסיע און זײַנע קינדער האַלטן אים בײַ זיך. אַ שוואַכקייט האָט ער, דער אַלטער, צו גוטע ציגאַרעטן...

מיט זײַן געל אײַנגעשרומפּן פּנים און פֿאַרויסשטעקנדיקן בלאָנד־גרויען בערדל אָן וואָנצעס, וואָס מאַכט אים ענלעך צו אַ האָלענדער, שפּאַצירט ער איבער די ברעטער פֿון דער בינע און אָט זעצט ער זיך אַוועק בײַם טיש, נאָכדעם ווי ער האָט גענומען אַ טרונק וואַסער פֿונעם קרוג אוןווישט זיך אָפּ דאָס מויל. עס זעצן זיך אַוועק פֿון בײַדע זײַטן די בײַזיצער. צווישן זיי איינע אַ פֿרוי, אַן עלטערע אַרבעטערן. דער סעקרעטאַר מאַכט אָרדענונג אין זײַנע פּאַפּירן און רופֿט אויס אַ נאָמען.

צווישן עולם ווערט אַ גערודער און אַ שושקעריי, וואָס ווערט אײַנגעשטילט מיטן באַווײַזן זיך פֿונעם אַרויסגערופֿענעם אויף דער בי־נע. דאָס איז אַ פֿעסטער הויכער יונג, מיט אַ רויט בליענדיק פּנים און

בלאָנדזשע וואַנצעס. ער שטעלט זיך אַוועק ביי אַ שטענדער און הויבט אָן דערציילן וועגן זיך:

געבוירן געוואָרן בין איך אין זאַפּאַראָזשיער געגנט ביי עלטערן פּויערים, גראַמאַטע (בילדונג) האָב איך באַקומען אין צערקאָווגע פּרי־באַרסקע שקאָלע (קירכלעכע שול פון דער פּויערישער קהילה), געאַר־בעט האָב איך פון אָנהויב ביי די עלטערן און דערנאָך אַלס באַטראַק אויף אַ גוט אין קורסקער גובערניע, האָב געדינט אין דער צאַרישער אַרמיי און דערנאָך געווען אין דער מלחמה ביים עסטרייכישן פראָנט. נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע בין איך צוגעשטאַנען צו אַ פּאַרטיזאַנישן „אָטריאַד" (מיליטערישע טייל), וואָס האָט געקעמפט קעגן די ווייסע, וואָס האָבן זיך געררוקט אויף קרים. ווען מען האָט דעם „אָטריאַד" פונאַנדערגעלאָזט, בין איך אָנגעקומען ארבעטן אין אַ דאָרף ביי מעליטאָפּאָל און דאָ חתונה געהאַט. איך האָב אָנגעגעבן אַ בקשה אָנגענומען צו ווערן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין 1923 און אין 1926, נאָכדעם ווי איך בין געווען אַ קאַנדידאַט 3 יאָר צייט, בין איך געוואָרן אַ פּאַרטיי-מיטגליד. איך פאַרנעם איצט אַ פּאָסטן אַלס אויפזעער ביי שטאָטישער אַרבעט. טרינקען, דעם אמת געזאָגט, האָב איך געטרונקען. נאָך צוריק מיט אַ האַלב יאָר פלעג איך נעמען אַ שנאַפּס און אַמאָל אויך איבעריקס, נאָר איצט טרינק איך נישט. וועגן מיין פאַמיליען־לעבן, האָב איך גאָרנישט וואָס צו זאָגן. איך בין פאַר־הייראַט און לעב מיט מיין פרוי בשלום...

נאָך אָט דער אויטאָביאָגראַפיע, פרעגט דער פאָרזיצער ביים עולם ווער עס האָט עפּעס אָנצומערקן דעם ארויסגערופענעם. עס נעמען זיך פאַרשרייבן צום וואָרט אַ ריי אָנוועזנדע פונעם עולם און עס הויבן זיך אָן די „אָטוואָדן" (אָפּפרעגעכצן): איינער פון עולם פאָדערט אויף דעם געוועזענעם פּאַרטיזאַן, ער זאָל זאָגן, וואו זיין פּאַרטיזאַנישער טייל האָט אַקטואירט און ווער עס איז געווען דער אָנפירער זיינער. אַ צווייטער זאָגט עדות, אַז ער האָט אים געזען אויסגעטרונקען ערשט צוריק מיט אַ חודש. אַ דריטער ברענגט ארויף אַ גאַנצע מעשה וועגן דעם ווי אַזוי ער האָט חתונה געהאַט, אַז דאָס ווייב האָט ער צוגענומען ביי אַ קראַנקן פּויער, וואָס איז שפּעטער געשטאָרבן, און איצט איז ער דער באַלעבאָס פון זיין ווייבסווירטשאַפט.

— שלעגט מיט אים! — רודערט זיך צווישן עולם.

ער ענטפערט, רופט אַן אַן אָרט, וואו זיין „אַטריאַד" האָט אַסטר־אירט, רופט אַן נעמען פון אַנפירער, פריער איז געווען ד ע ר, דער־נאָך יענער. — ריבטיק! — רופט זיך אָן יענער וואָס האָט אים גע־שטעלט די פראַגע. — וועגן טרינקען לייקנט ער קאַטעגאָריש ער זאָל האָבן געמאַכט א „וויפּיוואָקאַ" פאַר דער לעצטער צייט, סיידן ער האָט גענומען א גלעזעלע... די מעשה מיט זיין חתונה קלערט ער אויף, אַז אמת, ער מיט זיין איצטיקער פרוי, נאַטירלעך, האָבן זיך ליב געהאַט פריער נאָך ווי איר קראַנקער מאַן איז געשטאָרבן, נאָר ער מישט זיך נישט צו איר ווירטשאַפט, ווייל זי האָט קינדער פונעם פריערדיקן מאַן, וואָס אַרבעטן און ע ר, זעט אַז זיי זאָלן זיך לערנען און זיין גוטע קאָמוניסטן.

דער עולם גלויבט אים י אָ און גלויבט אים נ י ש ט. די קאָמי־סיע ווייסט שוין מסתמא דעם אמת, לויט אירע דאַטן וועגן דעם פּאַרטיי־מיטגליד.

איך טראַכט מיר ביי זיך, אַז ווי גערעכט ער זאָל נישט זיין, און ווי גרויס עס זאָלן זיין זיינע פאַרדינסטן אלס פּאַרטיזאַן פון דער בירגער־קריג, איז ער נישט פון די גאָר געוואונטשענע עלעמענטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

צו שאַרף שטייט מיר פאַר די אויגן די פיגור פון דעם אָרעסער אידישן גנב און פּאַרטיזאַנישן אַנפירער, מישקע יאַפּאָנטשיק, ווי ב. עפּלבוים האָט אים געשילדערט. אמת, דער דאָזיקער זאַפּאַראָזשיער באַטראַק איז נישט קיין גנב, אָבער מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז פונקט ווי ער האָט זיך אַנגעשלאָסן אָנעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד פון די רויטע, אַזוי האָט ער זיך אויך געקענט אַנשליסן אָן א מחנה ווייסע און פּאָג־ראָמשטשיקעס. עס דערמאַנט זיך מיר דערביי א סצענע אין אויגוסט 1914 אין מאָנטעווידעאָ. פאַר די טאַוולען פון א צייטונג שטייט אַן עולם און קאָמענטירט די לעצטע ידיעות פון די פראָנטן. אינעם רעדל שטייען אויך עטלעכע רוסן עמיגראַנטן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער פאַבריק פון פלייש־קאָנסערוון אויפן „סעררא", און אַז זיי באַמערקן א פּאָר אידן, פאַרפירן זיי א שמועס. איינער פון זיי הויבט זיך אָן אויספיינען, אַז ער מיט אידן, איז אדרבא ואדרבא, ער האָט ל י ב

אידן. און אַז ער גייט אַריין אין עקסטאַז, ווען דאָס האַרץ ווערט אים צעשפּיליעט, איז ער זיך מודה: „יאַ אי נאַ פּאָגראָם כאַדיל... טשטאָזש, ראַזוויע אָם זלאָסטי? פּאַגוליאַט כאַדיל!...” (אויך אויף אַ פּאָגראָם בין איך געגאַנגען... וואָס-זשע, צי דען פון שלעכטיקייט? איך בין געגאַנגען אַ הוליע טון!...) מיך וואָלט נישט געאַרט, אַז מען זאָל אַזעל־כע פּאַרטיזאַנען אויסרייניקן, און בכלל, די וואָס האָבן געטויגט צו דעם הפקר לעבן פון פּאַרטיזאַנישן קריג, ווייס איך נישט אויב זיי קענען זיך צופּאַסן צו מעטאָדישער אַרבעט אויף סאָציאַליסטישער בויאונג.

נאָר אָט שטייט שוין אַ צווייטער פּאַרטיי־מיטגליד, וואָס דער עולם האָט אים אויפגענומען מיט אַן אָוואַציע. ער דערציילט בקיצור, אין אוקראַיניש:

— איך בין אַלט דריי און צוואַנציק יאָר. געווען אַ קאָמסאָמאָ־ליעץ, געקומען פון דער רויטער אַרמיי. און אויפגענומען געוואָרן אין דער פּאַרטיי. מיין פּאָטער איז אַן אָרימער פּויער. איך בין געווען אַ פּאַסטוך פון דער דאָרפישער סטאַדע. אין אַן אָנפאַנג־שול האָב איך נישט געלערנט. מיינער אַ חבר האָט מיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן און אביסל אַריפמעטיק. שפּעטער האָב איך געענדיקט די פּאַר־טיי־שול. איצט בין איך סעקרעטאַר אין דאָרפישן ראַט... ער באַגלייט זיינע רייד מיט דעם אָפטן אוקראַינישן אויסרוף־וואָרט: אָ! וואָס באַדייט: אַזוי איז עס, און אַנדערע פונעם עולם האַלטן אים אונ־טער יעדן מאָל ביי אַזאַ אויסרוף: אָ, צע וואָנאָ! (אָט דאָס איז עס). אַז ער ענדיקט, באַקומט ער ווידער אַן אָוואַציע. נאָך גרעסער פון דער ערשטער. דער פּאָרזיצער גיט אים אַ צייכן ער זאָל אַראָפּגיין פון דער בינע און ער טוט דאָס ווי אַ יונגער גלאַדיאַטאָר, וואָס האָט די אָוואַציע מיט זיין גבורה כשר פאַרדינט.

זיין אָרט פאַרנעמט אַ הויכער אידישער בחור, אַ שמיד, וואָס זעט אויס ווי ער וואָלט ערשט אַרויס פון צווישן אַ וואָגן מיט קוילן. ער רעדט אוקראַיניש מיט אַן עכטער אוקראַינישער הברה און באַ־פעסטיקט יעדן זאַץ מיט אַן „אָ”, נאָר ער פאַרמישט די שין אויף אַ סאַמעך און פאַרקערט. דאָס אייגענע איז ביי אים מיט דער „זע” און מיט דער „זשע”. אַ חוץ דעם פאַרמישט ער זכר מיט נקבה. דער

עולם הערט זיך פונדעסטוועגן איין צו דעם וואָס ער דערציילט און בלויז איינער פונעם עולם מאַכט אַ באַמערקונג, בעת ער האָט פאַר־ביטן אַ זכר אויף אַ נקבה, וואָס האָט געקענט שלעכט אויסגעטייטשט ווערן.

זיין טאַטע — הויבט ער אָן — איז געווען אַ באַלעגאַלע. אַזוי זאָגט ער טאַקע „באַלעגאַרע". געקומען אַהער פון נעזין. אַלע אין מעליטאָפּאָל געדענקען אים נאָך. געלערנט האָט ער אין אידישן „חדר" און האָט געהאַט אַ גראָבן קאָפּ. ער האָט ליב געהאַט די פערד. האָט אים דער טאַטע אַוועקגעזעצט פאַר אַ שמייסער. דערנאָך איז ער אַוועק צו אַ שמיד, קאָווען פערד. אַז מען האָט געמאַכט אין מעליטאָפּאָל דעם ערשטן פאַריין פון די ארבעטער, האָט מען אים אריינגעצויגן און ער איז געוואָרן אַ „סאָזנאַטעלנע" און אויך אַ „גראַמאָטנע". פון דע־מאָלט אָן האָט ער גישט אויפגעהערט זיין מיט די ארבעטער און קעמפן פאַר דער ארבעטער־זאַך. זיין טאַטן האָבן כוליגאַנעס דער־הרגעט. ער איז דעמאָלט געווען אויפן פראָנט קעגן ווראַנגלען. זיין מאַמע איז אַוועק קיין נעזשין (ביי אים קומט עס אויס נעזין) און איז דאָרטן געשטאָרבן. חתונה געהאַט האָט ער נישט. אין דער פאַרטיי איז ער פון 1926. ער איז פאָרזיצער אין זיין פראָפּפאַריין. האָט געזעל־שאַפטלעכע „נאַגרוזקעס" (ארויפגעלייגטע ארבעטן) מיטגליד אין אָר־מיקן „ער־קאַ־אי" (ארבעטער־פויערישע אינספּעקציע), סעקרעטאַר אין מאָפּר־קעמערל, קאָמיטעט־מיטגליד אין אָזעט־קעמערל...

קיין באַמערקונגען ווערן קעגן אים נישט געמאַכט און זיין אָרט פאַרנעמט אַ צווייטער, וואָס הויבט אָן ריידן רוסיש:

ער איז פון פויערים. האָט געענדיקט אַ פּראָגימנאַזיע (פּיריאָריקע מיטלשול פון אַלטער לער־פּראָגראַם). איז געווען אָנגעשטעלט אין קאַנ־צעליאַריע ביי אַ נאָטאַריוס, דערנאָך אין דער זעמסקע אופּראַווע...

דערביי רייסט מען אים איבער פון עולם און מען פאָדערט פון אים ער זאָל ריידן אוקראַיניש. דאָס דערמאָנט מיר אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען, ווען אַמכאַ הויבט אָן שרייען „אידיש", בעת אַ רעד־נער אַ איד נעמט ריידן שפּאַניש. ער גיט זיך אונטער און רעדט אוק־ראַיניש נאָר געמישט מיט אַ סך רוסישע ווערטער, ווי אַן „אינטע־ליגענט".

...ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, איז אַריינגעטרעטן צו די סאָציאַליסטן רעוואָלוציאָנערן, צוגעשטאַנען צום לינקן פליגל און שפּעטער געוואָרן אַ באָלשעוויק. ער איז איצט סעקרעטאַר אין קרייז־געריכט, איז אַ מיטגליד אין דער בוי־קאָמיסיע פון שטאָטראַט און נאָך און נאָך און נאָך...

עס הויבן זיך אָן שיטן פראַגן איבער פראַגן פונעם עולם:

צי זיינע עלטערן לעבן נאָך. וואָס פאַר אַ פאַרמעגן האָבן זיי. צי האָט ער באַציאונגען מיט זיינע עלטערן און וואָסערע. צי איז ער געווען אין דער רויטער אַרמיי. צי האָט ער בכלל אנטיילגענומען אויף די פראָנטן. וואָס האָט אים געשטויסן אריינצוטרעטן צו די עס־ער און פאַרוואָס איז ער געוואָרן אַ באָלשעוויק. זאָל ער זאָגן וואָס איז דער חילוק צווישן דעם אַגראַר־פּראָגראַם פון די עס־ער און פון די באָלשעוויקעס. וואָס מיינט רעוואָלוציאָנערער יושר אין דער סאָוועטישער געריכט־פּראָצעדור.

אַ חוץ די פראַגן, וואָס מען שטעלט אים און ער פאַרשרייבט זיי ביי זיך אויף אַ פּאַפּיר, רופן זיך אַרויס אַנדערע, וואָס בעטן ווערטער אויף אָנקלאַגעס קעגן אים. איינער ווייסט פּאָזיטיוו, אַז ער שטייט אין פאַרבינדונג מיט זיין קולאַצקער פאַמיליע, אַ צווייטער גיט אָן אַ פאַקט, ווי ביי אַ פּראָצעס, צווישן אַן אָרימען פּויער מיט אַ קולאַק, האָט ער זיך אויסגעדריקט נישט גוט וועגן אָרימען, פאַרגעסנדיק אַז דער רעוואָלוציאָנערער יושר פאָדערט פון אים צו נעמען אין אַכט נישט די טרוקענע פאָרמאַליטעטן, נאָר די סאָציאַלע לאַגע פון די צדדים. אַ דריטער גיט אָן, אַז אין דער בוי־קאָמיסיע פאַרטיידיקט ער די אינטערעסן פון די רייכע הויז־איינגנטימער...

דער גערייניקטער זעט אויס ווי פאַרלוירן אונטער דעם האָגל פון פראַגן און באַשולדיקונגען, פון וועלכע ער פּילט זיך געטראָפן און אומבאַקוועם. עס ליידט זיין שטאָלץ אַלס „אינטעליגענט" און אין דערוזלבער צייט ווייסט ער די מאַכט פון אָט דעם עולם, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אים צו משפטן. ער ווייסט, אַז אַ סך דערפון אין וואָס מען באַשולדיקט אים, איז אמת: אַזוי האָבן זיך צוזאַמענגעלייגט די אומשטענדן, אַזוי איז געווען די דערציאונג זיינע און אַזוי האָט זיך אויסגעבילדעט זיין כאַראַקטער. אפשר צו שוואַך פאַר אַזעלכע האַרטע

צוזאַמענשטויסן פון פאַמיליען־ און קלאַסן־אינטערעסן, נאָר ער איז אָרנטלעך...

דאָס אַלץ ליגט ביי אים אויף זיין בלייכן פּנים און אויף זיין גאַנצער הויכער געשטאַלט, וואָס זעט אויס ווי אויסגעבויגן, בעסער געזאָגט, צוזאַמענגעדרייט, אונטער די דאָזיקע פראַגן, ווי אַ לאַנגער פראַגע־צייכן.

ער רעדט לאַנג, דרייט זיך אַרום די פראַגן און באַרירט זיי גוט, שטעלט זיך לענגער אָפּ אויף טעאָריע, זאָגט, אַז באַשולדיקונגען דאַרפן דערוויזן ווערן און פאַרענדיקט, אַז ער פאַרלאָזט זיך אויף דער ריי־ניקונגס־קאָמיסיע, וואָס קען זיין אָרנטלעכקייט און זיין אידעאַליזם.

— אַ ריכטיקער אבלאַקאַט (אדוואָקאַט)! — רופט זי אָן אייגער

— אַ טיפּ, אויסגעשמידט אין שלאַכטן און אין פּאַראַנטוואָרטלעכער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס גייען דורך אָן באַמערקונגען און דער פאַרזיצער אַנאָנסירט, אַז מאָרגן וועט די רייניקונג פאָרגעזעצט ווערן אויפן זעלבן פּלאַץ און עס וועלן גערייניקט ווערן די און די מיט־גלידער.

איך גיי אַרויס אָן אָנגעזאַפּטער מיט קענטעניש פון מענטשן, סביבה און געזעלשאַפט ווי איך וואָלט אין דעם אָוונט איבערגעלייענט גאָרקים אַ גרויסן ראָמאַן, און איך טראַכט מיר, אַז איך בין בייגעווען נישט נאָר אַ רייניקונג, נאָר אָן אָוונט פון סאָציאָלאָגישן שטודיום און נאָכמער, פון פּסיכאָלאָגישן. איך וואָלט געראָטן אַלע אונדזערע שרייבער, זיי זאָלן באַזוכן אָט די אָוונטן.

*21*

פאַרטאָג פירט מיך אַ טעליעגע פון מעליטאָפּאָל צום וואָקזאַל. איך זיץ אויף איין זייט מיט די פּיס אַראָפּגעהאָנגען. מיטן רוקן צו מיר און מיט די פּיס אַראָפּגעהאָנגען אויף דער צווייטער זייט טעליעגע, האָבן זיך איינמיטן וועג אויפגעזעצט צוויי שוועסטער. די עלטערע מיט אַ קינד אויף די הענט, די אינגערע — אַ מיידל פון אַ יאָר זעכצן. זיי ריידן צווישן זיך רוסיש, נאָר פון צייט צו צייט מישן זיי אַריין אַ איי־דיש וואָרט.

פונעם געשפּרעך פאַרשטיי איך אַז אין מעליטאָפּאָל זיינען זיי געווען צו גאַסט און אַז וואוינען וואוינען זיי אין אַ אידישער קאָלאָניע אין קרים. אויפן פּנים ביי זיי איז פונדעסטוועגן נישט געווען צו מערקן זיי זאָלן עפּעס האָבן צו טון מיט ערד־אַרבעט. אויף די קאָלאָניסטישע ווייבער און מיידלעך אין די זאַפּאָראָזשיער, מאַריופּאָלער און טשאַנגאַרער ישובים, איז דאָס יאָ צו דערקענען. שפּעטער איז מיר קלאָר געוואָרן פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. איך האָב דאָרט אַ סך אַזעלכע באַלעבאַטישע ווייבער און מיידלעך באַגעגנט. די צוויי שוועסטער זיינען, אַלזאָ, געווען כאַראַקטעריסטישע סימנים פון קרימער קאָלאָניזאַציע.

דורך די פענצטער פונעם וואַגאָן זע איך די רויטע דעכלעך פון די אידישע ישובים ביי סאָקאָלאָגאָרנאָיע און ריקאָוואַ לעבן געניטשעסק. פון ווייטן זעען זיך די וואַסערן, מיט וועלכע די געגנט איז רייך, די מילכיקע אָזערע, דער אויטליוגער לימאַן, דער פוילער ים, וואָס זעט אויס אויף דער מאַפּע ווי אַ צעדריבלטער און צעפּרעסענער ברעג, וואָס די נאַטור האָט אָפּגעשניטן פונעם אַזאָווער ים מיט אַ שמאָלן פּאַס ערד, די אַראַבאַטער פייל, אויף דער גאַנצער לענג, פון געניטשענסק ביז אַראַבאַט, ספּעציעל אָפּגעשניטן, כדי צו קענען בעסער פונאַנדערוויקלען די זאַלץ־אינדוסטריע, וואָס ווערט דאָרט געמאַכט. דער צוג גייט צווישן זאַלץ־וואַסערן אַרומגעצוימטע און אָפענע.

טשאָנגאַר, סיוואַש, טאַגאַנאַש, מאַמוט... אַלע טאַטערישע נעמען פון באַן־סטאַנציעס, וואָס באַווייזן, אַז מיר זיינען שוין אַריינגעקומען אין סאַמע קרים. און אָט איז דזשאַנקאָי — די רעזידענץ־שטאָט פון „דזשוינט" וואָס באַדינט די קרימער קאָלאָניזאַציע.

דאָ טרעף איך מיך מיט חבר פויזנער, וועלכער איז געפאָרן מיט דעם זעלבן צוג. באַגעגענען אונדז איז קיינער נישט געקומען, כאָטש איך האָב פאַרן אַרויספאָרן פון מעליטאָפּאָל טעלעגראַפירט צום געזערד אין דזשאַנקאָי.. באַזאָרגט זיך מיט אַן אכסניה, זיינען מיר געגאַנגען אויפזוכן דעם געזערד, דעם קאָמערד, דעם דזשוינט.

דער געזערד אין דזשאַנקאָי איז גאָר עפּעס אַנדערש ווי אומעטום. דאָ איז ער אַ מין „עמיגראַנטן־הויז". די איבערוואַנדערער, וואָס קומען אויסקוקן נחלות אָדער דורכמאַכן די אַלע פאָרמאַליטעטן ביים

קאמערד און דזשוינט, האבן דא א געלעגער און א מיטיק. דא קריגן זיי אויך א צייטונג, דא שטעלט זיך אויך אפ א קאלאניסטישע פור, אז זי קומט קיין דזשאנקאי... אין דער געזערד־אכסניה קענט איר דערי־בער זען דעם אידישן איבערוואנדערער אין ביידע זיינע סטאדיעס, אלס דעקלאסירטן, וואס האט זיך מיאש געווען פון זיינע פריערדיקע פרנסות און טראגט אויף זיך דעם גאנצן יאוש מיט דעם דלות זיינעם און איר קענט אויך זען דעם שוין באזעצטן, וועלכער איז געקומען עפעס קויפן, באזארגן עפעס, וואס ס׳פעלט אים צו דער ווירטשאפט און פאראיינס א טובה טון דעם פארארימטן און פאריאושטן אידן, וואס האט זיך אהער דערשלעפט אזש פון בערעזנע צי פון אומאן און אים ארויפנעמען אויף דער פור. זאגן, אז דער געזערדישער „עמיגראנטן־הויז" איז שטארק ציכטיק קען מען נישט.

דער אנגעשטעלטער אין געזערד פירט אונדז צו אין קאמערד. א שיין צוגעראמטע קאנצעלאריע מיט א נאך שענער צוגעראמטן סעקרע־טאר אדער פארשטייער. זיין צוגעראמטקייט שאקירט מיך אביסל. מיר בעטן ביי אים ידיעות וועגן די ישובים, א פלאן, א מאפע; האט ער איצט נישט ביי זיך... ער וועט זיי אונדז צושטעלן, צושיקן קיין מאס־קווע... ער איילט זיך, זעט אויס, אוועקצוגיין... מיר באגעגענען זיך מיט א צעטל קאלאניעס וואס ער שטעלט אונדז אויס לויט א מאר־שרוט. צי קען מען נישט בעטן ביים דזשוינט אן אויטאמאביל וואס זאל אונדז פירן איבער די ישובים?... ער מיינט ס׳איז איבעריק דאס גיין צום דזשוינט, די אויטאמאבילן זיינע זיינען איצט פארנומען, ס׳איז שניט־צייט... איר וועט דארט איצט אויך קיינעם נישט טרעפן...

מיט עטלעכע טעג שפעטער, ווען איך בין דורכגעפארן סימפע־ראפאל אויפן וועג קיין סעוואסטאפאל, האב איך אים דערזען אויפן וואקזאל, מיט זיין פרוי און קינד, פארפוצט אין פולן זומערדיקן שיק. איך האב פארשטאנען פארוואס ער האט דעמאלט אזוי קיין צייט נישט געהאט און ס׳האט מיך פארדראסן וואס איך קען נישט בייזיין ביי דער רייניקונג פון אזא מין קאמוניסט און ראטנאנגעשטעלטן, וואס נעמט זיך אורלויב פונקט דעמאלט ווען די ארבעט ברענט.

אין קאמערד האבן מיר זיך באגעגנט מיט אן אינסטרוקטאר פון קאמיוג, חבר לאזאווסקי, וועלכער איז אנגעקומען פון סימפעראפאל

אויף צו אָרגאַניזירן די קאָמיוג־אַרבעט אין די אידישע ישובים בעת דעם שניט, ווען עס איז גינסטיק די פּראָפּאַגאַנדע פאַר קאָלעקטיוויזאַציע און מען מוז צוהעלפן דער ברויט־פאַרגרייטונג, דאָס אריינפירן די תבואה דער מלוכה. דערצו ווערט אָרגאַניזירט אויף דעם 28־טן יולי א „רויטער אָבאָז", א מאַרש פון פורן מיט תבואה פון די ארומיקע דערפער צו דער סטאַנציע קאַלאַי, אַלס אויסדרוק פון פּראָטעסט קעגן די כינעזישע גענעראַלן און צו דעם איז גויטיק די צוגרייטונג פונעם קאָמיוג אין די קאָלאָניעס.

דער אינסטרוקטאָר פונעם קאָמיוג איז אויך געקומען אין קאָמערד מכוח אן אויטאָמאָביל אָדער א פור, וואָס זאָל אים ווייניקסטנס צופירן ביז דער נאָנטסטער קאָלאָניע, ביז קדימה, און ער באַקומט דעם זעלבן ענטפער און די זעלבע באַציאונג.

די ענלעכע לאַגע מאַכט אונדז היימישער. קיין פרעמדער איז ער סיי ווי נישט. ער איז א זייער אינטעליגענטער און סימפּאַטישער יונגערמאַן, אַן עמיגראַנט פון ריגע. אליין איז ער פון קאָוונע, וואו ער איז געווען א שילער און א מיטאַרבעטער פון דער אידישער קולטור־ליגע, האָט אָנטיילגענומען אין דער ריגער קולטור־אַרבעט און פאַר קאָמוניסטישער אַרבעט אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לעטלאַנד. ער איז גאָר צופרידן מיט דער באַקאַנטשאַפט. „די פּרעסע" איז אים זייער גוט באַקאַנט, עד פלעגט זי זייער גערן לייענען אין ריגע.

געבליבן איז, אַז מיר זאָלן צוזאַמען דינגען א פור. ח' פויזנער איז געבליבן אין דזשאַנקאָי, וואו עס האָט אויף אים געוואַרט זיינער א קרוב פון א וויטלעכער קאָלאָניע.

דער וועג פירט צווישן אָפגעשניטענע פעלדער, צווישן גרינע קוקורוזע און געלע זונען, וואָס זייערע קערלעך זיינען שוין כמעט פאַרטיק. דער אָנטרייבער כאַפּט זיך אַראָפּ פון דער פור און רייסט אָפּ א זון. ער פּיקט פון זיי די פולע זאַפטיקע קערלעך, וואַרפט זיי אין מויל אריין, שפּייט אויס די שאָלעכץ און איז אונדז אויך מכבד מיט שטיקער זון. וואוילע קערלעך ביי דעם אידן — זאָגט ער דערביי — געראָטן. די קוקורוזע ביי אים איז אויך נישט קיין שלעכטע. אַביסל נאָר צו געדיכט געזייט. קוקורוזע האָט ליב אַז מען זייעט זי שיטערער און מען יעט זי גוט אַרום.

קדימה. ס'איז די איינציקע אידישע קאָלאָניע אין קרים, וואָס טראָגט נאָך אָפיציעל אַ העברעאישן נאָמען. געווען דאָ „תל חי", „חקלאי", „עבודה" א. א. וו. איצט הייסן זיי: אָקטיאבער, מאיפעלד, רייזנפעלד א. א. וו. צוויי רייען היפשע אָפגעקאַלכטע הייזער מיט גרויסע פענצטער.

מיר שטעלן זיך אָפּ ביי איינער אַזאַ שטוב. מיר שטעלן זיך פאָר און עס נעמט אונדז אויף מיט שטראַלנדיקע אויגן אַ מיידל פון אַ יאָר זיבעצן. איר ברודער איז דער סעקרעטאַר פון קאָמיוג קעמערל און זי איז אויך אַ קאָמיוגיסטקע. זי לויפט צוזאַמענרופן דעם קאָמיוג. אין איין וועג בעט איך זי — זאָל זי גענואויר ווערן צי איז דער סע־קרעטאַר פונעם דאָרפסראַט פאַראַן.

זלמן? ער וועט באַלד זיין דאָ.

מיר גייען אריין אין שטוב. דער פאָדערשטער צימער, אַ גערוי־מער און אויסגערוימטער. די ווענט זיינען באהאַנגען מיט פּאָרטרעטן. צווישן — אַ בילד פון לענינען. אייגענע אויסנייעכץ, אויסגעגנייטע האַנטוכער — אַ באַלעבאַטישע שטוב. מיר וואַרטן צו אויפן ברודער וואָס דאַרף באַלד קומען. מיר וואַשן זיך דערוויילן אָרום, מיר טרינקען זיך אָן מיט פּריש וואַסער. און אָט איז דער סעקרעטאַר. ער קומט פון דער אַרבעט. עס קומען אויך די איבעריקע קאָמיוג־מיטגלידער: צוויי בחורימלעך און דריי מיידלעך. די בחורימלעך — ערשט פון דער אַר־בעט, פאַרברוינטע, מיט הענט אין מאַזאָליעס און לישייעס; די מייד־לעך — ווי זיי וואָלטן זיך אויסגעפּוצט אויף אַ שפּאַציר, אויף אַ באַגעגעניש מיטן חתן. איינע טראָגט ברילן אויף איר רונדן, ווייסן, אויסגעבאָליעטן פּנים. פאַראַן צווישן זיי אויך איינע אַ רוחיש פלינ־קע, שוואַרץ חנעוודיקע מיידל, מיט אויגן, וואָס פרעסן אַלץ אויף, פון יענעם מין באַלעבאַטישע מיידלעך, וואָס האָבן זיך אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע אַריינגעוואָרפן אין דער באַוועגונג מיט זייער גאַנצן יוגנטלעכן ברען.

אַלע ריידן זיי רוסיש. דער אינסטרוקטאָר מאַכט זיי אויפמערק־זאַם דערויף. נאָר זיי פאַרזיכערן, אַז ס'איז לייכטער צו ריידן רוסיש. און צו וואָס טאַקע שיקט מען זיי די אידישע צייטונג?... דער אינס־טרוקטאָר דערקלערט זיי די סאָוועטישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק און באַ־

זונדערס די סאָוועטישע פּאָליטיק אין דאָרף, וואָס אין דער ריכטונג און אויף דער ליניע דאַרף אַרבעטן דער קאָמיוג: קאָלעקטיוויזאַציע, קאָאָפּעראַציע און מלוכהשע ברויט־פּאַרגרייטונג. די בחורים מיט די מיידלעך האָבן זיך איינגעטיילט מיט די אָרומיקע דערפער, וואָס זיי דאַרפן באַזוכן שוין מאָרגן גאַנץ פרי, אויף צו אַגיטירן פאַרן רויטן „אַבאָז" און פאַר די נישט פאַרמעגלעכע צושטעלן פורן, וואָס זאָלן פירן זייער תבואה צו דער באַן־סטאַנציע קאַלאַי. דערביי ווער איך געוואויר, אַז די אַרבעט צווישן די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, איז גאָרנישט פון די אָנגענעמע און דאַנקבאַרע. צווישן די פּויערים זיינען פאַראַן פאַרביסענע שונאים, באַזונדער צווישן די דייטשן.

פאַראַן דאָ אין דעם קרייז אַן אמתער אינטערנאַציאָנאַל פון דער־פער: אוקראַיִנישע, סערבישע און גריכישע. ביי די דייטשן האָט מען אָפּגעשניטן פעלד פון זייערע נחלות און מען האָט באַזעצט אוקראַינער באַטראַקעס, טאַקע די זעלבע באַטראַקעס, וואָס האָבן פריער געאַרבעט ביי די דייטשן. זיינען דעריבער די דייטשן שונאים. אין די דאָזיקע דערפער איז נאָך קיין קאָמיוג נישטאָ, אָדער עס איז פאַראַן איינער אַ קאָמסאָמאָלעץ, וואָס האָט נישט די נעהעריקע פעאיקייטן צו אָט דער אַרבעט. די אידישע בחורים און מיידלעך זיינען די פעאיקסטע דערצו. דאָס פלינקע מיידל מיט די שוואַרצע אויגן איז באַזונדערס גרייט דערצו.

צום סוף שטייט אַ פראַגע וועגן אַ בחור מיט אַ מיידל, וואָס דאָס קעמערל האָט זיי אויסגעשלאָסן אָדער אָפּגעשטעלט אין זייערע רעכטן ביז אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. דער סעקרעטאַר דערקלערט דאָס דערמיט וואָס זיי זיינען קולאַקישע קינדער. דאָס פלינקע מיידל פאַר־טאַקעוועט. דער אינסטרוקטאָר וויל די זאַך אויספאָרשן.

מיר קומען אַרוים אינדרויסן. די באַלעבאָסטע, די מוטער פון די כשרע, נישט קולאַקישע קאָמיוגיסטן, וואָס האָבן אַרויסגעוואָרפן די קולאַקישע, איז גאָר צופרידן מיט די געסט. זי קלאָגט זיך פאַר מיר, פאַר דעם דעלעגאַט פון אַמעריקע, אַז מען האָט זיך אומזיסט אָנגעזעצט אויף איר, מען פאַרגינט איר נישט דאָס באַלעבאַטישקייט אירס. איר מאַן האַלט מען פאַר אַ קולאַק, אַ באַלעגוף, און מען לאָזט אים נישט צו אין דאָרפסראַט, באַשר ער האָט גענומען אין אַרענדע פינף און

צוואנציק העקטאר לאנד ביי צוויי איבערוואנדערער אין א נייעם ישוב און האט זיי פארארבעט. זאלן זיי אויך אזוי טאן... מיר ארבעטן, האבן מיר..

— ווער זשע האט זיי פארארבעט — פרעג איך — אייער מאן אליין?

— און אז באטראקעס? אכטונג געבן מען זאל ארבעטן און נישט נעמען געלט אומזיסט, איז אויך אן ארבעט!...

איך האב באלד דערנאך גערעדט מיט דעם סעקרעטאר פונעם דארפסראט, איינער פון די ארימערע קאלאניסטן, און ס'איז מיר קלאר געווארן, אז די מערסטע קאלאניסטן פון קדימה זיינען אזעלכע, זיי זיכן שוין אוים געשעפטן... פון קאלעקטיוויזאציע קען דא גאר קיין רייד זיין. בלויז גרינסגארטן מאכן זיי קאלעקטיוו. פאראן א קאלעקטיוו פון דרייסיק באלעבאטים, וואס האבן א גארטן פון דרייסיק העקטאר און פאראן נאך קאלעקטיוון צו זעקס באלעבאטים מיט דרייצן העקטאר גארטן. די גערטענער גיבן מער ווי דער ווייץ.

מיר גייען אנקוקן דעם קאלעקטיוון גארטן פון די דרייסיק העקטאר, וואס געפינעט זיך נעענטער צו דער קאלאניע. דער גארטן ווערט באוואסערט מיט א מאטאר, צו וועלכן עס ווערט געהאלטן א באצאלטער מעכאניקער. ביי דער ארבעט טרעפן מיר צוויי קאלאניסטישע בחורים. מער ווי זיי ארבעטן אליין, גיבן זיי אכטונג אויף דער ארבעט, וואס ווערט געטון פון אוקראינישע באטראקעס און באטראטשקעס. זיי וואשן אוגערקעס וואס זיי האבן ערשט אנגעריסן און שיטן זיי אין זעק. די אוגערקעס האבן א גרויסן אפגאנג אין דזשאנקאי און אפילו אין סימפעראפאל. די בחורים רופן צו א מיידל, וועלכע איז געווען ערגעץ ווייט אין גארטן. זי קומט צו אן אויסגעפוצטע, א שמייכלענדיקע. איינער פון די בחורים לויפט ברענגען א קאדאק און מיר פאטאגראפירן זיך.

עס דערמאנען זיך מיר די צוויי שוועסטער וואס זיינען מיט מיר געפארן אויף דער טעליעגע צום מעליטאפאלער וואקזאל, א מיידל אין פענסנע וואס איז געשטאנען אין מיטן דער ברייטער גאס פון קדימה, בעת מיר זיינען אהער אריינגעפארן, די קאמיוגיסטקעס וואס ווילן קיין אידיש נישט ריידן, די באשולדיקונגען פון איינעם אויפן צווייטן אין

„קאָלאַטשעסטוואָ" און דער קאָלאָקישער טאַטע פון די כשרע קאָמיוניסטן און מיר דאַכט זיך, אַז איך געפין מיך אין אַן ענטרע ריאַסער קאָלאָניע פון די בעסער שטייענדיקע, וואו די יונגט פילט אוים איר צייט און איר יוגנטלעכן באַגער צו געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט מיט קאָמוניזם אָנשטאָט מיט ציוניזם.

אין געשפּרעך מיט די צוויי בחורים, ווער איך געוואויר, אַז קדימה איז טאַקע ציוניסטיש געשטימט. און וואָס ווייטער ווערט מיר אַלץ קלאָרער דאָס סאָציאַלע און אידעאָלאָגישע געשטאַלט פון דער דאָזיקער קאָלאָניע.

אויף נאָכטמאָל בין איך איינגעלאַדן אין שטוב צו איינעם פון די בחורים. ער איז אַ ברודער פון דעם פלינקן שוואַרצחנעוודיקן מיידל. ס'איז אַ שטוב פון אַ קליינשטעטלדיקן האַלבן נגיד. צווישן די פאַרשידענע פּאָרטרעטן און פאַמיליען־פאָטאָגראַפיעס אויף די ווענט (אַ מאָדנע טבע ביי מיר, קום איך אריין אין אַ שטוב, קוק איך באַלד אויף די ווענט און אויף די פאַמיליען־פאָטאָגראַפיעס) — אַ גרויסע אַמעריקאַנישע פאָטאָגראַפיע פון אַ פיל פאַרצווייגטער משפחה מיט אַ חתן־כלה אינדערמיט. אַלע מחותנים, די עלטערע ווי די אינגערע, אין צילינדער הוטן און די מחותנתטעס מיט צירונג באַהאָנגען. איך בין נישט דער איינציקער גאַסט אין דער שטוב. זיי האָבן נאָך אַ גאַסט — דעם טאַטן. דער פאָטער איז אַן אָנגעשטעלטער אין אַ מלוכהשער זעגמיל ערגעץ לעבן קיעוו. די ווירטשאַפט אין קאָלאָניע פירן די קינדער. ביים טיש רעדט ער די גאַנצע צייט. פאַראַן אַ סך צו דערציילן — רעדט ער מיט אַ געלאַסענעם טאָן פון אַ איינגעפונדעוועטן נאָר אומצופרידענעם שטעטלשן נגיד — אַנישט האָב איך עס באַדאַרפט האָבן, נאָר די קינדער, אידעאַליסטן זיינען זיי, האָבן געוואָלט ארבעטן ערד און קיין פּאַלעסטינע פאָרן. האָב איך נישט געוואָלט, איז געבליבן קרים. מען קען אין קרים אויך מאַכן ארץ ישראל. אַזש פון טשערניגאָוו זיינען מיר אַהער געקומען. געווען אַ צוויי צענדליק פאַמיליעס אַזעלכע. אַז קינדער האָבן זיך איינגעשפּאַרט!... דאָס האָבן זיי טאַקע דער קאָלאָניע אַ נאָמען געגעבן „קדימה".

קדימה, תל חי, עבודה, חקלאי... איז מיר דורכגעלאָפן אין קאָפּ אַ צעטל ארץ ישראלדיקע נעמען פון קרימער קאָלאָניעס. ארץ ישראל

אין קרים, מיט רוסיש אלס אומגאנגס שפראך, מיט העברעאיש אויף דער פאן און מיט שנאה צו אידיש און צו א אידישער צייטונג, מיט ברענענדיקן רעוואלוציאנעריזם פון באלעבאטישע טעכטער, מיט קאמ־כאמאלקעס וואס פאשען זיך ביי די פארמעגלעכע טאטעס און אגיטירן פאר קאלעקטיוויזאציע און „רויטן אבאז” אין די גויאישע דערפער... א, ווי היימיש דאס איז! ווי איך דערקען דיך, שטעטל דו מיינס פון פאר דריטהאלבן צענדליק יאר, אין דיין נייעם מלבוש!

דעם זעלבן אוונט האבן מיר געהאט א פארזאמלונג אונטערן פרייען הימל ביים דארפסראט. געקומען זיינען אחוץ די יונגעלייט, א מנין עלטערע אידן, הארעפאשניקעס, וועלכע האבן זיך איינגעהערט צו די פשוטע אידישע ווערטער, וואס מיר האבן גערעדט צו זיי. דער אינסטרוקטאר פון קאמיוג — וועגן דער פאליטיק פון דער ראטנמאכט אין דארף, וואס פירט צו קאלעקטיוויזאציע און וויל אריינציען די פויערים אין דער אלגעמיינער מלוכה־בויאונג און איך האב דערציילט וועגן ארגענטינישע אידן, נישט קיין רייכע פעטערס פון אמעריקע, נאר הארעפאשניקעס און אויך הענדלער, וואס פארשטייען, אז אין סאוועט-רוסלאנד איז געקומען א סוף צו די פריערדיקע אידישע פרנסות, צו האנדל־וואנדל, און זיי ווילן צוהעלפן די אידן, וואס האבן אנגעוואוירן זייערע פרנסות, זיי זאלן זיך נעמען צו נייע, צו פראדוקטיווער ארבעט; אז איך בין איינער פון א דעלעגאציע, געשיקט פון אט די הארעפאשניקעס צו זען ווי אזוי קומט דאס פאר און איבערגעבן די נייע אידישע מענטשן א הארציקן גרוס. די אידן האבן געשלונגען די פשוטע הארציקע ווערטער, ווי עס שלינגט די פארטריקנטע ערד די ערשטע רעגנטראפנס. און אז מיר האבן פארענדיקט און די קאמיוגיסטן האבן אונדז באגלייט צום הויז, וואו מיר זיינען געגאנגען נעכטיקן, האב איך זיי אנגעוויזן: אט צו וואס מען דארף א אידישע צייטונג און אט צוליב וואס מען דארף האבן אידיש. מיט אידיש וועט איר אויך אייער באלעבאטיש רוסיש־ציוניסטישע קאלאניע קדימה, מאכן פאר א קאלעקטיוון ארבעטס־ישוב און פאר א טייל פון דעם סאציאליסטישן בנין, פאר וועלכן איר גיט אוועק אזויפיל רעוואלוציאנערן ברען...

דעם צווייטן טאג אינדערפרי, בין איך געפארן אויף א פור פון

קדימה צו דער באַן־סטאַנציע קאַלאַי, וואו עס איז פאַרגעקומען דער גרויסער צוזאַמענפיר פון ווייץ אַלס פּראָטעסט קעגן די כינעזישע גע־שעענישן. איך האָב געזען די פורן פון פּאַרשידנסטע דערפער, דערין אויך פון א סך אידישע, נאָר נישט פון קדימה, וואָס איר קאָמיוננט איז געפאָרן אַגיטירן אין די ארומיקע דערפער.

דער באַלעבאָס פון דער פור, בעסער געזאָגט, פון דער טעליעגע, איז גראָד געווען אַזעלכער, וואָס האָט מיר געקענט געבן די בעסטע אינפאָרמאַציע וועגן דער דאָזיקער קאָלאָניע. ער אַליין איז א טייל גע־שיכטע פון איר גרינדונג. און אָט ווי ער דערציילט דאָס:

נאָענט פון דזשאַנקאָי איז געשטאַנען א מיל, וואָס די מלוכה האָט אָפּגעגעבן אויף צו ציען פון איר הכנסה די אינוואַלידן. ער, דער דער־ציילער איז געווען דער אָנפירער פון דער מיל. אין 1925 איז געקומען א דעלעגאַציע פון 22 משפחות וואָס האָבן אָפּגענומען א שטיק לאַנד לעבן דזשאַנקאַי, אויף צו באַזעצן זיך און האָבן גענומען די מיל אין אַרענדע ביי די אינוואַלידן. ער איז דאָרט ווידער פאַרבליבן אַלס טעכ־ניקער. די ארענדאַטאָרס האָבן געזוכט נאָך אנדערע געשעפטן און דער־ווייל עקספּלואַטירט די מיל, אָבער אויף אַזאַ אופן אַז דאָס האָט ארויס־גערופן קעגן זיי די אויפרעגונג פון די ארומיקע פויערים. זיי האָבן דערפירט דערצו, אַז די מיל האָט מען אָפּגענומען ביי זיי. און אַז זיי זיינען געבליבן אָנעם געשעפט, האָבן זיי זיך גענומען צו דער פעלד־ארבעט. זיי האָבן מיט זיך געהאַט געלט פון דער היים און ריווח פון דער מיל. און דער דזשוינט האָט זיי נאָך געגעבן א קרעדיט פון אָנ־דערהאַלבן טויזנט רובל יעדן און זיי האָבן פאַרפירט א גרויס באַלעבאַ־טישקייט.

אים — קלאָגט זיך דער דערציילער — איז שלעכט צווישן זיי. צוזאַמען מיט זיי איז ער אוועק פון דער מיל נישט נאָר אָן ריווח, נאָר נאָך א פאַרשולדיקטער און האָט זיך גענומען א חלק ערד. דעם קרע־דיט וואָס דער דזשוינט האָט אים געגעבן, האָט אויפגעגעסן די גרויסע דירה, וואָס דזשוינט האָט געבויט פאַר גבירים, אפּנים. אויף רעמאָ־נענט איז ווייניק געבליבן. וואָלטן אַלע געהאַט צו איין פערדה, אַזוי ווי ער, מאַכט מען א קאָלעקטיוו און מען ארבעט אַלע אינאיינעם. אָבער, אַזוי, ווילן זיי אַפילו נישט הערן פון קיין קאָלעקטיוו. אַז מען זאָגט זיי

וועגן קאָלעקטיוו, ווייזן זיי אָן אויפן גאָרטן. נאָר דער גאָרטן איז נישט מער ווי אַ שותפותדיק געשעפט, ווייל זיי אַליין באַארבעטן אים נישט...

ס'איז אַ ציוניסטישע קאָלאָניע — האָט פאַרענדיקט דער דערציילער און אַ שמייך געטון דאָס פערדל.

22

אויפן וועג פון קדימה צו קאַלאַי, ליגט די קאָמונע „אָקטיאַבר", געוועזענע „תל־חי" און הארט ביי דער באַן — די קאָלאָניע „מאַי־פעלד", געוועזענע „חקלאי". פון די געביטענע נעמען, קענט איר זיך שוין משער זיין, אַז אויך די דאָזיקע צוויי ישובים זיינען געווען ציוניסטישע און אַז איצט האָט מען פון דאָרט צוזאַמען מיט די העברע־אישע נעמען אויסגערויכערט אויך דעם ציוניזם.

„אָקטיאַבר" איז ערשט צוריק מיט צוויי יאָר געווען אַ ישוב פון דער אָרגאַניזאַציע „החלוץ", פיגורירט האָט דער ישוב אַלס קאָמונע און האָט טאַקע אַלס אַזעלכע געאַרבעט. אין דער אמתן אָבער איז דאָס געווען אַ חלוצים־שול פאַר פּאַלעסטינע. די מיטגלידער פלעגן אָפּאַר־בעטן איין יאָר און איבערלאָזן זייער פּלאַץ פאַר אַ צווייטן. נאָר אַזוי ווי נישט אַלע, וואָס האָבן געענדיקט די „שול", זיינען געפאָרן קיין פּאַלעסטינע און אַלס ערד־ארבעטער אין אַנדערע ישובים האָבן זיי זיך אויך נישט באַזעצט, פלעגן זיי אויסנוצן זייערע צייגענישן אַלס פּויערים, כדי צו פירן אַנדערע מסחרים כלומרשט מיט אייגענע פּראָ־דוקטן אָדער אַלס פּויערים לייכט אַנגענומען ווערן אין די הויכשולן. דער ישוב האָט געהאַט ביי אַ מאה תלמידים „קאָמונאַרן". געשען איז אָבער, אַז אַ גרויסע טייל פון די „קאָמונאַרן" זיינען געוואָרן קאָמו־ניסטן; דער אידעאַל פון אַנטלויפן קיין פּאַלעסטינע און לעבן אין קאָמונע צוליב אייגענער „שלמות" און באַהעפטונג מיט דער אידישער פּאַרגאַנגענהייט, האָבן זיי פאַרביטן אויף דעם קאַמף צוזאַמען מיט דעם רוסישן און אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט פאַר אַ סאָציאַליסטישער צו־קונפט. עס האָט זיך פאַרפירט אַ קאַמף אין דעם קרימער „תל־חי"; דער „החלוץ" האָט באַוויזן ארויסצעוואַרפן אַ טייל פון די קאָמוניסטן,

אבער זייער צאָל איז געוואַקסן, ביז זיי האָבן מורד געווען, אָראָפּגע־וואָרפן די פאַרוואַלטונג און געמאַכט פון דער חלוצים שול אַ קאָמור־ניסטישן ישוב. די קאָמונע באַשטייט פון 64 מיטגלידער און פאַרנעמט אַ געוועזענעם פּריצישן גוט מיט זיין פּריצישער וואוינונג און אַנדערע געביידעס, וואו זיי האָבן איינגעאָרדנט זייער צוזאַמענוואוינונג.

בעת מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין „אָקטיאַבר" האָט זיך דער עולם געגרייט אויף פורן צו דער באַן־סטאַנציע קאַלאַי, אָנטיילצונעמען אין דער תבואה־מאַניפעסטאַציע קעגן די כינעזישע באַנדיטן. מיר האָבן זיך דאָ אָפּגעשטעלט. איך האָב אַ שנעלן קוק געטון אויף דער ווירטשאַפט, אויף די סטויגן ווייץ, וואָס שטייען גרייט צום דרעשן און געבן זיי אַ גרויסע דרעש־מאַשין איבערגעדעקט מיט אַ „ברעזענט"; אַ בליק געטון אויף די שטאַלן, אויף די געביידעס און אויף דעם פרייל[?]עכן יונגן עולם וואָס האָט געשטיפט אויף די פורן; האָב מיך באַקענט מיט דעם פאָר־זיצער פון דער קאָמונע, חבר רעזניטשענקאָ, און מיט אַנדערע חברים און צוזאַמען זיינען מיר געפאָרן, אַ קאַראַוואַן פון עטלעכע פורן קיין קאַלאַי. די קאָמונע האָט נאָך איר ווייץ נישט געדראָשן. מאָרגן אינדער־פרי שטעלט מען זיך צו דער אַרבעט. זי שטעלט צו ספּעציעלן ווייץ, דיינסאָרטיקן, אויף זריעה. נאָר אַ גרופּע פון איר[ע] חברים זיינען נאָך באַרטאָג אוועק קיין קאַלאַי, העלפן ביים אויסלאָדן די תבואה פון די וועגענער אין די שפּייכלער אָדער דירעקט אין די וואַגאָנעס.

אויפן וועג יאָגן מיר אָן אַ קאַראַוואַן מיט פורן אָנגעלאָדענע ביז אַרויף מיט זעקלעך תבואה און איינגעהילט אין רויטע פענער און אויף דער הינטערשטער פור פון דעם „רויטן קאַראַוואַן", ווי אַ מין אונטערצי, אַ סך־הכל פון דער לאָדונג וואָס די פורן פירן — אַ ברייטער רויטער לייוונט, אָנגעשטעקט אויף צוויי שטעקנס פון ביידע זייטן פור, מיט אַן אויפשריפט אין רוסיש און אין דייטש: „דאָס דאָרף (דאָ קומט אַ נאָמען פון אַ דייטשן דאָרף, וואָס איז מיר אַרויס פון זכרון) פירט היינט אַריין דער מלוכה 8.000 פּוד ווייץ, אַלס פּראָטעסט קעגן די כי־נעזישע באַנדיטן".

וואָס נעענטער מיר קומען צו קאַלאַי, אַלץ מער פול אָנגעלאָדענע וועגענער מיט זעקלעך תבואה, אַלץ מער רויטע פענער מיט אויפשריפטן. מיר פאָרן דורך דאָס אידישע דאָרף מאַיפעלד (געוועזענע חקלאי). מיין

פירער ווייזט מיר אָן אויף אַ שיינער ווייסער געביידע מיט אַ אידישער שילד: דאָס איז אונדזער זיבן־יאָריקע שול. צוריקוועגס, וועל איך מיך באַקענען מיט דער קאָלאָניע און מיט אירע אנשטאַלטן, דערווייל קען איך מיך נישט אָפּרייסן פון דעם אימפּאָנענטן בילד, וואָס וואַקסט פאַר מיר און אין וועלכן איך אַליין וואַקס מיך אריין. איבער אונדז פליען עראָפּלאַנען און רוישן, און זייער רוישן האָט אַ מאָדנע באַדייטונג דאָ, ווי זיי וואָלטן גערעדט, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: איר צוזאַמען מיט אונדז און מיר צוזאַמען מיט אייך, זיינען מיר מנצח די שונאים פונעם ראַטנפארבאַנד. און די רויטע לייוונטן, וואָס זיינען אויסגעצויגן איבער די פלויטן, איבער די הייזער, איבער די פורן, מיט זייערע ווייסע אויפשריפטן, ענטפערן אָפּ: ס'איז אמת, ס'איז אמת. די אויפשריפטן זיינען פאַרשידענע, אַ טייל באַציִען זיך צום פּראַקטעסט קעגן די כינעזישע געשעענישן און אַ טייל זיינען לאָזונגען פון דער סאָוועטישער פּאָליטיק אין דאָרף: „קיין איין פונט ברויט נישט דעם פּריוואַטן סוחר, אַלץ דער סאָציאַליסטישער מלוכה!” און ענלעכע. די בודקעס מיט קוואַס, מיט פרוכטן, מיט טאַבאַק, מאַכן דערווייל געשעפט. די היצן זיינען גרויס און דער עולם לעשט דעם דורשט. צווישן די פורן, אויף די פורן, האָבן פויערים זיך איסגעזעצט און בייסן איבער. ווער עס האָט געקויפט הערינג און ווער עס האָט מיטגעבראַכט וואורשט היימישן פון דער היים. פאַראַן אַ רעסטאָראַן, נאָר ווער קען זיך דערשטופּן אהין! ווייטער אין עק, זיינען אויסגעשטעלט צעלטן מיט שניט־סחורה. דאָ באַקומען די פויערטעס שטאָף אויפן חשבון פון דעם אריינגעפירטן ברויט.

איינע אַ פויערטע קלאָגט זיך: זי האָט אריינגעפירט תבואה אַ גאַנצע פור און סחורה פירט זי אהיים אונטער דער פּאַכווע.

— אוודאי — רופט זיך אָן אַ צווייטע — אמאָל האָט מען טאַקע געבראַכט תבואה אונטער דער פּאַכווע און סחורה האָט מען אהיימגעפירט אַ גאַנצע פור...

— אַזוי איז עס שוין — פּאַרטייטשט אַ דריטע — מיר האָבן זיך צוגעוואוינט צו קלאָגן זיך.

איך דריי מיך אום צווישן די פורן, איך כאַפּ אויף אַ שמועס, אַ וואָרט. דער עולם איז ערנסט, כאָטשע דער גאַנצער ארום איז אַ יום־

טיבדיקער. ביים פויער אין הארצן איז נאך עפעס פארבליבן אזעלכעס, וואס לאזט אים נישט צופרידן.

— נו, אט האב איך גענומען און אפגעפירט דאס ברויט דער מלוכה, ווי אן ארנטלעכער סאוועטישער בירגער און איוואן האט נישט ארויסגעפירט, וועט ער פארקויפן א פריוואטן סוחר, און וועט קריגן טייערער און וועט דערנאך לאכן פון מיר... און עס וואלט דען נישט צונויץ געקומען דאס געלט, ווען איך פארקויף א פריוואטן סוחר פאר טייערער?...

איך הער די שמועסן, דאס ארויפרייסן זיך פון הארצן און איך טראכט: פארוואס טאקע זאל א פויער נישט זינדיקן, אפילו בלויז מיט די געדאנקען, ווען עס האבן א מעגלעכקייט פריוואטע סוחרים ביי אים אויפצוקויפן די תבואה און אים צאלן טייערער?

און אט דערציילט נאך איינער, אז ביי זיי אין דארף קויפט א רייכער פויער ווייץ און מאלט אים אפ אויף מעל און פארקויפט עס דערנאך צו די פריוואטע בעקערייען. מען טאר נישט, נאר ער טוט עס. א תקיפ!

א דריטער האט געהערט וועגן בוכארינען, אז „ער וויל איינפירן מען זאל מעגן פארקויפן און קויפן פריי אויפן מארק"!

א פויערטע האט פאריבל, ס'טייטש, מען האט געזאגט, אז קאליגין וועט קומען קיין קאלאי. ער איז נאך נישטא און וועט שוין מסתמא נישט קומען...

דער יום־טוב איז אבער גובר. די יוגנט אמוזירט זיך און ציט אויך אריין די עלטערע. אין א ברייטן עגול פון יונגע און עלטערע פויערים און פויערטעס פירט דורך א פראגראם פון פארוויילונגען די דזשאנסאיער „בלויע בלוזע". זיי האבן ערשט פארענדיקט אן אטלעטישן נומער און איצט גייט א דעקלאמאציע. עס דעקלאמירט א פרוי א לאנגע פאעמע, וועלכע ווערט באגלייט פון אנדערע מיט א רעפראן אין כאר. עס שטייט גרייט צו פארנעמען איר פלאץ א דריטער נומער. א קאנצערט פון הארמאניקעס. זיי טראגן אן אוניפארם, די „בלויע בלוזע"־ארטיסטן און ארטיסטקעס — א בלויע מאטראסן־בלוזע און קורצע בלויע הויזן אדער א קורץ קליידל, וואס באווייזט זייערע אטלעטישע פארברוינטע פיס.

צווישן עולם גייען ארום יונגע פרויען און פאַרקויפן ביכער. אויב איר ווילט קענט איר מיט זיי צוגיין צו די קיאָסקן, וואָס שטייען טאַקע דאָ באַלד; אַז ניט, וועלן זיי אייך געבן דעם אַדרעס פון זייער אינסטיטוציע, וואָס האָט אַלס אויפגאַבע די פאַרשפּרייטונג פונעם סאָוועטישן בוך.

אין הויז פון קאָמערד איז טומלדיק. אידישע פויערים קומען מיט צעטעלעך וועגן די סכומים תבואה, וואָס זיי האָבן אריינגעפירט און הייסן זיך אריינשרייבן אין זייערע ביכלעך, בעטן אָרדערס אויף סחורה... דאָ טרעפן זיך באַקאַנטע. אידישע מיידלעך און בחורים דערציילן זיך דאָ וועגן זייערע פּלענער. די וויל פאָרן אין א פּאַרטיי־שול. אַן אַנדערע איז מקנא אַ בחור, וואָס פאָרט שוין טאַקע. ער איז געווען דער פירער פון דער קאָאָפּעראַטיווער קראָם אין דער קאָמונע „אָקטיאַבר". מען האָט שוין באַשטימט אַ צווייטן אויף זיין פּלאַץ און מאָרגן־איבערמאָרגן פאָרט ער אָפּ. אָט שטייט ער דאָ. איך באַקען זיך מיט אים. ער זעט אויס אַ טיכטיקער און פּראַקטישער בחור. איך גלויב, עס וועט ווערן פון אים אַ גוטער סאָוועטישער טוער.

איך גיי ארום מיט אַן אָנגעשטעלטן פון קאָמערד איבער די שפּייכלער, וואו מען לייגט־אָפּ די תבואה און ביי די וואַגאָנעס, וואָס זיינען שוין אויפגענומען געוואָרן, לויט די דערקלערונגען פון די אויפזעער ביים וועגן. אין איין שפּייכלער נעמט מען אויף נאָר ריינסאָרטיקן, אויף זריעה, אין די איבעריקע — געווינלעכן ווייץ צום געברויך. דערווייל האָט מען שוין אויף די אַלע פּונקטן, וואָס מיר האָבן באַזוכט, אויפגענומען הונדערט מיט צען טויזנט פּוד. עס שטייען נאָך פורן צום אויסלאָדן, מיט אַן ערך דרייסיק טויזנט פּוד. די אַרבעט גייט שנעל, די טרעגער פאַרוועטן זיך. די פויערים יאָגן. זיי שטייען שוין דאָ לאַנג. פון דעם און דעם דאָרף זיינען זיי שפּעטער געקומען און מען האָט זיי פריער דערליידיקט...

אַ פויער ענטפערט: מיר האָבן ווייט אַהיימצופאָרן און איר זייט דאָ נאָענט...

איך שמועס דערווייל מיט קאָלאָניסטן פון ווייטע און פון נאָענטע אידישע ישובים, און עס ווערט פאַר מיר קלאָר דאָס בילד פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין קרים. מיין שפּעטערדיקער באַזוך אין

איינציקע ישובים, האָט מיין ערשטן איינדרוק פון די שמועסן מיינע באַשטעטיקט.

די אידישע ישובים אין קרים, ווי איך האָב זיי געזען, נישט אריינרעכענענדיק די קאָמונעס אָקטיאַבר און „וואָיאַ נאָוואַ", שטעלן מיט זיך פאָר אַ לאַנגע ליניע, וואָס הויבט זיך אָן מיט דער ציוניסטיש־באַלעגופישער קאָלאָניע „קדימה" ביי דזשאַנקאָי און גייט פון רייכער צו אָרימער און אַלץ אָרימער, פון ציוניסטיש צו סאָוועטיש און סאָ־סאָוועטישער ביז יעוופּאַטאָריע.

דאָס סאָוועטישע אין די קרימער אָרימע ישובים באַשטייט דערין וואָס זיי זיינען נענטער צו דער קאָלעקטיוויזאַציע און דעריבער אויך צו דער פאָרגעשריטענער ווירטשאַפט, וואָס וועט סוף כל סוף זיך באַפעסטיקן אין יענע ישובים, בעת די איצט רייכע אָדער פעסטערע ישובים, ווילן אפילו נישט הערן פון קאָלעקטיוויזאַציע און עס וועט נישט לאַנג דויערן ביז זיי וועלן בלייבן ווירטשאַפטלעך הינטערשטע־ליק לגבי די נייע, איצט אָרימע ישובים.

איר קענט די דאָזיקע ליניע ציען אויך לויט די יאָרן פון זייער באַזעצונג: אויף איינענער אחריות געקומענע פון 1922 ביז 1925, געשעפטסלייט, וואָס האָבן באַצייטנס ליקווידירט זייערע געשעפטן און זיינען געקומען אהער „איבערוואַרטן די בייזע צייט", ביז גאָט וועט העלפן און מען וועט ווידער קענען מאַכן געשעפט...; פון 1925 און ווייטער געקומענע הענדלער און באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן זייערע אָפּ־געשפּאָרטע גראָשנס אריינגעלייגט אין דער ווירטשאַפט און זיך באַ־פעסטיקט אין איר, דורך די הכנסות פון דער ווירטשאַפט גופא און דורך זייטיקע פאַרדינסטן: אַרבעטן מיט דער פור, אין די ישובים וואָס שטייען נאָענט צו די באַן־סטאַנציעס, אָדער גיין אויף אַרבעט צו אַנ־דערע, נאָכדעם ווי מען האָט די אייגענע אַרבעט אָפּגעטון און צום סוף: די פאַראָרימטע ביז דער לעצטער מדרגה הענדלער און פון נישט באַשטימטער פּראָפעסיע אידן, וואָס האָבן זיך אהער דערשלאָגן אָדער מען האָט זיי געשיקט אהער פון די „געזערד" אָפּטיילונגען אין זייערע מקומות, אין די לעצטע פאָר יאָר.

**די באַציאונג פון „דזשאָינט" צו דער קרימער קאָלאָניזאַציע, קענט איר אויך מעסטן לויט דער מאַטעריעלער גרעב פון דער דאָזיקער ליניע**

וואָס ווערט פון יאָר צו יאָר אַלץ דינער און דינער; וואָס מאַטעריעל פעסטער עס איז געווען דער איבערוואַנדערער, אַלץ אויפמערקזאַמער איז צו אים געווען דער „דזשאָינט", אַלץ מילדער איז ער געווען צו אים מיט דעם קרעדיט.

צי דער דאָזיקער צוגאַנג איז געווען אַן אויסגערעכנט קאָמערציע־לער, כּדי צו זײַן זיכער מיט דעם קרעדיט, אָדער ער איז געווען אַן אינסטינקטיווער קלאַסן־צוגאַנג פון די דזשאָינט־פאַרשטייער, איז מיר שווער געווען פעסטצושטעלן; אָבער מען קען רעכענען, אַז געווירקט האָבן דערבײַ ביידע פאַקטאָרן און אפשר אויך דאָס, וואָס דער דזשאָינט האָט נישט געוואָלט מיטווירקן מיט דער ראַטנמאַכט אין איר קורס אויף קאָלעקטיוויזאַציע.

מיט אָט דעם באַגריף, אין זײַנע אַלגעמיינע שטריכן, וועגן דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין קרים, וואָס איך האָב באַקומען פון מײַנע שמועסן מיט די קאָלאָניסטן פון די פאַרשידענע ישובים אַרום קאַלאַי, סײַ די וואָס שטייען דאָ בײַ דער אײַזנבאַן וואָס גייט קיין פעאָדאָסיע, סײַ די וואָס ציִען זיך מיט דער אײַזנבאַן קיין יעווּפּאַטאָריע, בין איך געגאַנגען אויפזוכן די יאַטן פון „אָקטיאַבער".

געטראָפן האָב איך זיי שוין נישט. איך דערוויס מיך, אַז זיי זײַנען נאָך פאַרמיטיק אַהיימגעפאָרן „לאָזן די מאַשין", מיטנעמענדיק מיט זיך די חברים, וואָס האָבן פון אינדערפרי געאַרבעט בײַם אָפּ־לאָדן די תבואה פון די וועגענער. עס באַטן זיך אָן פורן מיטצונעמען מיך מיטן וועג קיין „אָקטיאַבער", נאָר ווי קען מען איצט פאַרלאָזן דעם יום־טובדיק רוישיקן קאַלאַי?

אויף אַן אויטאָמאָביל ווערט אימפּראָוויזירט אַ טריבונע און עס רעדט שוין צום גרויסן עולם דער פאָרזיצער פונעם דזשאַנקאָיער שטאָט ראַט, אַ טאָטער. ער רעדט רוסיש מיט אַזאַ מאָדנעם אַקצענט, טאַקע אויף קיידעריש, און פונקט וואו מען דאַרף לשון זכר באַנוצט ער לשון נקבה און דאָס אייגענע פאַרקערט. ער רעדט וועגן דער באַדײַטונג פונעם טאָג, פון דעם פּראָטעסט קעגן די כינעזישע באַנדיטן, פון דער ברויט־פאַרגרייטונג, פון דער סאָוועטישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס האָט געגעבן אַלע פעלקער פון דעם געוועזענעם צאַרישן רוסלאַנד די פרײַ־הייט און איצט זײַנען זיי די פרײַע און אומאָפּהענגיקע פעלקער פונעם

ראַטנפאַרבאַנד, אַלס באַשטעטיקונג, טיילט מען טאַטערישע פּראָקלאַ־מאַציעס מיטן לאַטייניש שריפט. דער עולם הערט אים אויס מיט ליבשאַפט און אַפּלאָדירט, ווען ער ענדיקט, ווערנדיק אויפגעכאַפּט פון בלאַז־אָרקעסטער מיט אַ סטראָפע פון „אינטערנאַציאָנאַל". ער שטעלט פאָר דעם פאָרזיצער פון דער קרימער אויטאָנאָמער רעפּובליק, כובייעוו, וועלכער איז ספּעציעל געקומען פון סימפעראָפּאָל. דער איז אויך אַ טאָטער. ער פאַרנעמט זיך גאַנץ ברייט אַרום דער ראַטנפאַרבאַנדישער פּאָליטיק, דער אינלענדישער און דער אויסלענדישער. ער רעדט אויך רוסיש מיט אַ טאָטערישן אַקצענט, אָבער גראַמאַטיקאַליש. זיין רעדע ווערט אויך אַפּלאָדירט און פאַרענדיקט מיט אַ סטראָפע „אינטערנאַ־ציאָנאַל" פון בלאַז־אָרקעסטער. און דאָ הויבן זיך אָן ווערטער פון פאָר־שטייער. פון די טאָטערישע ישובים און פון די אוקראַאינישע, פון די דייטשע און פון די אידישע, בולגאַרישע און אַרמענישע.

איך ווער פאָרגעשטעלט פאַרן קאָמיטעט און איך באַקום דאָס וואָרט. אינעם קליינעם אינטערנאַציאָנאַל וואָס האָט זיך צוזאַמענגע־קליבן אויף דער קרימער באַן־סטאַנציע קאַלאַי פּראָטעסטירן קעגן די כינעזישע גענעראַלן מיט תבואה פאַר דער ראַטנמלוכה, האָט אַזוי אַרום נישט געפעלט אויך אַ שטימע פון אַרגענטינע, פון אַ לאַנד, וואָס האָט געשיקט ברויט פאַר די אימפּעריאַליסטישע מחנות בעת דעם וועלט־קריג און וואו די אַרבעטער גרייטן זיך, אין פאַל פון אַ מלחמה מצד די אימפּעריאַליסטן קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד, נישט צו דערלאָזן פאַר זיי קיין איין קילאָ תבואה.

נאָך די ווערטער פון די פאָרשטייער, וואָס זיינען אַלע אונטער־געכאַפּט געוואָרן פונעם אָרקעסטער מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל, איז איבערגעלייענט געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וועלכע איז איינשטימיק אָנגע־נומען געוואָרן און איינשטימיק איז אויך באַשטימט געוואָרן טעלע־גראַפיש זי איבערצושיקן צום אַלפאַרבאַנדישן צענטראַלן אויספיר־קאָ־מיטעט, וועגן דעם דערפאָלגרייכן תבואה־צוזאַמענפאָר, וואָס האָט אין איין טאָג געגעבן דער מלוכה 140.000 פוד תבואה.

דער ציפער האָט אַרויסגערופן ביי די פאַרזאַמלטע אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן, וואָס האָט אָפּגעקלונגען אויפן גאַנצן רויטן מאַרק מיט זיינע פענער, שטאַנדאַרטן און לייווענטן און האָט ווי אונטערגע־

שטראָכן דעם באַדייט פון דעם טאָג. עס איז געווען אַ יום־טוב פון סאָוועטיש געזעלשאַפטלעכן באַוואוסטזיין, פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָ־לידאַריטעט און פון גרייטקייט צו פאַרטיידיקן דעם סאָציאַליסטישן ראַטנפאַרבאַנד.

צוריק אין דער קאָמונע „אָקטיאַבער" ביז איך נעגאַנגען צופוס, צוזאַמען מיט דעם געוועזענעם סעקרעטאַר פון דער קאָאָפּעראַטיווע, וואָס האָט שוין איבערגעגעבן זיין אַמט און פאָרט שטודירן אין אַ פּאַרטיי־שול. פאַרבייגייענדיק, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין „מאַי־פעלד" אין שטוב ביים חבר ווילי, ביי דעם זעלבן חבר, וואָס איז מיט מיר ארומגעאַנגגען איבער די אויסלאָדונגס־פּונקטן אין קאָלאָי מאַכן דעם חשבון פון דער אַריינגעבראַכטער תבואה.

די דאָזיקע קאָלאָניע האָט אויך געהאַט אַ ציוניסטישן נאָמען: חקלאי. דער נאָמען באַווייזט אויף דער צייט ווען די קאָלאָניע האָט זיך געגרינדעט: פאַר דעם באַזעצונגס־פּלאַן, אין איין צייט מיט „קדימה". דער עלעמענט איז דאָ אָבער געווען אַן אַנדערער. עס האָבן זיך דאָ באַזעצט באַלמעלאָכעס, באַלעגאָלעס און בכלל האָרעפּאַשניקעס, וואָס זיינען גאַנץ פאַמיליער מיט אַרבעט: אַמכאָ. אַ חוץ דער פעלד־אַרבעט פאַרדינען זיי פון שניידעריי, שוסטעריי, בוי־אַרבעט, פון אַר־בעטן מיט דער פור ביי דער באַן. זיי זיינען דאָ גאַנץ פעסטע באַלע־באַטים. פון די גרויסע דירות, וואָס דער דזשאָינט האָט פאַר זיי גע־בויט, פאַרדינגען זיי געווינלעך אַ האַלב פאַר די אַלערליי אָנגעשטעלטע פון קאָלאָי און פון מאַיפעלד גופא, וואָס דאָס איז פאַר זיי אויך אַ באַדייטנדיקע הכנסה. דער ציוניזם איז דאָ אויסגערויכערט געוואָרן זייער שנעל, צוזאַמען מיט דעם ציוניסטישן לערער, מיט וועלכן „החלוץ" האָט געהאַט פאַרזאָרגט דעם ישוב. היינט שטייט דאָ אַ זיבניאָריקע שול, וואָס גרייט צו די קינדער פאַר סאָוועטישע בירגער און פאַר גוטע ערדאַרבעטער.

רייהנדיק וועגן דער זיבניעריקער שול, וואָס שטייט איצט גע־שלאָסן, צוליב קאַניקול צייט, נאָר באַשיינט די קאָלאָניע, זאָגט צו מיר איינער פון די מאַיפעלדער קאָלאָניסטן, אַ וויצלער:

— אָט דאָס איז דער חילוק פון מאַיפעלד ביז קדימה: די שול האָט די מלוכה אָוועקגעשטעלט ביי אונדז, דעם שפּיטאָל — ביי זיי...

— זאָלן זיי זיין געזונט — ענטפערט אים אָפּ א צווייטער, וואָס כאַפּט זיך אויף דער באַדייטונג פון דעם וויץ.

דער חילוק פון מאַיפעלד ביז קדימה באַשטייט דערין, וואָס מאַי־פעלד איז אַ סך אַ גרעסערער ישוב און האָט אַ געזונטן האַרעפּאַשנעם עלעמענט, אַן גרויסע באַלעגופים און אַן פלאַמענדיקע רעוואָלוציאָנערע טעכטער, דער מאַיפעלדער קאָמיוג וואַקסט און אַנטוויקלט זיך אין דער סאָוועטישער אידישער שול און וועט זיכער אויסוואַקסן נאַטירלעכער און געזונטער.

אויף מיין שפּעטערדיקער רייזע איבער די ישובים, איז מיר אויס־געקומען צו האָבן אַלס אַנטרייבער אויף דער פור, אַ מאַיפעלדער בחור פון אַ יאָר צוועלף, אַ תלמיד פון דער זיבניעריקער שול און ער האָט שוין גוט פאַרשטאַנען דעם ווערט פון דער אידישער צייטונג ביי זיי אין ישוב. דער ישוב לעבט און אַנטוויקלט זיך אין אידיש און וועט אויך ווערן אַ אידישער טייל פון דער סאָוועטישער קאָלעקטיווער ווירט־שאַפט אַ סך גיכער ווי קדימה מיט איר פאַרטיקן אַסימילאַטאָרישן קאָמיוג.

23

איך בין ווידער אין דער קאָמונע „אָקטיאַבר". איצט שוין נישט אויף אַ ווייל. איך בלייב דאָ איבערנעכטיקן.

דער חבר רעזניטשעניקאָ, אַן אַטלעט מיט ליבטיקע אָפענע אויגן, אַ געבוירענער פון יעליסאַוועטגראַד צי פון אַ שטעטל נעבן יעליסאַ־וועטגראַד, ווייזט אַרויס בקיאות אין דער אידישער ליטעראַטור און איז קלאָר אין די מינדסטע קאָנפליקטן, וואָס קומען אין איר פאָר, פירט מיך אַרום איבער דעם אַלטן פּריצישן גוט מיט זיינע געביידעס און הייזלעך, וואָס ליגן אַן אַ סדר. און אפשר האָט דאָס געהייסן סדר פאַר אַ פּריצישן גוט. אין אַ סאָוועטישער ווירטשאַפט געפירט פון אַ קאָמונע, שאָקירט דאָס געוואַלטיק.

אין די וואוינונגען האָט מען זיך, אזוי צו זאָגן, איינגעמאָסטיעט, די שטיבלעך — פאַר פאַמיליען־מענטשן מיט קינדער, דעם פּריצס

שטוב — פאַר דער צוזאַמענוואוינונג פון די בחורים און אַ צווייטע שטוב פאַר דער צוזאַמענוואוינונג פון די מיידלעך.

אין איין שטוב מיט אַ גרויסן קעלער איז די קעז־פאַבריק. די קאָמונע האָט איר אייגענע סטאַדע שאָף און מאַכט די מינים קעז וואָס מען רופט „קאַשקאַוואַל" און „ברינדזע", אַ חוץ אַנדערע מינים קעז, האָלענדישן, למשל, פון קועגע מילך. די שאָף זיינען בכלל אַן איינ־טרעגלעכער אַרטיקל, זיי גיבן אַ חוץ קעז אויך אַ גרויסן צוּוואוקס און וואָל.

אַ גרויסע הכנסה גיבן אויך די חזירים און מען האָט אויף זיי דאָ אַ ספּעציעלע אויפזיכט. מען זאָגט, אַז אַ חזיר ווערט פעט פון רויען זיך אין דער בלאָטע. די קאָמונע מיטגלידער ווייסן פּונקט דאָס פאַר־קערטע, אַז אַ חזיר ווערט פעט, ווען מען האַלט אים ריין. ווען מיר זיינען צוגעקומען צו די חזירים, האָט מען דעם חבר רעזניטשענקאָ אַנגעזאָגט אַ טרויעריקע בשורה: איינע אַ חזירטע, וועלכע איז פּלוצים קראַנק געוואָרן, איז שוין אָוועקגעפאַלן. אַ שאָדן איז אַ שאָדן, אָבער וואָס טוט מען מיט די קליינינקע, וואָס מוזן זויגן?

ער הייסט פּרוּוון האָדעווען זיי מיט מילך און מיר גייען ווייַ־טער. ער ווייזט מיר די וועשעריי, די קאָאָפּעראַטיווע קראָם, די עס־שטוב מיט אירע לאַנגע טישן און בענק אַרום און די קיך דערנעבן.

עס קומען אַן עטלעכע חברים פון אַ דערבייאיקן דאָרף, וואו זיי האָבן קאָנטראַקטירט פערד צו דער אַרבעט און געבראַכט מיט זיך אַ פּאָר באַטראַקעס און באַטראַטשקעס אויף צו העלפן ביי דער דרעש־מאַשין.

— מיר ווילן — זאָגט מיר דער פּאָרזיצער — זיך צוּאיילן. מיר דאַרפן נאָך דורכלאָזן דעם ווייץ אויף דער סאָרטיר־מאַשין.

ער באַווייזט מיר דערביי דעם מין מאַשין, וואָס רייניקט דעם ווייץ און לאָזט אַרויס וועלכן סאָרט מען וויל, לויט מען שטעלט זי אָן.

די אָנגעקומענע שפּאַנען אויס און פירן צו די פערד צום אָנ־טרינקען ביים ברונען. איך קען נישט פאַרביילאָזן אָן אַ באַמערקונג דעם פּרימיטיוון שווערן ברונען, אַ ירושה פון דער טאַטערישער „עקאָ־נאָמיע", וואָס מען באַדאַרף צו אים האָבן אַ פערד אויף אַרויסצו־שלעפּן אַן עמער וואַסער. דער ברונען שטייט סאַמע אין מיטן דעם

ישוב און ארום אים איז א קאלוזשע, כאטש ס׳איז זומער און די זון ברענט דא א גאנצן טאג. א בחור באווייזט א בריהשקייט און שלעפט אליין ארויף אן עמער וואסער, דרייענדיק דעם שווערן קלאץ. א מיידל בארימט זיך אז זי קען אויך אליין ארויפשלעפן אן עמער וואסער.

— צו וואס טויג אייך די בריהשקייט? — פרעג איך זיי — איז טאקע אזא גרויסע זאך ביי א קאמונע, ווי איר זייט, אוועקצושטעלן אן ארטיזאנישן ברונען? מילא, דער החלוץ — שפאס איך — האט באדארפט האבן דעם ברונען אלס אזיאטישע דעקאראציע פאר זייער ארץ ישראלדיקע קבוצה אין קרים און אפשר טאקע אלס „הכשרה" אין זייער אגראר־שול פאר ארץ־ישראלדיקערווירטשאפט, אבער איר, די מיטבויער פון דער ראטנפארבאנדישער מעכאניזירטער אגריקולטור?...

חבר רעזניטשענקא האט העל געשמייכלט און אנגעוויזן אויף א דער, וואס האט ארויסגעשטעקט פון דער ערד א צוויי הונדערט מעטער ווייטער, וואו דאס פעלד הויבט זיך אן:

— איר זעט? דארט האבן מיר שוין א „פאנטאן", נאר מען דארף אים פארענדיקן און איצט איז שוין נישט די צייט דערויף. מיר דארפן איבערהויפט — זאגט ער מיר — ערשט נעמען בויען אונדזער צוזאמענוואוינונג, דאס אלץ וואס איר זעט איז דערווייליק. מיר וועלן דעמאלט איינפירן ביי אונדז נישט נאר אן ארטיזאנישן ברונען, נאר אויך וואסערלייטונג און עלעקטריציטעט, אונדזער קאמונע וועט גאר אן אנדער פנים באקומען.ביים איבערבויען זי האבן מיר טאקע אין זינען די נייע, די מעכאניזירטע אגריקולטור. דעם נייעם ברונען. דעם „פאנטאן" האבן מיר, לויט דעם פלאן, שוין אוועקגעשטעלט ביים פעלד, וואו ער דארף דינען פאר דער באוואסערונג פון גארטן, און נישט אין כאמע מיטן וועג. אויפן פלאץ פון אט דעם ברונען וועט זיכער שטיין די שול אדער דער קאמונעראט מיט א גארטן און מיט א לענין־מאָ־נומענט...

— אויב אזוי — זאג איך — מאכט איר דאך טיל טעל פון דער גאנצער אידיליע, צוליב וועלכער מיר ווארפן אוועק אלע אונדזערע מסחרים און אפילו די ראזשינקעס מיט די מאנדלען און די ארץ־ישראל באקסערן!... וואו וועלן מיר אנטרינקען אונדזערע קעמלען און דאס פי און וואו וועלן אונדזערע יונגען און יונגפרויען זיך צוזאמענ־

טרעפֿן מיט די קרוגן אויף די אַקסלען, אויב איר נעמט אַוועק דעם ברונען?...

דער עולם לאַכט און חבר רעזניטשענקאָ פֿאַרזיכערט מיר, אַז וויפֿל אידישע שרײַבער עס האָבן באַזוכט די קאָמונע, האָבן זיי זיך נישט אַזוי געזאָרגט פֿאַר דעם „פֿיך" און פֿאַר די „יונגען און יונגפֿרויען" וואָס קומען „אָנטרינקען און גיבן צו טרינקען", ווי איך, וואָס בין געקומען אַזש פֿון אַרגענטינע. אפֿשר ווען שלום אַש וואָלט געקומען צו זיי! נאָר שלום אַש איז גראָד ביי זיי, אין דער קאָמונע, נישט געווען.

— ווען ער ווייסט אַז ביי אונדז שטייט נאָך דער ארץ ישראל־דיקער ברונען, וואָלט ער זיכער געקומען צו אונדז — רופֿט זיך אָפּ אַ רומעניש ער בחור און רופֿט: קומט בעסער אַ קוק טון ווי אונדזערע יונגען און יונגפֿרויען טרעפֿן זיך צוזאַמען און לעגן אונטער זייער האַרץ... מיט פֿרישע אוגערקעס, מיט קעז און מיט סמעטענע. קומט, מיר גייט שוין איבער דאָס האַרץ.

אין עס־שטוב טרעפֿן מיר שוין די לאַנגע טישן מיט גרויסע טאַצן אָנגעשטיט שוואַרץ ברויט, מיט קנוילן פּוטער אויף טעלערס און הויפֿנס קעז אין שיסלען, מיט פֿונאַנדערגעלייגטע פֿאַר יעדן זיץ צוויי אוגערקעס מיט אַ מעסער און אַ טאַסע אויף הייסער אָדער קאַלטער מילך אָ־ער נאָר טיי, לויט יעדנס פֿאַרלאַנג און אַרום די טישן — די פֿרויען מיט די קינדערלעך און די ערשט אָנגעקומענע באַטראַקעס און באַטראַטשקעס. מען מאַכט אונדז פּלאַץ און איך פֿיל באמת אַ באַזונדערן תענוג אין דער אידיליע פֿון אַ געמיינזאַמען טיש מיט האָרעפּאַשניקעס נאָך דער אַרבעט. די טישן ווערן באַדינט פֿון צוויי חברטעס, דעזשורנעס.

— חברטע גיטל! — רופֿט אַ אינגעלע פֿון אַ יאָר פֿינף, מיט אַ פֿאַרשמירט נעזל — מיר אַ אוגערקע!

חברטע גיטל, אַ ניט הויך געוואַקסענע פֿאַרברוינטע בעסאַראַבער מיידל, שוואַרץ ווי אַ מולאַטקע, מיט אַ קלוג פּנים און רירעוודיק, ווי זי וואָלט מיט איר גאַנצן ברוינעם גוף געשפּרונגען פֿון איר ווייסער לויזער בלוזקע, איז גאָר פֿאַרנומען מיט אַ שפּילעוודיקן פֿלירט נעבן איינעם פֿון די יאַטן, אַ ווייסרוסישער, לויט זיין אויסשפּראַך, מיט אויסגעשטאַרצטע קינבאַקן און אָפּעטיטנע ליפּן. נאָר די פּליכט רופֿט

יי. זי האָט אויסגעלאָזט פון חשבון דעם קליינעם פינפיאָריקן יאַט, וועלכער לאָזט זיך נישט באַוואָלהנען.

ביים עסן איז לעבעדיק, אַ סך לעבעדיקער ווי אויף אַ באַנקעט לכבוד אונדזערן אַ כלל־טוער, און דער עולם דאָ איז אַ פאַרשידנאַרטיקער, אַן אמתער „קבוץ גליות”. איר האָט דאָ ווייסרוסישע און ליטווישע יאַטן און יאַטיכעס, מאָלדאַווער און בעסאַראַבער חברים און חברטעס, פּאָדאָליער און וואָלינער חברה, אָדעסער יאַטן און אפילו וואַרשעווער, גאַליציאַנער און רומענער. אַ טייל פון זיי זיינען פאַרבליבן אין רוסלאַנד בעת די אינוואַזיעס, אַ טייל האָבן זיך פּשוט אַריבערגעכאַפּט די גרעניץ און זיך צונעשלאָגן קיין קרים, אַ טייל זיינען אַרויסגעשיקט פון זייערע לענדער פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט. פאַראַן דאָ אַזעלכע וואָס זיינען נישט פרעמד אין אַלע אידישע אַרבעטער ישובים פון אייראָפּע. זיי פרעגן זיך אויף באַקאַנטע צווישן פּאַריזער, בריסעלער, בערלינער און וואַרשעווער חברים. אָט די לעצטע, די וואָס האָבן זיך אַהער אַריבערגעכאַפּט אָדער מען האָט זיי אַהער אַריבערגעשיקט, זיינען די אינטערעסאַנטסטע. זיי זיינען אויך די אַרבעטזאַמסטע און מאָדנע, זיי רופן נישט אַרויס ביי מיר קיין צוטרוי ווי צו אַזעלכע וואָס וועלן דאָ פאַרבלייבן בויען די קאָמונע. מיט זייער גאַנצער אַרבעטזאַמקייט דאָ אין דער קרימער קאָמונע, זע איך אָט די רומענישע און גאַליציאַנער אָדער ווינער חברים, אַלס שטיקער רעוואָלוציאָנערן אומרו, פון זייערע ערטער אַוועקגעריסענע און דאָ נישט איינגעוואַקסענע. אַ ליאַדע מאָמענט וועט זיי צוריק אַריינוואַרפן אין זייער ברויזנדיקער רעוואָלוציאָנערער סביבה.

דער חבר רעזניטשענקאָ פרעגט מיך אויב איך וויל אַרויסטרעטן מיט אַ רעפעראַט, וועט ער פאַרזאַמלען דעם עולם. איך האָב גראָד קיין חשק נישט צו אַ רעפעראַט. מיר דאַכט זיך, אַז דער רעפעראַט מיט דער פאַרזאַמלונג וועלן אָפּרייסן דעם עולם פון זייער אָפּרו און בכלל פון זייער נאַטירלעכער עקספּאַנסיע ביים פאַרברענגען דעם אָוונט, וואָס אינטערעסירט מיך און ציט מיך אַריין. דער עולם קלייבט זיך צו גאָר אַן אינטערעסאַנטער פאַרווייַלונג. די באַטראַקעס האָבן מיט זיך אַ האַרמאָניקע, וועט מען טאַנצן...

— יאָסל! וואו איז יאָסל?

יאָסל איז דער בעסטער טענצער אין דער קאָמונע. נאָר יאָסל איז פארנומען, ער דערציילט ווי אַזוי זיי האָבן, ער מיט די אַנדערע חברים, אינדערפרי, ביים אויסלאָדן די זעק פון די פורן אין קאָלאַי, געוויזן ווי אַזוי מען ארבעט. איינער, אַ גאַנצער גיבור, אַ וואָרגעלעץ — דער־ציילט ער — גייט צו מיר צו און פרעגט מיך, וואָס איך דאַרף דאָ האָבן און גיט אַ קוק אויף מיר ווי אויף עפּעס אַ קליינאינגעלע. האָבן מיר זיי דערנאָך געוויזן! אַז זיי האָבן אָפּגעלאָדן איין וואָגן, האָבן מיר אָפּגעלאָדן צוויי. איר האָט באַדאַרפט זען ווי דער לאַנגער איז געלאָפן דערנאָך, ווי ער האָט געסאָפּעט און ווי ער האָט געמונטערט זיין ארטעל און וואָס פאר אַ גוטברודער ער איז דערנאָך געוואָרן! מיר האָבן אויף איין מינוט געמאַכט דאָרט אַ סאָציאַליסטישן געוועט און אַ אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענשלוס...

און דאָרט, ביי דער וואַנט פון דער עס־שטוב, נעבן דער טיר, זיצט שוין איינער פון די באַטראַקעס און שפּילט אַ מאַזורקע, פאַר אים שטייט דער עולם אויסגעשטעלט אין אַ ראָד און פּאָרלעך טאַנצן שוין.

— זע, זע, די דייטשקע!

אַלעמענס אויגן זיינען געווענדעט אויף אַ פּאָרל, אַ דייטש מיט אַ דייטשקע, באַטראַקעס, וואָס טאַנצן אַזוי פלינק און חנעוודיק און אָט איז יאָסל! יאָסל וואַרט אויף דער דייטשקע, און די דייטשקע טאַנצט מיט יאָסלען, טאַנצט און ווערט נישט מיד.

די האַרמאָניקע שפּילט איין מאַזורקע נאָך דער צווייטער, איין פּאָלקע נאָך דער צווייטער און דער עולם זינגט נאָך מיט ווערטער: ווידו יאַ זאַ סאַזשו, ווידו יאַ זאַ יאַשו, אַ גיע בודיעט יאַשי, ווידו זאַ דרוגאָווא. אָדער דאָס ליד פון דער פאַבריק, וואָס דער עולם האַלט אונטער דער האַרמאָניקע: „זאַ קירפּיטשיקי אי זאַ ווינטיקי אי זאַ וויעם עטאַט נאָווי זאַוואָד...״

אַן עולם קאָמונאַרן און קאָמונאַרקעס פאַרקלייבן זיך ביי אַ פענצ־טער אין עס־שטוב און מען פאַרפירט אַ כאָר. איינער אַ וואַרשעווער חבר איז דער דיריגענט. מען זינגט „דזונאַי דזונאַי״ מיט אַ דיסציפּ־לין, וואָס אַנדערע נישט אימפּראָוויזירטע כאָרן מעגן מקנא זיין.

עס האָט זיך מיר געוואָלט הערן אַ אידיש סאָוועטיש ליד. פאַראַן דאָך אַזויפיל סאָוועטישע אידישע דיכטער! נאָר קיינעם פון די זינגער

איז אזעלכעס נישט באַקענט געווען. זיי ווייסן, עס איז פאַראַן אידישע דיכטער, וואָס שרייבן לידער, נאָר זיי שרייבן נישט צום זינגען. פאַראַן אַלטע ארבעטער לידער, נאָר יענע קען מען שוין היינט נישט זינגען. גייט זינגט היינט די וויינענדיקע לידער פון דוד עדעלשטאַט. נישט אזוי די ווערטער זיינען דאַרט וויינענדיק ווי די ניגונים. זיי וואָלטן מיט חשק געזונגען „ארבעטער פרויען", מיט א קליינער קאָרעקטור, נאָר דער ניגון הרגעט אוועק דאָס ליד. פאַראַן אזויפיל גוטע אידישע רעוואָלוציאָנערע לידער, פאַרוואָס פאַרפאַסט מען נישט קיין מוזיק צו זיי? א גרויסער פאַקטאָר פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דעם אידישן ליד, וואָלט געקענט זיין דער טעאַטער. דער אמעריקאַנער אידישער טעאַטער האָט באוויזן צו פאַרשפּרייטן צווישן פאָלק א שלל מיט לידער און קופּלעטן; נאַרישע און פלאַטשיקע, פאַרשטייט זיך, וואָס זייער טעמע גייט נישט ווייטער פון דעם אידעלע מיט זיין תורהלע און בוראלע, פון דעם טליתל, פון דעם ליבעלע און פון דער שוויגער; דער אידישער מלוכה־טעאַטער אין ראַטנפאַרבאַנד האָט אויך אַלס איינעם פון זיינע גרונט־עלעמענטן דאָס לידל, אָבער מערסטנס איז עס פּאַראָדיע און סאַטירע און קלעפּט זיך צו צום אינטעליגענטערן באַזוכער מיט זיין קריטישן מוח, און נישט צום פּאָזיטיוון פאָלקסמענטשן. דעם פאָלקס־מענטשן און דעם אידישן ארבעטער אין ראַטנפאַרבאַנד איז פאַרבליבן נאָענט דאָס פאָלקסליד, וואָס איז קולטיווירט געווען און ווערט נאָך ביז היינט קולטיווירט פון גאַסטראָליאָרן זינגער אין די פּראָווינציעלע שטעט און איז א שטיק צייט געווען אינעם פּראָגראַם פון די ליבהאָבער־קרייזן.

אין די ערטער וואו איך בין דורכגעפאָרן, האָב איך אומעטום געלייענט אויף די ווענט אַנאָנסן, אין אידיש און אין רוסיש, וועגן „באַרימטע אידישע פאָלקס־זינגער", וואָס גיבן אין דעם אָדער יענעם סאַלאָן א קאָנצערט פון אידישע פאָלקס־לידער און דערביי זיינען געבראַכט אויסצוגן פון רעצענזיעס אין רוסישע צייטונגען וועגן זייערע שטימען, פעאיקייטן און דערפאָלגן. אונטער די דאָזיקע „פאָלקס זינגער" דאַרף מען שטענדיק פאַרדעכטיקן חזנים און רומעניש־גאַליציש־אמעריקאַנישע אַקטיאָרן, וואָס גיבן אָן פאַר פאָלקס־לידער „אלי אלי", און „דאָס טליתל", „א בריוועלע דער מאַמען" און „גאָט און זיין משפּט

איז גערעכט". די רעצענזיעס באַקומען זיי אַרויס ביי נישט אידישע יינגעלייט, רעצענזענטן פון לאָקאַלע צייטונגען אָדער ביי רוסיש שרייבנדיקע אידישע יונגעלייט, וואָס זייער באַציאונג צו אידישער קולטור, איז אַן אַסימילאַטאָריש קוגלדיקע, אַלנפאַלס גאָר נישט קיין ערנסטע. מיר איז אויסגעקומען צו הערן פון אַזאַ מין רעצענזענט, אַז אידיש איז רעליגיע און נאַציאָנאַליזם, צו וועלכער די ראַטנמאַכט איז נייטראַל און, אַז אויב די מלוכה דערלויבט דאָס, מעג מען וועגן דעם שרייבן אַ גוטע רעצענזיע אויך...

אַ מיאוסע ירושה האָט איבערגעלאָזט צווישן די אידישע מאַסן אין ראַטנפאַרבאַנד די אַלטע רוסיפיקאַציע און דער קאָסמאָפּאָליטישער רעוואָלוציאָנעריזם פון די באַלעבאַטישע באַרישניעס און יונגעלייטלעך און פאַראַן איצט אַ סך וואָס צו ראַמען אין די דאָזיקע קולטור־שטאַלן.

אָבער ראַמען איז ווייניק, מען דאַרף פּאָזיטיוו שאַפן אידישע קולטור. אָט האָט איר אַזאַ געביט ווי דאָס ליד, וואָס איז אַזוי פאַרנאַכלעסיקט. איך מיין באמת, אַז די אידישע ליטעראַטור אינעם ראַטנפאַרבאַנד, וואָלט אַ סך מער געוואונען, ווען אַ גרויסע טייל פון אירע „ליטעראַרישע" דיכטער, וואָלטן אנשטאָט לירישע אויסגוסן, געשריבן לידער צום זינגען. די זעלביקע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס שאַפן מוזיק צו די פּאַראָדיעס פון אידישן מלוכה־טעאַטער, וואָלטן אויך געשאַפן מוזיק צו די אידישע אַרבעטס־לידער און די קלובן און ביבליאָטעקן, דראַמקרייזן און כאָרן, וואָלטן זיי מיט פאַרגעניגן און נוצן געזונגען.

זאָל מיר פאַרגעבן זיין מיין לאַנגע אָנמערקונג וועגן דעם דאָזיקן פאַרנאַכלעסיקטן געביט אין דער סאָוועטישער אידישער קולטור. דער קאָמונע־כאָר אין „אָקטיאַבר", וועלכער וואָלט מיך גערן מכבד געווען מיט אַ אידיש סאָוועטיש אַרבעטס־ליד, וועט מיר דאַנקבאַר זיין אויב מיין אָנמערקונג, וועט איר אַפילו איין ליד אַזעלכעס פאַרשאַפן.

איך האָב איבערגענעכטיקט ביים חבר רעזניטשענקאָ אין שטוב און גאַנץ פרי, פרי ווי איך האָב נאָר געקענט אויפשטיין, האָב איך שוין געטראָפן די דרעש־מאַשין אין פולן גאַנג. די נעכטיקע טענצער און טענצערנס, זינגער און זינגערנס, מיט פאַרמאַכטע ברילן קעגן שטויב און מיט טיכלעך אַרום די קעפּ, האָבן געפירט הויכע וועגענער מיט סנאָפּעס צו דער מאַשין, דערלאַנגט מיט די ווילעס די סנאָפּעס אינעם

שלונג אירן, אוועקגעשאַרט די שטרוי און די פּאַלאָווע און אונטערגע־שטעלט די זעק, אין וועלכע עס האָבן זיך געשאָטן די גאָלדענע קער־נער, די תבואה, וואָס די קאָמונע האָט אויסגעאַרבעט פון דער סאָ־ציאַליסטישער מלוכה וועגן.

די ליבטיקע און מוטיקע פּנימער פון די יונגע האָרעפּאַשניקעס קאָמונאַרן האָב איך מיטגענומען מיט זיך אין זכרון און אויך אויף אַ בילד, אויף וועלכן דער פּאָרזיצער חבר רעזניטשענקא האָט אונטער־געשריבן:

„אויף אָנדענק דער „פּרעסע" צו פּראָפּאַגאַנדירן סאָוועטישע אי־דייען צווישן די אידישע האָרעפּאַשניקעס אין אַרגענטינע.

לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָמונע „אָקטיאַבר".

איך האָב אויך מיטגענומען אַ פאָטאָגראַפיע פון דעם ערשטן קאָ־מונע־ראַט, וואָס האָט זיך געגרינדעט דעם 23־סטן פעברואַר 1928, איינגנטלעך, די פינף קאָמוניסטן, וואָס האָבן געמאַכט די באָלשעוויס־טישע רעוואָלוציע אין „תל חי", פאַרוואַנדלענדיק די חלוצים שול אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָמונע „אָקטיאַבר".

איך בין אַרויסגעגאַנגען פון דער קאָמונע ווידער צופוס קיין קאַ־לאַי, אין דער באַגלייטונג פון אַ חברטע, די זעלבע חברטע, וואָס האָט געכטן באַדינט דעם טיש, די ברוינע בעסאַראַבערין. זי האָט היינט איר פרייען טאָג און גייט קיין קאַלאַי באַזאָרגן אירע אָנגעלעגנהייטן. אויך זי גרייט זיך פאַרלאָזן די קאָמונע און זיך לערנען אין אַ פּאַרטיי־שול.

אויפן וועג האָב איך זי צווישן אַ סך אַנדערע זאַכן געפרעגט, אויב זי ווייסט עפּעס וועגן דער קאָמונע „וואָיאַ נאָווא", אין עספּעראַנטאָ מיינט עס „ניי לעבן", וואָס האָט זיך געגרינדעט פון צוריקגעקומענע חלוצים פון פּאַלעסטינע.

— איר — האָט זי מיר געענטפערט — וואָס איר זוכט אומע־טום נאַטירלעכקייט און אידיש אַלס הויפּט־אויסדרוק פון דער נאַטיר־לעכקייט ביי אידישע האָרעפּאַשניקעס, וועט דאָס דאָרט נישט געפינען. איך גלויב אויך נישט, אַז זיי זאָלן לאַנג אָנהאַלטן אין דער קאָמונע.

— פון וואָס דרינגט איר דאָס?

— אַז זיי האָבן גערעדט לשון קודש, זיינען זיי פאַרפלויגן קיין

ארץ־ישראל; איצט ריידן זיי עספּעראַנטאָ לשון, וועלן זיי פאַרפליען... קיין עספּעראַנטאָ.

זי האָט זיך דערביי צעלאַכט מיט אירע ווייסע ציגיינערישע ציין און אויב איך האָב אויסגעמיטן די עספּעראַנטישע קאָמונע „וואָיאַ נאָוואַ" אויף מיין וויטערדיקן וועג איבער די קרימער אידישע ישובים, איז אין דעם אפשר אַ סך שולדיק די כאַראַקטעריסטיק וואָס מיר האָט געגעבן וועגן איר די בעסאַראַבישע חברטע פון דער קאָמונע „אָק־טיאַבר".

## 24

נאָכדעם ווי איך האָב אייך געוויזן דעם ליכטיקסטן פונקט אין דער קרימער קאָלאָניזאַציע, די קאָמונע „אָקטיאַבר", איז מיר איצט שווער צו ריידן וועגן די אַנדערע פונקטן אירע. איך האָב אייך שוין אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל געגעבן אַן אַלגעמיינעם בליק איבער דער קרימער אידישער קאָלאָניזאַציע, שילדערנדיק איר כראָנאָלאָגיש־עקאָ־נאָמיש־אידייאישן וועג, 1922—1929, וואָס גייט פון רייכער צו אָרי־מער, פון באַלעגופנטום צו קאָלעקטיוויזאַציע און פון ציוניזם צו סאָ־וועטיזם. דאָס שווערע און דאָס ווייטיקלעכע אָבער אויף דעם דאָזיקן וועג, איז דאָס וואָס די ערשטע סטאַדיעם האָבן אונטער זיך אַזאַ מעכטיקן אָנהאַלט, די אַלטע געוואוינהייטן און מנהגים, וואָס זיינען צוזאַמענגעוואַקסן מיט די אַלטעווירטשאַפטלעכע פאָרמען, געוואוינ־הייטן און מנהגים, וואָס רופן זיך שטייגער און אַפילו קולטור, אַזוי צו זאָגן גייסטיקע „דעראָבערונגען", נאָר אין דער אמתן, שוואַמען אַרויסגעוואַקסענע אויף פוילן באָדן, וואָס טראָגן מיט זיך גיפט און לאָזן נישט וואַקסן קיין נייע פלאַנצן; און די לעצטע סטאַדיעם: קאָלעקטי־וויזאַציע, סאָוועטיזם, אָט די נייע ווירטשאַפטלעכע פאָרמען וואָס האָבן נישט קיין טראַדיציע און מוזן האָבן סטימול־מיטלען, האָבן דערפון גאַנץ ווייניק, כמעט גאָרנישט.

נאָכדעם ווי איך האָב באַזוכט די זאַפּאָראָזשיער־מאַריופּאָלער ישו־בים, האָב איך אין אַ געשפּרעך מיט דעם סעקרעטאַר פון דעם זאַפּאָראָ־

זשיער נעזערד־קעמערל, זיך אויסגעדריקט אַז די קנאַפּע סאַניטאַרע און קולטור־באַדינונג פון די אידישע ישובים, ברענגט מיר אויפן זינען פאַר־צושלאָגן דעם „פּראָקאָר״, ער זאָל זיין טעטיקייט ווענדן אויף אַט די צוויי בלויזן אין דער אידישער קאָלאָניזאַציע. פאַרלאַזנדיק די קרימער אידישע ישובים, האָב איך מיך ארומגעזען, אַז איך בין אומגערעכט געווען צו די זאַפּאָראָזשיעמאַריופּאָלער אידישע ישובים, וואָס פירן דאָך אַ געוויסע קולטור־אַרבעט און מיין באַשלוס צו פאָדערן פונעם „פּראָקאָר״ מיטלען פאַר דער קולטור אַרבעט אין די אידישע ישובים איז ביי מיר פאַרשטאַרקט געוואָרן.

מיט אַט דעם באַשלוס, האָב איך מיך צוריקגעקערט קיין דזשאַנ־קאָי, כדי פון דאַנען אויפצוזעצן זיך מיטן צוג קיין סעוואַסטאָפּאָל און פון דאָרט מיט אַ שיף קיין אָדעס.

צוריקקומענדיק אין דזשאַנקאָי, האָב איך מיך דערוואוסט, אַז דער חבר פויזנער איז שוין פון דאָרט אוועקגעפאָרן. דעם פאַרשטייער פון קאָמערד האָב איך נישט געטראָפן. איך האָב מיך געקליבן איבער־געבן פאַר אים מיינע איינדרוקן וועגן קרימער קאָלאָניזאַציע און וועגן די חסרונות וואָס איך האָב דאָרט באַמערקט. מיין ערשטער איינדרוק פון אים איז אפילו געווען ווי פון אַ מענטשן, וואָס די גאַנצע קאָלאָני־זאַציע ליגט אים אין דער לינקער פּיאַטע, נאָר געטראַכט האָב איך מיר, אַז אפשר ווען מען מאַכט אים אויפמערקזאַם אויף געוויסע זאַכן, וואָלט ער זיך פאַראינטערעסירט.

דער צוג קיין סעוואַסטאָפּאָל גייט אָפּ אַרום זיבן פאַרנאַכט און איך האָב נאָך פאַר מיר אַ האַלבן טאָג. איך האָב מיך אַ פּאָר שעה אומגעדרייט איבער די פּאָר גאַסן פון דער דאָזיקער קרימער קרייז־שטאָט, ביי די צוגעמאַכטע טירן פון קאָמערד, און געקוקט אויף די הילצערנע לאָדנס, וואו מען פאַרקויפט פרוכט, קאַוועגעס און דיניעס און קאַלטע געטראַנקען, קוואַס און זעלצער־וואַסער, נאַרזאַן און באָר־זשאָם און אויך האַלב־ווייסן ברויט. איך האָב אַריינגעקוקט אין די קאַווע־הייזער, וואו טאָטערן זיצן ווי צוגעשמידט צו די ביינקלעך ביי די טישלעך און שפּילן דאָמינע; איך האָב געלייענט די שילדן פון די קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, וואָס טראָגן דאָ אויף רוסיש דעם נאָמען „אָביעדיניעניע״ (פאַרייניקונג) און האָבן אויך אַ טאָטערישן נאָמען,

וואס איך האב נישט געקענט איבערלייענען, מחמת ער איז נאך גע־שריבן געווארן מיט אראבישע אותיות. אנדערע טאטערישע שילדן זיינען שוין געשריבן מיט לאטייניש שריפט. שילדן פון אידישע באלמעלאכעס זיינען רוסישע.

איך כאפ א קוק אריין אויך אין אט די „ווערקשטאטן" פון די שניידער און בלעכער, וואס זייערע באלעבאטים האבן אוודאי, בעת זיי האבן די שילדן אויפגעהאנגען, זיך געזען אין דער פאנטאזיע אלס „פאטאמסטוועגע פאטשאטנע" איזראיל סאלאמאנאוויטשעס און איצ־טער... די פאנטאזיע איז שוין נישטא, נאר די שילדן זיינען פארבליבן הענגען ווי א פסיכאלאגישע און אפילו מאטעריעלע מחיצה צווישן איין „איזראיל סאלאמאנאוויטש" און דעם צווייטן און לאזט זיי נישט פאראייניקן זיך אין אן ארטעל, וואס וואלט זיי געגעבן די בעסטע מעג־לעכקייטן צו לעבן און צו ארבעטן אלס בירגער פונעם ראטנפארבאנד.

איך גיי אריין צו א ראזירער. פון דער געדעמפטער האלבטונקל־קייט, וואס מאכט געוויסע ראזיר־הייזער אזוי אומהיימלעך ווי א קלויס־טער, קומט מיר אנטקעגן דער באלעבאס א פארשלאפענער און נישט ראזירטער. פארשלאפן און מעכאניש נעמט ער זיך צו זיין געצייג און ערשט אינמיטן דער ארבעט קומט ער צו זיך, דערקענט אין מיין אנצוג אז איך בין אן אויסלענדער און די ראזירערישע בארײדעוודיקייט נעמט די אויבערהאנט איבערן שלאף, וואס מאטערט זייער נאך א טע־לער שאפנס אין א קרימער זומערדיקן נאכמיטיק.

ער הויבט אן אין רוסיש און גייט איבער אויף אידיש, אז... עס איז איצטער קיין לעבן נישט. ערשטנס, איז צוגעקומען ראזירער פון דער וועלט. א איד, וואס האט פריער געקוקט אויף א גלוח ווי אויף א פושע ישראל, א איד, וואס האט זיך גאר פריער געלערנט שחיטה, הענגט היינט ארויס א מעשן טעצעלע פאר דער טיר און שאבט טאט־טערישע קעפ און מארדעס. געקומען פון פיטשוטש ווערן אין קרים אן ערדארבעטער און ביי דער סאמע שוועל, האט ער חרטה געקריגן, ווי א חדר־אינגל, וואס מען פירט אים צום ערשטן מאל אין חדר אריין און ער אנטלויפט פון דער סאמע טיר אהיים. נאר דער איד אנט־לויפט נישט אהיים — וואס האט ער דארטן איבערגעלאזט? — ער בלייבט דא אין דזשאנקאי. עס איז קרים, זאגט ער, א פעט לאנד

קרים, מען קען דאָ לעבן... נו, פרעג איך אייך, וואָס פאַרא לעבן איז עס שוין?... איך האָב שוין געטראַכט, אַז ווען דער אָזועט נעמט מיך אָן, לאָז איך צו דעם פיטשוטשער אידן אַלע מיינע טאַטערישע קעפּ און מאָרדעס און ווער מיר אַ קאָלאָניסט...

איר מיינט, איך האָב שוין נישט אַ פרעג געטון? איך בין דאָך אַ מיטגליד אין אָזועט. זאָגן זיי, אַז עס איז דאָ בילכערס פון מיר. זיי גלויבן נישט, אַז אַ צירולניק זאָל קענען ווערן אַ פויער. צו אַן אײדעלע האַנט ביי מיר...

כדי אפנים צו באַווייזן, אַז אין אָזועט האָט מען ווען איך אַ פאַלשע מיינונג, אַז ער האָט גאָרנישט אַזאַ אײדעלע האַנט, לאָזט ער עס מיר פילן מיט זיין גאָלמעסער אויף מיין באַק.

ווען דער ראַזירער האָט מיך אַרויסגעלאָזט פון אונטער זיינע הענט, וואָל ווילן אנשטאָט אַ גאָלמעסער האַלטן אַן אַקעראַייזן, האָב איך אים געוואָלט אַפּשיקן נאָך ווייטער ווי אויף דער קרימער ערד. זיין גליק איז געווען וואָס אויף דער וואַנט ביי אים האָב איך געזען אַן אַפּיש, וואָס האָט מיך פאַראינטערעסירט.

אין זאָל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען וועט היינט אויפטרעטן מיט אַ פּראָגראַם פון אידישע לידער דער באַקאַנטער און באַרימטער זינגער. און דאָ קומט אַ נאָמען, גאָלדמאַן, זאַלצמאַן צי פעלדמאַן און אונטן אויסצוגן פון רוסישע צייטונגען.

— אַ שאָד — רוף איך מיך אָן — וואָס איך מוז שוין היינט אָפּפאָרן, איך וואָלט זייער גערן געהערט אַ קאָנצערט פון אידישע לידער.

— עס מעג אייך טאַקע באַנג טאָן... איר מעגט אים הערן זאָגן אַ „רצה", אַ „ותערב"... סיראָטע, זאָג איך אייך... איר האָט דאָך כּסתמא געהערט סיראָטען...

— געהערט, געהערט — ענטפער איך אָן אויפגערעגטער אויף דער הפקרות, אויף דער קאָנטראַבאַנדע, וואָס ווערט אַריינגעבראַכט אין אידישן שטעטל אונטערן נאָמען „קאָנצערט פון אידישע לי־דער". נאָר אין דער לעצטער צייט האָב איך מיך געטרייסט וואָס מיר טוט שוין נישט באַנג אוועקצופאָרן פון דאַנען נישט האָבנדיק געהערט דעם דאָזיגן אידישן זינגער.

איך דריי מיך אוים אָן אַ זייט און בין שוין אין אַ שטילער גאַס: אַ שיינע דירה, אַ באַזונדערע, אָן איינציקע, מיט אַ ריי פענצטער און קעגנאיבער דער ברייטער גאַס — ברייט ווי אַ שטאָט־פּלאַץ — אַ צווייטע לאַנגע דירה מיט פענצטער און מיט אַ גאָרטן פון פאָרנט. עס איז די נייניאָריגע שול. און אָט איז דער מעטשעט, דאָס טאַטערישע געבעט־הויז, מיט זיין ווייסער יאַרמעלקע, און דער פּראַוואָסלאַוונער קלויסטער. דאָס בית־מדרש איז אויך דאָ נישט ווייט; נישט דאָ אויף דעם ברייטן פּלאַץ אויסער דער שטאָט; ער שטייט נישט ווייט פון דאַנען, גאָר אַרונטער אין אַן אָפענעם הויף, צו וועלכן מען מוז אַרויפּ־הייבן זיך אויף אַן אָנגעשאָטענם מיסטבאַרג. נאָר וואָס איז דער חילוק וואו זיי לעבן זיך אוים זייער לעבן, דער קלויסטער, דער מעטשעט און דער בית־מדרש, אויפן מיסט צי אויף דער פרייער לופט. אָט די שיינע דירה דאָרט מיט דער ריי פענצטער, דאָס איז דאָך דער „זאגס" (ציוויל־רעגיסטער), וואָס האָט צוגענומען די הויפּט־פונקציע, וואָס דער קלויסטער מיט דעם מעטשעט און בית־מדרש האָבן דאָ געהאַט, צו קאָנטראָלירן דאָס פאַמיליען־לעבן פונעם מענטשן. זיי שטייען נאָך דאָ, די הייליקע הייזער; אין אַ פּראַוואָסלאַוונעם יום־טוב צעקלינגען זיך נאָך די גלאָקן פונעם קלויסטער איבער דזשאַנקאָי, אין אַ מאַכמעדאַנישן יום־טוב קען מען נאָך הערן דאָ דעם צעצויגענעם גאָרגלדיקן „מעביר סדרה" ניגון פונעם מועזין אין פוסטן מעטשעט און איינמאָל אין יאָר אים זען רופן די גלויביקע פונעם דאַך אַראָפּ. אין די ימים נוראים קען מען נאָך זען גיין אַ שוואַרצע קאַפּאָטע מיט אַ טלית אויף דעם מיסטיקן באַרג צום דזשאַנקאָיער בית־מדרש צו.

אויף דעם גערוימען פּלאַץ און אין דער פאַרנאַכטיקער רו איז דאָס אַלץ אַזוי קלאָר און עס וואונדערט מיך אַזוי שטאַרק, ווי מענטשן פרייע, אַטעאיסטן און אפּיקורסים, האָבן מיך געבעטן, אין פאַריז זייענדיק, איך זאָל צוריקקומענדיק זיי דערציילן דעם אמת, צי איז אמת, אַז אין סאָוועט רוסלאַנד איז אונטערדריקט די „פרייהייט פון רעליגיע".

אויף דער אכסניה, וואו איך האָב מיינע זאַכן איבערגעלאָזט, אַרויספאָרנדיק איבער די קאָלאָניעס, טרעף איך נייע געסט, אַ גרופּע אַרבעטער, צווישן זיי איינער אַ איד. די טיי ביים טיש איז ● גרויסער

מכניס אורח און נאך גרעסער איז די מאכט פון דער טיי אלס פאר־היימישונגס־מיטל. נאך דער ערשטער גלאז טיי, מיט וועלכער די געסט זיינען מיך מכבד, זיינען מיר שוין אזוי היימיש, אז מיר ווייסן שוין וואס מיר שטעלן מיט זיך פאר און ווער מיר זיינען. זיי, זיינען ארבעטער אויף א פאבריק אין טאגאנראג. געווען זיינען זיי אויף אורלויב אין קרים. איצט פארן זיי צוריק. געפארן זיינען זיי מיט דעם דרומדיקן ברעג פון שווארצן ים אויף אמניבוסן ביז פעאדאסיע און פון דארט פארן זיי מיט דער באן אהיים. — איר האט דאך געקענט פארן מיטן וואסער — ווייז איך זיי אן אויף א לאנדקארטע, וואס איך מאל אן מיטן פינגער אויפן טיש — פונעם שווארצן ים אין אזאווישן דורכן קערטשער דורכגום און גלייך קיין טאגאנראג. עס איז דאך א פאר־געניגן צו פארן מיטן וואסער — אגיטיר איך זיי פאר א ים־רייזע — אט בין איך גאנצע איין און צוואנציק טעג געפארן אויפן ים, אויפן אטלאנטישן. ס'א רחבות! די גאנצע וועלט איז דאך דעמאלט אייערע.

וואו מיר זיינען — ענטפערט מיר איינער פון דער גרופע, א זיבן־פודיקער רוס — איז די גאנצע וועלט אונדזערע, נאר שלאפן אויף אונדזערער א שיף אין אזעלכע נעכט איז שוין גאר קיין מאכל נישט.

— און איך פאר איצט קיין סעוואסטאפאל — זאג איך — כדי אויפצוזעצן זיך אויף דער שיף קיין אדעס.

— איידער איר פארט ארוים, זאלט איר זיך גוט אויסשלאפן.

די עצה זיינע קומט אביסל צו־שפעט. דער זייגער באווייזט, אז אין א האלבער שעה ארום דארף איך שוין גיין צום וואקזאל. קיין סעוואסטאפאל קומט מען אן פארטאג. די שיף גייט אפ דריי נאכמיטיק און, ווי איז מען דאס אין סעוואסטאפאל און מען באקוקט נישט אט די היסטארישע שטאט!

— שלאפן איז שוין שפעט — ענטפער איך — נאר עס גלוסט זיך אלץ שמועסן מיט אייך, זאגט מיר, חברים, אין די אידישע קאלאניעס זייט איר געווען?

— געווען — זאגט אלץ דער זיבן־פודיקער.

— איז וואס זאגט איר?

— וואס זאל מען זאגן? דאס איז דאס בעסטע מיטל ווי אפצושאפן די ראסן־פארורטיילן. עס איז דאך אן אומגליק געווען, איך

בין געווען אַ „כאַכאָל״ — ווייזט ער אויף זיך — ער איז געווען אַ „קאַצאַפּ״ — ווייזט ער אָן מיטן פינגער אויף אַ בלאָנדן, כמעט ווייסן בחור און ער — ווייזט ער אויפן אידן — איז געווען אַ „זשיד״; האָט דער קאַצאַפּ פיינט געהאַט דעם כאַכאָל און האָט זיך אים נאָכגעקרימט און דער כאַכאָל האָט פיינט געהאַט דעם זשיד און האָט אים געשלאָגן און געפּייניקט און דער זשיד האָט אונדז ביידן פיינט געהאַט און האָט פאַר אונדז ביידן מורא געהאַט. איז וואָס זשע דערפון געווען אין רוס־לאַנד? ריינער גיהנום. אַנ־טי־סע־מי־טיזם — ציט ער אויס דאָס וואָרט, ווי ער וואָלט דערין אריינגעלייגט דאָס גאַנצע גיהנום-בילד פון האַס און פאַראורטיילן וואָס האָט געהערשט אין צאַרישן רוסלאַנד, ניט נאָר בנוגע אידן נאָר אויך בנוגע אים דעם אוקראַינער מצד דעם גרויס־רוס. — אַנטיסעמיטיזם — חזרט ער נאָכאַמאָל איבער — און איצט זיינען אַלע גלייך. ד ע ר איד אַרבעט מיט מיר אויף דער פאַב־ריק — ווייזט ער אויפן אידן — און יענער באַאַרבעט די ערד. אַלע גלייך. און אָט אין דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע — הויבט ער אָן ריידן מיט הויכע ווערטער — דאָרט איז אויך פּראָקלאַמירט די גלייכ־הייט פון די מענטשן אומאָפּהענגיק פון געשלעכט און פון רעליגיע, פון ראַסע און נאַציאָנאַליטעט, נאָר דער קאַפּיטאַליזם דערלאָזט נישט ,אַז דאָס זאָל איינגעפירט ווערן אין דער פּראַקטיק. זיי רייסן זיך דאָרט ביי די טשובעס, די קאַפּיטאַליסטן און רייצן אָן איין פאָלק אויפן צווייטן, איין נאַציע אויף דער צווייטער און אַליין זעצן זיי זיך רייטן אויף אַלע נאַציעס צוזאַמען. ביי אונדז — באַטאָנט ער ווייטער — איז פאַרקערט: ביזטו אַן אַרבעטער, אַ פּויער, ביזטו גלייך מיט אַלע אַרבעטער און מיט אַלע פּויערים; ביזטו אַ נעפּמאַן, אַ בורזשוי, אַ קולאַק, האָבן מיר דיך פיינט, צי דו ביסט אַ זשיד, אַ קאַצאַפּ, צי אַ כאַכאָל, אַלצאיינס...

— און ביי אייך, ווי אַזוי איז? — פרעגט מיך דער ווייס-בלאָנ־דער רוס.

— ביי אונדז? — האָב איך אַ טראַכט געטון און עס איז מיר שווער געווען אים געבן צו פאַרשטיין, אַז ביי אונדז איז אַ ניי לאַנד, וואָס איז נאָך איינגעוויקלט אין די וויקעלעך פון די אומבאַגרעניצטע מעגלעכקייטן רייך צו ווערן; כאָטש קאַלאָניסטן און אַרבעטער זיינען

פאראן וואס האבן קיין ברויט נישט; אז די איינגעוואנדערטע פון אלע ראסן ביי אונדז זיינען פארנומען מיט „מאכן אמעריקע“ נישט איבערקלייבנדיק קיין מיטלען און די ראסן־פארורטיילן ביי אונדז האבן נישט דעם מאטעריעלן באדן אויף וועלכע זיי זאלן זיך איינווארצלען, און אויב עס איז פאראן א געוויסער אנטאגאניזם אין דער באפעלקערונג, איז עס צווישן די איינגעזעסענע און פריש איינגעוואנדערטע, סאי צווישן די קליינבירגער, סאי צווישן די ארבעטער. דערציילן אים, אז ביי א געוויסער טייל באפעלקערונג איז „רוסא“ די טייטש א וואָרבערניק און „פאלאקא“ א פרויענהענדלער, האב איך געפונען פאר איבעריק. — ביי אונדז האב איך אים געגעבן צו פארשטיין בקיצור, — הערשט איצט אן אויפרעגונג קעגן דעם יענקישן און ענגלישן אימפעריאליזם, מען פילט ביי אונדז זייער געוואלטיקע עקספלואטאציע. דאס פילן נישט נאר די ארבעטער, נאר אויך די ארטיקע באלעבאטים, דאס גאנצע לאנד, און דאס, דאכט מיר, וועט נישט דערלאזן, אז די אומצופרידנהייט זאל דעגענערירט ווערן ביז ראסן־האס צווישן דער ארגענטינער באפעלקערונג. א סימן, אז ביי אונדז נעמט זיך שווער אן דער ראסן־האס און די פאגראם־פאליטיק, דערצייל איך זיי וועגן די פאגראמען, וואס זיינען ביי אונדז אין ארגענטינע ארגאניזירט געווארן דורך דער רעגירונג אין די יארן 1910 און 1919 און זיי האבן צו קיין ראסן־האס נישט געבראכט.

די חברים זיינען געזעסן און זיך איינגעהערט מיט גרויס אינטערעס צו דעם דאזיקן ווילדן גרוס פון דעם וויטן ארגענטינע, וואס ווערט עקספלואטירט פון ענגלאנד און אמעריקע, וואס שמט פאר א לאנד פון אומבאגרעניצטע מעגלעכקייטן און פאראן קאלאניסטן און ארבעטער וואס הונגערן, וועגן אונדזערע דעמאקראטישע וואלן, א. א. וו., א. וו. און איך האב ריידנדיק מיר געטראכט: זאלן זיי, אט די וואוילע חברים, בעת זיי ריידן וועגן בורזשואזער דעמאקראטיע, האבן א לעבעדיקע פארשטעלונג אויך פון ארגענטינע מיט אירע בורזשואז דעמאקראטישע שיינקייטן.

איך האב מיך ווארים געזעגנט מיט די חברים, וועלכע האבן מיר אויפן וועג מיטגעגעבן, אלס צייכן פון חברשאפט, עטלעכע גוטע בארנעס, וואס זיי האבן דא איינגעקויפט. און איך בין זיי זייער דאנקבאר

געווען, נישט אַזוי פאַר די באַרנעס, ווי פאַר די פּשוטע און אויפריכ־
טיקע ווערטער, מיט וועלכע דער דאָזיקער אוקראַינישער אַרבעטער פון
טאַגאַנראָג, האָט איבערגעגעבן דעם איינדרוק זיינעם נאָכן באַזוך פון
די אידישע קאָלאָניעס אין קרים.

מערקווירדיק, זיך וואָלט איך אַזאַ פּשוטן איינדרוק נישט מוחל
געווען און ווען אָט דער אוקראַינער זאָל מיר געווען אָנמערקן אויף די
קאָלאָניעס דאָס וואָס איך האָב אויף זיי אָנגעמערקט, וואָלט איך עס
אים נישט מוחל געווען.

עס האָט זיך מיר דערביי דערמאָנט דאָס קלוגע וואָרט פון דעם
שווייצאַרישן זשורנאַליסט, וואָס איז מיט מיר געפאָרן אויף דער „אַר־
קאַנסאַ": איר האָט קיין מורא נישט צו זיין אַן אַנטיסעמיט, פאַרקערט,
איר מוזט עס זיין, עס איז אייער זשורנאַליסטישער חוב.

25

שטייענדיק אין דער ריי ביי דער קאַסע אויפן דזשאַנקאָיער וואָק־
זאַל, דערהער איך אַ קוויטשיקע זידלעריי פון אַ פרוי. איך קוק מיך
אום און דערזע: די פרוי, אַ צעדרייצטע, אַ נישט נאָרמאַלע, טוט אַ שפּיי
אין פּנים דעם מיליציאָנער. ער ווישט זיך אָפּ פאַרשעמט. פון די
קאָמענטאַרן אַרום, איז שווער צו פאַרשטיין וואָס דאָ איז פאָרגעקומען:
ע ר איז גערעכט, ז י איז גערעכט... ביי אייניקע שפּילט אין די
אויגן דאָס ביטרע פלעמעלע, וואָס זאָגט: „אָבער מיר ווייסן, מיר פאַר־
שטייען און וואָס האָט איר נישט דאָ צו פאַרשטיין?..." ביי אַנדערע
אויפן פּנים לייען איך אויפרעגונג, פּראָטעסט.

וואָס דאָ איז פאָרגעקומען דערוויס איך מיך ערשט אין וואַגאָן.
צו אַ פרוי, וואָס זיצט ביי אַ פענצטער אין מיין וואַגאָן, קומט צו דער
מיליציאַנט מיט נאָך איינעם און בעטן די פרוי זי זאָל אָנגעבן איר
נאָמען אַלס עדות פון דאָס וואָס האָט פּאַסירט. די פרוי אַנטזאָגט
זיך, אַן אויפגערעגטע זאָגט זי צום מיליציאָנער:

— איך קען דאָ נישט פיגורירן אַלס עדות, ווייל מיר וועט אפשר
אויסקומען אַליין צו משפּטן אין דעם ענין.

און באַלד דערויף נעמט זי אויפקלערן דעם ענין פאַר אַ הויכן דיקן פאַרשוין, מיט אַ געראַזירטן אָפּגעלעגטן פּנים, וואָס זיצט קעגנ־איבער איר:

— אונדזער מיליץ, מיכאַיל סעמיאָניטש, מוז זיין אַ מוסטער מיט איר אויפירונג און מיט איר באַציאונג צו מענטשן. אַ מיליציאָנער איז נישט קיין צאַרישער גאָראָדאָוואָי. מיר איז די פרוי באַקאַנט. זי איז אַן אומגליקלעכע, זי מיט איר אַ שוועסטער קומען אָפּט אויפן וואָקזאַל. נו, געווים, טאָר מען נישט בעטלען, זיי זיינען קרעפּטיקע פרויען און קאָנען אַרבעטן. דאַרף אַ מיליציאָנער אויפמערקזאַם מאַכן אויף די דאָזיקע פאַלן אין זיין אָפּטיילונג און זי זאָל זען אַז די אומגליקלעכע זאָלן באַקומען אַרבעט, איבערדערציוגן ווערן, אויב זיי ווילן נישט אַרבעטן.

— איר, מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ, זייט גערעכט, אָבער צו שטרענג; אַלס ריכטערן, דאַרפט איר פאַרשטיין, אַז די פאַרשריפטן און די געזעצן מאַכן נישט דעם מענטשן, נאָר די מענטשן מאַכן די פאַרשריפטן און די געזעצן. אונדזערע פאַרשריפטן זיינען זייער ווייטגייענדיקע, הומאַניטאַרע און געזעלשאַפטלעכע, נאָר אונדזערע מענטשן, מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ, זיינען נאָך נישט אַזוי וויט דערגאַנגען. איר הערט, מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ, ווען איך האָב איצט אַ שפּיגל ביי זיך, וואָלט איך אַ בעלן געווען איר אַליין זאָלט זיך אָנקוקן, וואָלט איר געזען, אויב איר זייט איצט בכוח צו זען, אַז איר זייט איצט נישט ווייטער אַוועק פון דעם מיליציאָנער, וועלכן איר טאַדלט. איך האָב קיין מורא נישט אייך צו זאָגן, אַז דער מיליציאָנער, וועלכער האָט באַקומען דעם שפּיי אין פּנים פון דער אומגליקלעכער פרוי און האָט דערויף בלויז פאַר־שעמט אַ שמייכל געטון, אָפּווישנדיק זיך דאָס פּנים, איז מיר געווען סימפּאַטישער אין יענער מינוט פון אייך, וואָס איר פלאַמט אין הייליקן צאָרן קעגן דעם מיליציאָנער...

געזאָגט האָט ער דאָס אַזוי ווייך, געלאַסן און אַן ליידנשאַפט, נאָר איבערצייגנדיק, אַז עס איז מיר נישט שווער געווען צו טרעפן וואָס אַזעלכעס ער שטעלט פאַר מיט זיך: אויב די פרוי איז אַ ריכ־טערן, איז ער אַ פאַרטיידיקער אין געריכט... שפּעטער האָט מיר דאָס באַשטעטיקט אַ פּאַסאַזשיר, וואָס איז קעגן מיר געזעסן. זיי פאָרן איצט

אויף אן ארויספארסעסיע פון דזשאנקאיער קרייז־געריכט קיין קורמאן קימעלטשי. אויף דער דאזיקער באן־סטאנציע זיינען זיי ווירקלעך אראפגעגאנגען, ווערנדיק באגעגנט פון חברים. איך בין אויך געוואויר געווארן דורך דעם זעלבן פאסאזשיר, אז זי איז א לעטישע, אן ארבעטארן און א מיטגליד פון דער קאמוניסטישער פארטיי און אז ער, דער פארטיידיקער, איז אן אלטער באקאנטער מענשעוויק, וואס האט אויך פריער געארבעט אלס אדוואקאט.

בשעת דער געשפרעך איז פארגעקומען, האב איך נישט געהאט די מעגלעכקייט צו זען, וואס פאר אן איינדרוק דעם גוטמוטיקן אדוואקאטס געלאסענע נאר טיף טרעפנדיקע ווערטער האבן געמאכט אויף דער ריכטערן; געהערט האב איך נאר ווי זי האט קינסטלעך געלאכט און געזאגט:

— נו, מיכאיל סעמיאניטש, זייט איר דאס א מאדים אויף קאמפלימענטן.

— איך האב נישט געמיינט אייך צו באליידיקן, מאריא מיכאילאוונא — האט ער זיך פארענטפערט און ווייטער גענומען שפינען א געלאסענעם געשפרעך וועגן די איינגעווארצלטע פון דורות לאנג באציאונגען צווישן מענטשן, וועגן דעם אז דאס פאלק האט נאך נישט בצוויזן אומצובייטן זיינע אלטע געוואוינהייטן און נישט אזוי שנעל וועט ער זיי אומבייטן און דער מיליציאנער איז אויך נישט מער ווי א זון פונעם פאלק. ווי לאנג איז עס, אז אים אליין, דעם מיליציאנער, האט א צארישער גאראדאוואי געשלאגן איבער די פיסקעס אדער דערלאנגט מיט דער קאלבע אין הארצן בעת א שטרייק אדער בעת א פויערים־בונט?...

— אט טאקע דערפאר — כאפט אונטער די ריכטערן — דארף א מיליציאנער שטענדיק געדענקען, אז ער איז נישט קיין „גאראדאוואי", אז ער איז נישט עמיצנס א געוועזער, אז ער באלאנגט צום פאלק און פארשטיין אז די דאזיקע פרוי איז נישט קיין פארברעכערן, נאר אן אומגליקלעכע און אז די ראטנמאכט זארגט פאר אזעלכע פרויען זיי זאלן באקומען ארבעט און איבערדערצויגן ווערן. איר ווייסט, מיכאיל סעמיאניטש, דעם חילוק צווישן אייך און מיר? א י ך זוך א ו י ס צ ו ב ע ס ע ר ן די מענטשן און א י ר זוכט צו ב א ר ע כ-

טיקן זייערע פעלערן. אייערע אנשויאונגען, ווי עס זעט אויס, האב א היפשן חלק אין אייער פראפעסיע...

דאס אינטערעסאנטע געשפרעך האט זיך איבערגעריסן, ווייל מיר זיינען שוין צוגעקומען צו קורמאן קימעלטשי, וואו די ריכטערן און דער פארטיידיקער זיינען אפגעשטיגן. איך האב באקומען א חשק מיטצוגיין מיט זיי, בייזיין אויף דער געריכט־זיצונג, וואו אט די צוויי דיסקוטאנטן וועלן זיך צוזאמענקומען, זען צי וועט אט די ריכטערן, וואס ווענדט אן צוזאמען מיט דער ראטנמאכט אלע מיטלען אויף אפצוואשן אלע געזעלשאפטליכע מכות פארבליבענע פון דער קאפיטאליסטישער דעמאקראטיע אדער הפקרות, פארבליבענע און פארשארפטע אין די יארן פון חורבן און הפקר, אינעם בלוט און רויך פון מלחמה און פאגראמען — צי וועט אט די ריכטערן משפטן לויט דער גאנצער שטרענגקייט פון געזעץ און ווי וועט דער פארטיידיקער בארעכטיקן פארברעכן.

און אין דער אמתן — האב איך מיך געכאפט — איז דאך די ריכטערן נאר די פארטיידיקערן, זי פארטיידיקט די אומגליקלעכע פרוי, די בעטלערן, וואס די ראטנמאכט זארגט צו געבן איר ארבעט, אויב זי איז פעאיק; איבערדערציען, אויב זי איז פארדארבן און העלפן, אויב זי איז שוואך, דורך דער דאזיקער ארגאניזאציע, וואס רופט זיך „סאבעז" און וואס אירע אפטיילונגען געפינען זיך אין יעדן מינדסטן ישוב; שטרענג איז זי נאר צו זיך אליין, צו דער ראטנמאכט, צום ציליציאנער, וועלכער איז פון דער ראטנמאכט געשטעלט, אויסצוהיילן דאס לאנד פון די פארבליבענע מכות; און דער פארטיידיקער, דער מענשעוויק, וואס רעדט אין נאמען פון דער מארקסיסטישער לאגיק, איז דאך אין דער אמתן בלויז א העגעליאנער, וואס זאגט: אזוי איז עס, ווייל אזוי דארף עס זיין...

„אזוי איז עס, אזוי דארף עס זיין", „אזוי איז עס, אזוי דארף עס זיין", חזרן מיט מיר איין די רעדער פונעם צוג, קלאפנדיק אויף די רעלסן צום טאקט פון מיין געדאנק; נאר איך רעאגיר אויף זיך, איך ראנגל מיך ארויסצוראטעווען זיך פון אט דעם געדאנק, וואס האט זיך גענומען צו הילף דעם טאקט פון די רעדער אויף די רעלצן, איך ראנגל זיך ווי פון א קאשמאר ארויס און איך פארפיר א דיסקוסיע מיט זיך אליין:

„אַט די צוויי אינגלעך, למשל, די פאַרברודיקטע, באַרוויסע און אָפּגעריסענע, וואָס האָבן ביים רעסטאָראַן אין דזשאַנקאָי זיך אוועק־געזעצט אויף דער ערד און אויפגעפרעסן אַן אומצייטיקן אַרבוז, וואָס עמיצער האָט אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס, צי בכלל די אינגלעך פון דעם זעלבן מין, וואָס קומען צו צו אייך אויף די וואָקזאַלן, אין די רעסטאָראַנען און בעטן עטלעכע קאָפּיקעס, די פּאַרציע ברויט, וואָס איז אייך פאַרבליבן פון מיטיק, אַ פּרוכט און אפילו אַ פּאַפּיראָס. איך האָב זיי דאָך אַליין ווי די הינט געטריבן און דאָס האַרץ האָט מיר פאַרקלעמט דערביי אויף די מענטשלעכע קינדער, פאַרלוירענע פון זייערע מאַמעס, די קינדער פון די קאַשמאַר־יאָרן, און איינעם, גאָר אַ קליינינקן, האָב איך צוגערופן און געפרעגט: פון וואַנען ביזטו, ווער איז דיין מאַמע און ווער האָט דיך געשיקט בעטן? און דער קליינינ־קער האָט ציניש אַ קוק געטון אויף מיר, דעם גרויסן נאַרישן פעטער און האָט מיר אָפּגעמאָלן אַ פּזמון, אַן אָפּן ליגנערישע מעשה, און ערשט דעמאָלט האָב איך אים אַ שטויס געטון פון זיך: פּאַשאָל! אַזוי־ווי מען טרייבט אַוועק אַ הונט. און איך בין דאָך גישט קיין „גאַראָדאָוואָי”, נאָר אַ מענטש מיט אַ האַרץ וואָס טוט ווי אויף מענטשלעכן אומגליק... ווי אַזוי זשע דען האָב איך געזאָלט זיך באַגיין? אים געבן אַ פּאָר קאָפּיקעס, ער זאָל קויפן פּאַפּיראָסן, אים געבן אַ שטיקל ברויט און איינע פון די צוויי באַרנעס, וואָס איך האָב געקויפט און אויף וועלכע ער האָט אַזוי זשעדנע געקוקט, כדי ער זאָל ווייטער לעבן פון מענטשלעכן רחמנות אין הפקר און הפקרות, דעמאָלט ווען איך ווייס, אַז אין קינדער־הויז, אין דעם ציכטיקן לופטיקן הויז מיט זיין גרויסער אויפשריפט: „ק י נ ד ע ר — או נ ד ז ע ר צ ו ־ ק ו נ פ ט!” — אַז אין דעם קינדער־הויז וואַרט אויף אים אַ בעטל מיט ריינע ליילעכער פאַרצויגן, אַ געשמאַקער מיטיק און אַ לערערקע אַ געטרייע, אַ גוטע ווי אַ מאַמע און נאָך בעסער ווי אַ מאַמע, וואָס צוואָגט די קעפּלעך און בייט דאָס וועש...

און אָט איז דאָס אינגל מיטן פלאַקסענעם צעבאַרשטעטענעם קעפּל, וואָס האָט אינמיטן לויף פונעם צוג אַזוי געוואַגט זיך אָנגעכאַפּט פון הינטן און פלינק זיך אויסבאַהאַלטן אונטערן וואַגאָן.

— איר זעט אָט דאָס יאַטל? — האָט זיך אָנגערופן צו מיר איי־

נער אַ קאָלאָניסטישער בחור פון „קדימה", וואָס האָט מיך דערקענט אויף דזשאַנקאָיער וואָקזאַל, זעענדיק ווי איך שטיי אַן איינגעגראַבע־נער אויפן אָרט אין אַנגסט פאַרן גורל פון דעם קינד, — אָט דאָס יאַטל איז מסתמא אַמאָל צען שוין אַנטלאָפן פונעם קינדער־הויז: ווינטער האַלט ער זיך נאָך דאָרט, וואו וועט ער גיין אין קעלט און זאַווערוכעס, זומער אַנטלויפט ער; אַז מען כאַפּט אים, נעמט מען אים אַריין, מען וואַשט אים אַרום און מען טוט אים אָן, מען לערנט אים אָן אַרבעט. נאָר ער קען זיך דאָרט נישט איינהאַלטן, עס גיט אים באַלד אַ ציִ אינדרויסן און אין צוויי טעג וועט איר אים שוין נישט דערקענען.

הונדערטער טויזנטער קינדער אַזעלכע, היימלאָזע, קינדער פון דער גרויסער מהומה, קינדער פאַרבליבענע פון יענע יאָרן פון חורבן, פון הונגער, פון טויט, פון מגפות, זיינען אין די קינדער־היימען, אַדאַנק דער מלוכה־זאָרג און דער געזעלשאַפט „קינדער פריינט", די ריטער פון דער אַרבעט; היינט וואוינען זיי אין די חברשע צוזאַמענוואוינונגען; היינט טראָגן זיי אַרויס רעזאָלוציעס וועגן מלוכהשע פראַגן; נאָר פאַ־ראַן נאָך היינט אַ פּאָר טויזנט — אַזוי זאָגט מען — קינדער פאַר־וואָרלאָזטע אין די שטעט, אויף די וואָקזאַלן פונעם גרויסן אַלפאַר־באַנדישן רעלצן־געפלעכט, קינדער וואָס צעזשומען זיך אום זומער ווי די פליגן אויף די מיסטן...

אָך, ווי רייד איך דאָס אַזוי וועגן קינדער! אָבער ווער איז דען יענער בחור געווען, וואָס האָט זיך נעהאַט באַקוועם געמאַכט נעבען מיר אין וואַגאָן, בעת מיין ביינאַכטיקער נסיעה און דער באַן־באַגלייִ־טער האָט אים משלח געווען אויף דער ערשטער סטאַנציע, באַלד ווי ער האָט אים באַמערקט מיט זיין לאַמטערן, אַז נישט אַן אַרויסגע־וואַקסענער פון אָט די פליגן אויף די זומערדיקע מיסטן און ער האָט מיר דערביי געוואָרנט, איך זאָל מיך היטן פון גנבים, באַזונדערס, ווען מיר קומען צו צו אַ סטאַנציע?

איז ווי זשע האָב איך מיך באַדאַרפט באַציען צו אָט דעם „פּראָ־דוקט פון די אומשטענדן?"

וואָלט עס געווען ערגעץ אַנדערש, נישט אינעם ראַטנפאַרבאַנד, וואָלט איך אים צעפּאַטשט און דערנאָך וואָלט מיך פאַרדראָסן אויף מיר אַליין, וואָס איך האָב געפּאַטשט אַ פּחדניש נישטיק מענטשל, אַ

„פּראָדוקט פון די אומשטענדן"; נאָר דאָ, אינעם לאַנד, וואו די מלוכה טוט אַלץ, וואָס זי קען, אויף צו ענדערן די „אומשטענדן" און היילן זייערע „פּראָדוקטן", וואָלט איך דעם בחור אָן שום חרטה געשלאָגן ווי מען שלאָגט אַ הונט, ווי פּחדניש און נישטיק ער זאָל נישט זיין, מחמת איך ווייס, אַז די תפיסות אינעם ראַטנפאַרבאַנד זיינען אָנ־שטאַלטן פאַר איבערדערציאונג דורך אַרבעט, אַז דאָרט מאַכט מען די מענטשן מיט „אומבאַשטימטע פּראָפעסיעס" פאַר קוואַליפיצירטע אַר־בעטער און מען נעמט זיי דערנאָך אָן אין די פאַבריקן אויסער דער ריי, וואָס ווערט געפירט פון דער אַרבעטס בירזשע ביי די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַריינען.

און אָט דער אַלטער מיט זיין שטעכיק בערדל און נאָך שטעכי־קערע אויגן, וואָס מאַכט זיך תמעוואַטע און משוגע, וואָס האָט גע־פּרואווט אַרויפגיין, האָט שוין געהאַלטן איין פוס אויפן טרעפּל און ביים צוקומען פונעם באַן-באַגלייטער, זיך צעשמייכלט אַזוי קלוג און פאַרלוירן, נאָכגעבנדיק זיך זיין גורל, איז ער דען נישט יענער קליינינקער ציניקער אויף דער עלטער, וואָס דערציילט זיין פּאַרטיקן פּזמון די גרויסע נאַרישע פּעטערס, אָט דער וואָס איך האָב אים ווי אַ הונט אָוועקגעטריבן מיט אַ „פּאָשאָל"!... נאָר האָב איך דען נישט געקוקט אויף אים און עס האָט מיר געקלעמט דער ווייטיק פאַר... זיין פאַר־לוירענער מענטשלעכקייט?...

יאָ, אָט דאָס איז עס. פאַר דער פאַרלוירענער מענטשלעכער ווערדע טוט ווי דאָס האַרץ און צו מענטשן אָן מענטשלעכער ווערדע, קען נישט זיין קיין אַנדער באַציאונג ווי נאָר צו הינט...

אָבער גיין, אַזוי באַציען זיך צו דעם „מענטשלעכן אָפּפאַל" קען נאָר דער יחיד. די געזעלשאַפט אָבער? די געזעלשאַפט טראָגט די אחריות פאַר אַלע אירע יחידים און קוקט נישט אויף יעדן באַזונדער, נאָר אויף אַלע זיי, ווי אויף אַ טייל פון איר אייגענעם אָרגאַניזם. און אָט פאַרוואָס, הייסט עס, איך בין, מיט מיין גאַנצער פאַראַכטונג צו די אומווערדיקע, געווען אויף דער זייט פון דער ריכטערן — פּאַרטיי־דיקערן בעת איך דיסקוסיע מיט דעם פּאַרטיידיקער — באַרעכטיקער און געמיטלעכן פילאָזאָף.

און וואָס איז דען ד׳ באַציאונג צו די קרעמער און צו די הענד־לער. זיינען זיי דען נישט קיין אָפּפאַל דאָ אינעם ראַטנפאַרבאַנד? און האָט מיר דען אַן אָנגעזעענער דייטשער קאָמוניסט אין בערלין נישט געזאָגט, בעת איך האָב מיט אים גערעדט וועגן די פּראָבלעמען פון די דעקלאַסירטע: „נו, וועד דאַרף דאָס נעמען אין אַכט אָט די קלאַ־סע?" און אָט זעט איר דאָך, ווי די דעקלאַסירטע זיינען אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעם פאַר דער ראַטנמאַכט, וועלכע גיט אויס מי־ליאָנען יעדן יאָר אויף געזונט צו מאַכן די „קלאַסע" עקאָנאָמיש און סאָציאַל!

ווי האָט זי געזאָגט, די סאָוועטישע ריכטערן: דער חילוק צווישן מיר און אייך, איז דאָס וואָס איך זוך צו פאַרבעסערן די מענטשן און איר זוכט צו באַרעכטיקן זייערע פע־לערן.

איך בין שוין די נאַכט נישט געשלאָפן, נאָך פון דער דיסקוסיע מיט זיך אַליין, פון אָט די רעפלעקסן, בין איך אַרויסגעקומען אַ גע־שטאַרקטער, אַן אַנטשלאָסענער: דו פאַרסט איבער דעם ראַטנפאַרבאַנד איבער דעם לאַנד פון גרויסע געזעלשאַפטלעכע מעשים, פאַרשלים זשע דעם קוואַל פון דיינע יחידישע שטימונגען און געפילן און פאַרמאַך אויך דיינע חושים פאַר די טענות און קלאָגענישען פון די יחידים, פון די אַרויסגעפאַלענע און אָפּגעפאַלענע פון לעבן, באַטראַכט אָט די אַרויסגעפאַלענע און אָפּגעפאַלענע, ווי קראַנקע מענטשן, וועלכע מען מוז געזונט מאַכן, אָט ווי מען האָט געמאַכט פון די הונדערטער טויזנ־טער היימלאָזע און פאַרוואַרלאָזטע קינדער — ריטער פון דער אַרבעט.

איך שפּאַר אַריין די אויגן אין דער פינצטערער שויב פון וואַגאָן. איך וויל איבעררייסן די פּיינלעכע רעפלעקסיעס וועגן די באַציאונגען פון דער געזעלשאַפט צום יחיד און פונעם יחיד צו דער געזעלשאַפט, באַצי־אונגען, וואָס זעען אויס אַזוי פאַרשאַרפט, מחמת בעת דער יחיד איז נאָך מערסטנס פאַרבליבן דער זעלבער וואָס פריער, מיט אַלע זיינע געוואוינהייטן פון דער אַלטער געזעלשאַפט, איז די געזעלשאַפט אינעם ראַטנפאַרבאַנד אינגאַנצן אַ נייע, וואָס נעמט זיך ווירקן און דערציען אין איר נייעם גייסט דעם יחיד, און ער איז פאַרעקשנט, דער יחיד, אָדער ער איז צו שוואַך, פאַרעקשנט קעגן דער דערציאונג פון דער

נייער געזעלשאַפט און קעגן די מאַסמיטלען, וואָס זי באַנוצט דערצו און שוואַך קעננאיבער די אַלטע געוואוינהייטן און ניט פּעאיק אַראָפּצוטרעטן פונעם אַלטן איינגעטראַטענעם וועג, ווען אפילו דער דאָזיקער אַלטער וועג איז פאַרשאָטן מיט מיסט און מיט בלאָט און פול מיט זומפּיקע גריבער. און פון דעם פינצטערן דרויסן אַרויס, פון דער קרימער נאַכט, וואָס די שויב פאַרשטעלט פאַר מיר, שרייט אַריין צו מיר: ניי, ניי, אַ נייע וועלט!

— „ניי, ניי, אַ נייע וועלט!" — ענטפערן מיר די רעדער אויף די רעלצן און חזרן דאָס מיט מיר איין: — „ניי, ניי, אַ נייע וועלט!"

## *26*

סימפעראָפּאָל! איך האָב שטאַרק חשק אַראָפּצוגיין דאָ, באַקענען זיך מיט דער הויפּט-שטאָט פון דער קרימער רעפּובליק און מיט דעם צענטער פון דער אידישער אַרבעט אין קרים. נאָר מיין צייט דערלאָזט ניט, מיין צייט איז באַשרענקט. מיינע חברים וואַרטן אויף מיר אין אָדעס.

פונדעסטוועגן נוץ איך אויס דאָס פערטל שעה וואָס די באַן שטייט דאָ און גיי אַריין אין בופעט אויפן וואָקזאַל. עס איז נאָך האַלבער נאַכט, נאָר אין בופעט איז גאַנץ לעבעדיק.

איך טרעף דאָ דעם פאַרשטייער פון „קאָמערד" אין דזשאַנקאָי, מיט זיין פרוי און קינדער.

ניין, ס'איז ניט קיין פאָרורטייל ביי מיר קעגן אים, נאָר איך האָב פאַר מיר געזען אַ טשינאָווניק מיט זיין פאַמיליע. איך האָב מיך ניט געלאָזט באַמערקן פון אים, נאָר צוגעקוקט האָב איך מיך צו דער דאָזיקער פאַמיליע. זי לעבט, די פאַמיליע, דאָס אַלטע קליינבירגערלעך לעבן, זויגנדיק די סאָקן פון דער אַרבעט אין דער נייער געזעלשאַפט. זי לעבט און געדייעט אין דעם קאָנפאָרט, וואָס זי האָט אַלס מוסטער גענומען פון דעם פריץ, פונעם גביר און לעבט אויך מיט די אידעאַלן, ב'מיין צו זאָגן, מיט די באַגריפן פון דעם פריץ און גביר, וואָס זי האָט

זיך פאר אן אידעאל געמאכט. אט קוקט אן די קינדערלעך פון דער דאזיקער פאמיליע: ליאלקעלעך, וואס פישטשען ווי די פויגעלעך: „פאפאטשקא", „מאמאטשקא"...

מיר האט זיך דערמאנט הערבערט אועלס ראמאן „די צייט־מא־שין", וואו עס ווערט געשילדערט די צוקונפט פון דער געזעלשאפט, אין וועלכער די קלאסן האבן זיך אנטוויקלט יעדער אין זיין ריכטונג, ביז די ארבעטער זיינען פארוואנדלט געווארן אין בלינדע ווערים־ארטיקע מעכאניקער אונטער דער ערד און די בורזשואזיע — אין ליאלקעלעך, וואס פירן ליבעס אויף די גרינע לאנקעס, צווישן אלטע קאנפארטאבלע פאלאצן; ליאלקעס, וואס דרייען זיך אום אויף די לאנקעס אן זארג, ווי די קעלבעלעך, וועלכע ווייסן אפילו נישט פון דער געפאר, וואס לויערט אויף זיי מצד דעם קצב...

און אט דער טשינאווניק — האב איך מיר געטראכט — איז דאך אוודאי א קאמוניסט, האט דאך מסתמא א פארטיי־בילעט. איז ווי דענקט ער אין דער אמתן וועגן דער צוקונפט פון זיינע קינדער? גרייט ער זיי פאר מיטגלידער פון דעם ביוראקראטישן קלאס, וואס שאפט זיך אינעם ראטנפארבאנד, אויב מען זאל אים באצייטנס נישט אפ־האקן די פליגלען און אויסשניידן די אנטוויקלונגס־דריזן? גרייט ער זיין אינגעלע פאר א טשינאווניק און זיין מיידעלע פאר א טשינאווניקס ווייבעלע?...

שוין שטייענדיק אין וואגאן און זעענדיק שווינדן פון מיר אלץ ווייטער דעם סימפעראפאלער וואקזאל, קומט מיר אויפן געדאנק אלס טרייסט די סאוועטישע שול, וואס איר אויפגאבע איז צו זיין: „א גע־ווער פאר דער פולשטענדיקער פארניכטונג פון דער קלאסן־צעטיילונג אין דער געזעלשאפט, א געווער פאר דער קאמוניסטישער איבערגע־בורט פון דער געזעלשאפט", דאס וואס דער קליינבירגערלעכער „פאפאטשקא" און זיין ווייבעלע די „מאמאטשקא", מאכן קאליע אין דער היים, וועט די סאוועטישע שול פאריכטן, זי וועט פון די ליאלקעס אויסשמידן און אויסהארטעווען מענטשן, בויער און קעמפער. מיר דער־מאנט זיך דאס בילד פון דעם ריידל קינדער אין דניפראפעטראווסקער גארטן מיט זייערע פארברוינטע האלב־נאקעטע קערפערלעך, וואס האבן דעקלאמירט פון לעניגען און בודיאני. — אקטיאבר־קינדער רופט מען

זיי. און עפּעס איז דאָך די סאָוועטישע בילדונג אַ פּאָליטעכנישע, נישט נאָר גלאַט אַן אַלגעמיינע און אַ וועלטלעכע, נישט נאָר איז זי אַן אַרבעט־שול, אין דעם זין פון איר פּעדאַגאָגישן מעטאָד, נאָר אַ שול, וואָס באַקענט די קינדער טעאָרעטיש און פּראַקטיש מיט אַלע הויפּט־צווייגן פון דער אינדוסטריע, ווי עס האָט מיר אויפגעקלערט דער חבר ברוך שוואַרצמאַן, בעת איך בין געווען אין מאַלאַכאָווקע...

בולגאַנאַק, אַלמאַ, באַכטשיסאַראַי, בעלבעק, מעקענזיעווי גאָרי, נעמען פון באַן־סטאַנציעס און שטעטלעך, וואָס זיינען אַזוי באַרימט פון די רייזע־איינדרוקן, וואָס איך האָב אַמאָל געלייענט פון קרים. און אָט פאָרן מיר צו צו סעוואַסטאָפּאָל.

ס'איז פיר אַזייגער פאַרטאָג, נאָר די נאַכט איז נאָך געגוג בלוי, אַז אין איר זאָלן שאַרף גלאַנצן די פייערלעך אויפן באַרג, וואָס מאַכט סעוואַסטאָפּאָל אַזוי ענלעך צו דער בראַזיליאַנישער האַפנשטאָט באַהיאַ, ווי צו אַנדערע האַפנשטעט, וואָס האָבן אַן אייבערשטן און אַן אונטערשטע שטאָט, איינע אויפן באַרג וואָס הויבט זיך אַרויס פונעם ים און אַ צווייטע אין דער נידער, ביים האַפן. די אויבערשטע איז פעס־טונג, די אונטערשטע איז האַנדל און פּאַרקער, שיפבוי און פּראָמענאַדע.

פון סעוואַסטאָפּאָל גייט אַ שאָסיי־וועג ביז פעאָדאָסיע, איבער וועלכן עס פירן גאַנץ באַקוועמע אָמניבוסן מיט דעם אַזוי גערופענעם קרימער דרום־ברעג, דורך באַידאַרי, אַלופּקאַ, יאַלטאַ, אַלושטאַ, אוס־קיוט, סודאַק. זייער אַ פאַרפירערישע פּערספּעקטיוו. און ווי קען זיין אַנדערש? צו וואָס קומט מען קיין סעוואַסטאָפּאָל, אויב נישט כדי צו פאָרן פון דאַנען צו די פּליאַזשן פון אַלופּקאַ און יאַלטאַ? און אַזוי האָט טאַקע פאַרשטאַנען דער טרעגער, וואָס האָט אַרויסגעטראָגן מיינע וואַליזעס פון וואַגאָן. ער האָט זיי גלייך צוגעטראָגן צום אָמניבוס, וואָס גייט קיין יאַלטאַ. און אַז איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וויל בלייבן אין סעוואַסטאָפּאָל און זוך אַ האָטעל, איז עס ביי אים געווען אַ שטיקל חידוש.

אין סעוואַסטאָפּאָל קען מען טרינקען אַ גוטע גלאָז קיאַכעטינער וויין, קאַווקאַזער „מאַדיירא” און „אָפּאָרטאָ”, עסן אַ גוט צוגעגרייטן שאַשליק, נאָר באָדן זיך, איז דאָ נישט אַזוי באַקוועם, קיין פּליאַזש איז דאָ נישטאָ, מען באָדט זיך ביי די „קופּאַלניעס” (באָד־צימערן).

פונדעסטוועגן איז מיר שווער געווען צו באַקומען אַ האָטעל אין סעוואַסטאָפּאָל. איך האָב געוואָלט אויפזעצן זיך אויף אַ דראָזשקע, נאָר דער טרעגער בעט זיך ביי מיר איך זאָל אים געבן צו פאַרדינען, ער וועט מיר צוטראָגן מיינע זאַכן דאָ נאָנט צו אַ האָטעל, וואו מען קען קריגן אַ שיינעם צימער. דער „דאָ נאָנט" האָט זיך אָבער געצויגן גאַנץ ווייטלעך; ער האָט מיך געפירט איבער די ביינאַכטיקע ליידיקע גאַסן אַ מינוט צען. אַנגעקלאַפּט אין אַ האָטעל, פון וואַנען מען האָט געענטפערט, אַז אַלע צימערן זיינען פאַרנומען, זיינען מיר אַוועק צו אַ צווייטן האָטעל, וואו מיר האָבן באַקומען דעם זעלבן ענטפער. ערשט דאַן האָט מיר דער טרעגער פאָרגעשלאָגן, אַז אויב איך וויל, וועט ער מיך צופירן צו זיך אַהיים, וואו ער האָט אַ גאַנץ וואוילן צימער. ווען איך האָב גענומען קוקן אויף אים מיט חשד און אומצופרידנקייט, האָט ער זיך פּלוצלינג אַנגערופן צו מיר:

— ווי יעווריי? יאַ טאָזשע יעווריי (איר זייט אַ איד, איך בין אויך אַ איד). כאָטש קיין אידיש קען ער נישט.

געמיינט האָט ער דערמיט אַרויסרופן מיין צוטרוי צו אים, נאָר אַז איך האָב אַלץ געצווייפלט און איך האָב אים בפירוש געזאָגט, אַז איך קען אַ סך אידישע שווינדלער, איז ער ביי זיך שטאַרק אַראָפּגעפאַלן און ער האָט מיר גענומען דערציילן, אַז בסך הכל איז ער אַ שוסטער, זיין טאַטנס טאַטע האָט נאָך דאָ געאַרבייט שוסטעריי, געווען אַ ניקאָלאַיעווסקי סאָלדאַט און איז דאָ פאַרבליבן נאָך דער קרימער מלחמה, ווען נאַפּאָלעאָן מיט די ענגלענדער האָבן באַזעצט סעוואַסטאָפּאָל. איצט איז אָבער קיין פּרנסה נישטאָ, גייט ער אַרויס ביינאַכט, ווען דער צוג קומט אָן, כאַפּן אַ פאַרדינסטל ביי טרעגעריי און קריגן אַ גאַסט. ער האָט מיר פריער נישט אָנגעבאָטן זיין גאַסט־צימער, ווייל ער האָט זיך נישט דערוועגט...

אַ שוסטער, אַ זון פון אַ ניקאָלאַיעווסקי סאָלדאַט, מיט אַזוי פיל געוויסן און מיט אַזאַ באַשיידענער מיינונג וועגן זיין גאַסט־צימער, האָט ער שוין געהאַט מיין פולן צוטרוי און איך האָב ווידער גענומען שמועסן מיט אים איבער די פוסטע פאַרטאָגיקע סעוואַסטאָפּאָלער גאַסן צו אים אַהיים. ער, אונטער דער משא פון מיינע וואַליזעס און איך, אונטער דער משא פון מיין געוויסן: אַלע מיינע יאָרן פון קיינעם זיך

נישט געלאָזט באַדינען, פיינט געהאַט פּריצים און פּריצישקייט, גע-
האַסט די וואָס לאָזן זיך נאָכטראָגן און אויך די וואָס לעבן פון נאָכ־
טראָגן, און אַט בין איך אין אַ סאָוועט־רוסישער שטאָט, שפּאַן ווי אַ
פּריץ אָדער נאָך ערגער ווי אַן אַמעריקאַנער אַרויפגעאַרבעטער גראָבער
יונג און הינטער מיר טראָגט מיינע זאַכן אַ מענטש, וואָס האָט ביי
מיר אַזוי פיל סימפּאַטיע צו זיך דערוועקט. איך נעם ביי אים איינע
פון מיינע וואַליזעס צום טראָגן און מיר איז געוואָרן גרינגער; נישט
אַ פּריץ מיט זיין דינער גייען שוין איבער די פּאַרטאָגיקע גאַסן פון
דער דאָזיקער סאָוועטישער האַפנשטאָט, נאָר צוויי גלייכע מענטשן און
איך דאַרף מיך שוין נישט אָנשטרענגען צו ריידן מיט אים אַזוי, אַז
ער זאָל זיך פילן היימיש.

מיר גייען אַריבער אַ בריקל איבער דעם קאַנאַל, וואָס שניידט
זיך אַריין אין שטאָט און דינט אַלס שוץ פאַר די שיפן און באַלד טאַקע
אויף דער גאַס, וואָס רופט זיך „קאַראַבעלנע", וואָס דאָס מיינט שיף־
גאַס און באַווייזט, אַז זי ציט זיך לענג אויס דעם האַפן, גייען מיר
אַריין אין „האָטעל", וואו דער אידישער שוסטער, וואָס קען קיין אידיש
נישט, איז באַלעבאָס און טרעגער. דאָס האַלב־טוציקע געזינדל איז
שוין אויפגעוואַכט און דאָס קלענסטע שרייט אויף די הענט פון דעם
עלצטן, אַ מיידל פון אַ יאָר דרייצן; דאָס קליינע וויל צו דער מאַמען,
וועלכע איז שוין אַוועק צו דער אַרבעט. זי איז אַ וועשן — דערקלערט
מיר דער פאָטער, איבערגעבנדיק מיר דעם שליסל פונעם צימער. ער
גייט אַוועק און זאָגט אַן דעם מיידל זי זאָל נישט לאָזן דעם קליינעם
שרייען, ווייל עס איז דאָ אַ גאַסט, נאָר דאָס קלייניקנקע געוואַלדעוועט
וואָס ווייטער אַלץ העכער, צו דער פאַרצווייפלונג פון זיין שוועסטער.

איך האָב געדרעמלט און נישט געדרעמלט, נישט אַזוי דערפאַר
וואָס דאָס קינד האָט געשריגן, נאָר מער דערפאַר וואָס אין מיר האָט
געשריגן. פּאָפּער, קומסט אין אַ שטאָט אויף אַ האַלבן טאָג און לייגסט
זיך שלאָפן! ביזט ביים שווארצן ים, גיי טוק זיך אונטער אין זיין
טונקעלן קרישטאָלענעם וואַסער! געפינסט זיך צופוסנס דעם היסטאָ־
רישן באַרג, וואו ניקאָלאַיעווסקי סאָלדאַטן האָבן אין משך פון פינף
און דרייסיק חדשים נישט געלאָזט לאַנדן דעם פראַנצויזיש־ענגליש-
טערקיש־פּיאַמאָנטישן דעסאַנט און דערמיט זיך געקויפט דאָס רעכט

צו בלייבן דאָ אַרבעטן שוסטעריי, גיי קלעטער אַרויף אויף אים!

און אַט שפּאַן איך מיט דער גאַס באַרג אַרויף. אַ גאַס באַרג אַרויף, ווי אַלע פון דעם מין אין די באַרג־שטעט, אַ קיילעכיקע, אַן אויסגע־קרומטע, כדי לייכטער צו מאַכן דאָס גיין, וואו איר ווערט פּלוצים איבעראַשט פון אַן אויטאָ, וואָס פליט אויף אייך, ווי ער וואָלט אויף אייך געלויערט פון אַ באַהעלטעניש. נאָר דאָס לויפט גאָר אַ טעליעגע און שלאָגט אָפּ די פערדישע פיס וואָס פאַרהאַלטן זי באַרג אַראָפּ.

מיט דער גאַס, וואָס האָט בלויז פון איין זייט הייזער, אין באַרג איינגעשטעקטע, און פון דער אַנדערער זייט אַ פּאַרקן אַ שטיינערנעם, דערזע איך אינעם פּאַרקן אַ שמאָל געסל אַראָפּ. איך לאָז מיך גיין מיט דעם געסל, טרעף אַן אויף טרעפּ און זיי פירן מיך אַלץ טיפער און טיפער ביז איך בלייב שטיין פאַר אַ גרויסן געפלעכט פון רעלצן, דאָ איז אַ גרויסער ווערפט, אַ שיפבוי פּלאַץ ביים ים. דאָ בויען זיך די שיפן פונעם שוואַרץ־ימיקן פלאָט. איז אָט וואָס סעוואַסטאָפּאָל שטעלט מיט זיך פאָר פאַר דעם ראַטנפאַרבאַנד!

און נישט נאָר אַ שיפבוי־פּלאַץ, נאָר טאַקע אַ סטראַטעגישע באַזע. די אידעאַלן פון די אימפּעריאַליסטישע מלוכות האָבן זיך גאַנץ ווייניק געביטן אין משך פון די דורות; ים זוכן זיי און דורך די ימים־איינפלוס און מערק און אונטערערדישן רייכטום. האָבן זיי שוין דעם באַלטישן ים צוועקגענומען און צוזאַמען מיט אים דעם איינפלוס אויף פינלאַנד, עסטלאַנד, לעטלאַנד און ליטע, אָפּשניידנדיק זיי פון רוסלאַנד. דורך פּוילן, רומעניע, בולגאַריע און טערקיי זוכן זיי צו באַהערשן דעם שוואַרצן ים און אָנכאַפּן זיך פאַר אָט דעם קרימער האַלב־אינדזל, וואָס הויבט זיך אַרויס ווי אַ פעלז פונעם ים, כדי פונדאַנען צו באַהערשן קאַווקאַז און זיינע רייכטימער און אָפּשניידן פאַר רוסלאַנד יעדן קאָנ־טאַקט מיט דער נאָנטער אַזיע. האָט דאָך שוין נאָפּאָלעאָן איינמאָל אָנגעכאַפּט רוסלאַנד פאַר אָט דעם שטיצפּונקט און האָט אים אָפּגע־לאָזט ערשט דעמאָלט, ווען אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין טאַטנס עקשנות און געלאָזט איינשפּאַרן רוסלאַנדס שיפן אין שוואַרצן ים. און פאַרוואָס איז דען רוסלאַנד אַריין אין דער וועלט־מלחמה בשותפות מיט ענגלאַנד און פראַנקרייך, אַז נישט פאַרן צוואַנג צו עפענען פאַר איר דעם אַרויסגאַנג פונעם שוואַרצן ים, כדי

זי זאָל קענען באַהערשן די באַלקאַן־לענדער און האָבן אַ פּוס דורכן מיטללענדישן ים צו אַזיע!... און פּאַרוואָס שלאָגן זיך דען איצט, אין „פרידן־צייט“, די אימפּעריאַליסטישע מלוכות צווישן זיך, אַז נישט פאַר דער הערשאַפט אויף די ימים און צוזאַמען דערמיט אויף די לענדער וואָס באַזוימען זיי! אַהאַ! מען דאַרף אים היטן, דעם ים, פאַר אָט די וועלט־רויבער.

ווי איך גיי אַזוי איבער דעם פּלאַנטער פון די רעלסן אַ פאַרטראַכטער און אַ באַזאָרגטער פאַר דער זיכערקייט פון די ימים פאַר דעם ראַטנפאַרבאַנד, שטעלט מיך אָפּ אַ רויטאַרמייער מיט אַ ביקס אויפן אַקסל, וואָס גייט דאָ אום אויף דער וואַך:

— דאָ טאָר מען נישט גיין!

— און איך האָב געמיינט, אַז דער וועג פירט מיך צום האַפן.

— איר דאַרפט גיין אַרויף איבער אָט די טרעפּ און דערגאָך מיט דער סאַראַבעלגע. פון דאָרט פירט אייך אַ טראַמוויי גלייך צום האַפן.

איך האָב מיך געקאַנט פאַרענטפערן, אַז איך בין אַ פרעמדער; נאָר הויב זיך אָן — האָב איך מיר געטראַכט, — גלייבער, אַז מען איז דאָ נישט קיין פרעמדער; ווער ווייס צי מען וואָלט מיך נישט אַרעסטירט פאַר שפּיאָנאַזש.

איצט דאַרף איך מיך נאָך אויסבאָדן אין שוואַרצן ים. און דאָ מאַך איך שוין אַ נסיעה איבער דער אונטערשטער שטאָט, איבער גלייכע פריילעכע גאַסן, אָפענע צו זון און צו ים. איך גיי אַריין אין אַ גרויסן שיינעם פּאַרק, וואָס האָט זיך זיינע בענק און זיינע ווינקלען פאַר פאַרליבטע, זיינע ברייטע זאַמדיקע וועגן און לאָנקעס פאַר די שפּילנדיקע קינדער, זיינע בופעטן פאַר ליבהאָבער פון שאַשליק און קיאַבענינער וויין, זיינע פאַרוויילונגס־פּלעצער פאַר ספּאָרט־יוגנט און אַ וועג אין שטיין אויסגעהאַקט אַראָפּ צו דער טעראַסע פון די „קופּאַלניעס“ (באָד־צימערן).

אויב איר האָט ווען געפילט דעם פאַרגעניגן פון אַריינוואַרפן זיך אין די ים־כוואַליעס און זיך הויבן צוזאַמען מיט זיי און דער פאַרגעניגן האָט אייך געפעלט אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן, וועט איר מסתמא פאַרשטיין מיין פרייד און וועט מיר מסתמא אויך מוחל זיין וואָס איך

דערציילט איך אַזעלכע קלייניקייטן. איך וואָלט אָבער אויך געוואָלט איר זאָלט צוזאַמען מיט מיר פילן די פרייד פון באַטראַכטן די בראַנד־ווענע סטאַטועץ־קערפּערס פון די מענער און פרויען, פרייע פאַר זון און פאַר ווינט, פאַר זאַמד און פאַר וואַסער, פאַר די פיר עלעמענטן פון וועלכע די וועלט באַשטייט, לויטן „ספר הבריה", און צוזאַמען מיט מיר זיך איבערטראַגן אין געדאַנק צו אַ נייער וועלט פון קערפּערלעכער שיינקייט, צו וועלכער עס פירט דער נייער שטייגער אין סאָוועט רוס־לאַנד, דער שטייגער פון אַרבעט און רו, וואָס זייער זין איז — פולקאָמענהייט. ספּאָרט, קערפּערלעכע אַנטוויקלונג איז דאָ נישט אַ באַשעפטיקונג פאַר בורזשואַזע ליידיקגייער און נישט אַ פּרנסה־זאַך, ווי אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, נאָר — קולטור.

פאַרנדיק אויף די באַנען, וואָס לויפן צווישן מאָסקווע או סעוואַסטאָפּאָל און צוריק אין די חדשים פון אורלויב, ווען די אַרבעטער און אַרבעטערנס פאַרלאָזן די פאַבריקן און די אַנגעשטעלטע, מענער און פרויען, פאַרלאָזן זייערע ביוראָס, כדי דורכצונעמען זיך מיט לופט און זון, מיט ים און זאַמד, זעט איר זיי, די צוריקפאָרנדיקע, ווי זיי דעמאָנסטרירן, ווי ווייט ס'איז מעגלעך, דעם בראָנז פון זייערע קערפּערס. איך האָב שפּעטער געזען דעם דאָזיקן קולט אויך אויף די פּליאַזשעס און דאַטשעס און אין די אָפּרו־הייזער פון אָדעס, וואו איך האָב פאַרבראַכט איבער אַ חודש אין סאַמע באָד־סעזאָן.

איך האָב גענומען ביי סעוואַסטאָפּאָל, ביי אָט דער היסטאָרישער און שיינער שטאָט, פול מיט גרינס און ווייסקייט אין אירע בייטאָגן און בלוי מיט גאָלד פון די פייערלעך אין אירע ביינאַכטן, אַלץ וואָס איך האָב געקענט פאַרנעמען ביי איר פון פיר אַזייגער פאַרטאָג ביז דריי אַזייגער נאָכמיטיק און אָט בין איך שוין אויף דער שיף „רעסעל", וואָס גייט באַלד אָפּ קיין אָדעס.

מיין „האָטעל־אייגנטימער" האָט מיך אָרנטלעך באַגלייט ביז דער שיף און איך האָב זיך געזעגנט מיט אים, מיט אָט דעם סאַטיע, וואָס האָט גאַניץ גוט געקענט זיין אַ פישער, פּונקט ווי יענער סאַטיע ביי פּרצן, וועלכער איז זיך מוסר נפש צוליב פיש אויף יום כיפּור. ביי דעם סעוואַסטאָפּאָלער סאַטיע, וועלכער ציט זיין פּרנסה פון שוסטריי

און טרענעריי און זיין ווייב גייט וואשן פרעמדע וועש, האט אידיש־קייט געהאט אפילו אן אנדער טייטש — ארנטלעכקייט, וואס ער האט געירשנט פון זיין ניקאלאיעווסקן טאטן און איך בין צופרידן, וואס צעבו־רעכנדיק ביי אים דעם דאזיקן באגריף מיט מיין אנמערקונג וועגן אידן שווינדלער, איז אים פארבליבן אלס פאנצער פאר שווינדל זיין ארנטלעכע פרנסה.

זיי געזונט, דו ליבער סאטיע פון סעוואסטאפאל!

27

די שיף „רעסל", כאטש זי מאכט איר „רייס" אויפן ים, פון באַ־טום ביז אדעס, איז זי גיכער ענלעך צו די וואס קורסירן איבער די טייכן. אין איין טאג אדער אין אנדערהאלבן, מאכט זי דורך דעם גאנצן וועג און זי האט נישט דעריבער קיין באזונדערע באקוועמלעכקייטן פאר די פאסאזשירן: קאיוטעס, געלעגערס, און דער עולם בלייבט אויפן דעק. די גאנצע צייט פון דער נסיעה — אויפן דעק.

ווען איך בין ארויף אויף דער שיף, איבער דעם ברייטן און פעסטן היל־צערנעם „פאדמאסט" פון טרוקענעם ליים־קאליר, וואס האט זיך געבאדן אין דער זון, האב איך שוין געטראפן א גרויסן עולם אויפן דעק, צווישן זייער געפעק, קאסטנס, קלומקעס און וואליזעס.

אמערסטן האט זיך צווישן דעם עולם געווארפן אין די אויגן א טרופע ארטיסטן, וועלכע האט לעבהאפטיק זיך געזעגנט פון דער שיף אראפ מיט די באגלייטער. אז דאס זיינען ארטיסטן, האט איר געקענט דערקענען פון ערשטן אויגנבליק. די פרייקייט פון זייערע באוועגונגען, דער געמיש פון דערפארונג און באהעמישער זארגלאזיקייט אויף די פנימער ביי די מענער און דער געמיש פון ווייבלעכקייט און עמאנצי־פירטקייט אין דער גאנצער באנעמונג פון די פרויען; זייער עקסטרא־וואגאנטע קליידונג: א ווייבער אייראפעאישער הוט — דער איינציקער אויף דער שיף א חוץ מיינעם — א מארינארקע מיט לאצן — שוין זייער אן אלטע, נאר דאך אייגנארטיק — א ספארט־העמד, וואס דעקט אויף דאס האַרץ און א שטעקן אויפן אָרעם, דאס אלץ האט געשריגן: אקטיארן, בפרט אז דאס געזעגנען זיך איז געווען אזוי לעבהאפטיק

אַקטיאָריש: פּעסטער דעמאָנסטראַטיווער דרוק פון די אייגענע הענט ווי ביים עמאָציאָנירטן גריסן דעם „פּובליקום" און פאַרנויגונגען ווי אויף דער בינע און צווישן דעם אַלעמען ווינטשעוואַניעס פון דערפאָלג.

אַז אַ זיכערע העלפט פון די אַקטיאָרן זיינען אידן, האָט איר אויך געקענט דערקענען, ווי ווייניק מענטשן־קענער איר זאָל נישט זיין. וואָס דען איז ער אַז נישט אַ איד, אָט דער מיטלוואוקסיקער בויגעוור־דיקער ברונעט, בויגעוודיק ווי דאָס טונקעלע געצאַצקעטע יאַמשענע שטעקעלע, מיט וועלכן ער שפּילט זיך און מיט זיין שמייכעלע פון אַ געזיכערטן מיט דערפאָלג ביים שיינעם געשלעכט? און אָט יענער, וואָס זעט אויס דער געשעפטסמאַן פון דער טרופּע, כאָטש ער איז נאָך גאָר אַ יונגערמאַן; אַ מין חשבונדיקע זאָרג ליגט ביי אים אויפן פּנים, וואָס מאַכט אים אויסזען ווייניקער אַרטיסט פון אַלע אַנדערע. זיין ווייבל אָבער, די שטיפערקע, וואָס קלאַמערט זיך אָן זיין לינקער האַנט, בעת ער גריסט מיט דער רעכטער פון שיף אַראָפּ, אַ ברעו, מיט אַ קאָפּ רויטע אויפגעשויבערטע האָר ווי ביי די ליאַלקעס, וואָס איך האָב געזען אין די פּאַריזער שויפענצטער, אָ, זי איז אַן אַקטריסע, אַן אַקט־ריסע אַ ברעו! און איז אַן אַקטריסע אַן עכט ר ו ס י ש ע; זי איז קליין, נאָר די אויגן ז י י נ ע ן  ג ר ו י ס אַמווינציקסטן זעט איר אויף איר פּנים ווייבלעכקייט, נאָר דערפאַר עקשנות, וואָס דערמאָנט אייך אַגלאַיאַן אין דאָסטאָיעווסקיס „אידיאָט", אַן עקשנות, וואָס מאַכט זי אויך ווייבלעך אינטערעסאַנט און רייצנדיק. און אַ צווייטע אַ רוסישע, נאָך קלענער פון דער ערשטער, נאָר אַ מין ליכטיקייט אויף איר פּנים, ווי די זון וואָלט איר בלאָנדן קאָפּ אויסגעקליבן בלויז אויף אים צו שטראַלן און דאָס שפּאַרן די שטראַלן פון איר פּנים אַרויס. די פרייד פון דער טרופּע מוז זי זיין; די „נעלי", אפשר, וואָס אָט אַ יענער דיקלעכער פּאַיאַץ פון דער טרופּע ווערט פאַר איר משוגע, אָדער די „קאָנסועלאָ", אַרום וועלכער עס דרייט זיך די ליבע פון מענטשן און געטער, פון אויסוואורפן און זשענים.

ביים באָרט אויף אַ בענקל האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ אידיש פּאָר פּאָלק. אַך, ווי דאָס ווייבל איז מקנא די אַקטריצעס! זי ציט אַראָפּ דעם דעקאָלטע פון איר קאָפּטל וואָס טיפער, זי פאַרלייגט אַ פוס איבער אַ פוס און כאַפּט אַ באַהאַלטענעם קוק צי עס זעט זיך אַרוים גענוג

נאקעטקייט, זי נעמט איר מאַן אונטערן אָרעם און טוליעט זיך צו אים, צו דעם נישט געוואוינטן דערצו און נישט באַקוועם זיך פילג־ דיקן מאַן, און אויפן פּנים ביי איר ליגט די אנגסט, די אנגסט פון געמפּער קנאה.

דער מאַן, אינגאַנצן אַ זומערדיקער, אין „טשע־סו־טשאַ" פון קאָפּ ביז די פיס, רעדט מיט אַ צווייטן אידן, וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן באָרט. עס דערפליען צו מיר אידישע ווערטער:

— וואָס דערציילט איר מיר? אַז איך זאָג אייך, אַז מען קען מאַכן, ווייס איך וואָס איך זאָג...

ער פילט דערביי די נישט באַקוועמלעכקייט דערפון וואָס זיין ווייב האַלט אים צו די האַנט, מיט וועלכער ער איז געוואוינט צו באַפעסטיקן זיינע רייד און אַזוי ווי די האַנט דינט אים איצט נישט ווי געהעריק, באַפעסטיקט ער זיינע ווערטער מיטן קאָפּ און מיט די אויגן, אָן וועלכע איר וואָלט אבסאָלוט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט, וואָרום דאָס וואָס ער זאָגט מיט די אויגן, קען מען מיט ווערטער נישט אַרויסזאָגן.

איך פאַרשטיי פון דער קורצער פראַזע, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ געשעפטל, וואָס מען דאַרף עס דורכפירן אויף אַ נישט כשרן אופן און איך פאַרקוק מיך ערגעץ אַנדערש. איך בין דאָך נישט קיין דע־ טעקטיוו!

דער עולם איז אַ פאַרשידנאַרטיקער; עלטערע שטאָטישע רוסישע און אידישע ווייבער געזעגענען זיך מיט טעכטער און די טעכטער האַלטן קינדער נעבן זיך. מאָדנע, מיר דאַכט זיך אַז ס'איז אַזאַ קליינער חילוק צווישן זיי. די שטאָט גלייכט אַלעמען אויס. די דאָרפישע אוקראַאינקע און די קליינשטעטלדיקע אידישקע האָבן זיך אין שטאָט דערנענטערט און עס שאַפט זיך פון זיי ביידן אַן אַלגעמיינער טיפּ, וואָס ווערט אַלץ אַלגעמיינער אין זייערע טעכטער און נאָכמער אין זייערע אייניקלעך. אין דער אויסשפּראַך נאָר הערט זיך נאָך אַ חילוק: די אוקראַאינקעס ריידן רוסיש נאָך אַלץ אַזוי געמיטלעך און מיושבדיק, אַז מען קען יעדע זילבע אויסטיילן און די אידישקעס כאַפּן: פון נערוועזיטעט, צי פון וועלן באַווייזן, אַז „מען רעדט רוסיש ווי אַ וואַסער".

די טאָטערן טיילן זיך אויס זייער שטאַרק. אַ מין נישט געזונטע

גלויקייט ליגט אין זייער טונקלקייט. די טאַטערישע קינדער זיינען אַזוינע שוואַכע. די אידישע זיינען קעגן זיי גבורים.

עס שטייען ביים באַרט צוויי טאַטערישע קינדער, אַ מיידעלע פון אַ יאָר צען און אַ אינגל פון אַ יאָר אַכט, פאַרפּוצט צוליב דער נסיעה, אין זייערע יום־טובדיקע מלבושים, וואָס זיינען מיניאַטורעס פון דער געוויינלעכער טאַטערשער הלבשה און די קינדער זעען דאַריבער אויס ווי דערוואַקסענע טאַטערן אין מיניאַטור. אַזוי זעען אויס אין פּוילן די אידישע קינדער ביי די חסידישע עלטערן — קליינינקע אידעלעך. איך זע פאַר מיר קליינינקע אוגערקעלעך קאָנסערווירטע אין עסיק. אַ רחמנות אויף אָט די קינדער, וואָס ווערן געהאַלטן צום קאָנסערווירן אין די עסיק־סלאָיען פונעם טאַטערשן שטייגער, אויך די טאַטערן האָבן נאָך מסתמא זייערע „חדרים" און ציטערן פאַרן אונטערגאַנג פון זייער הדר־קולטור, פּונקט ווי די אגודת ישראל פאַר זייערער.

אויף דער שיף הויבט אָן ווערן פרייער אביסל, דער באַגלייטנדי־קער עולם גייט אַראָפּ און אָט דערלאַנגט שוין אונדזער שיף דעם באַ־קאַנטן הייזעריקן פייף, וואָס זאָגט אָן אויף הונדערט מייל ארום, אַז זי פאַרלאָזט סעוואַסטאָפּאָל, נאָר וואו אַוועקצוזעצן זיך איז נישטאָ. מען זיצט אויף די קלומקעס, ווי אויף פאַרנומענע פּאָזיציעס, כדי ווען די נאַכט וועט אָנקומען, זאָל מען האָבן וואו אָנצושפּאַרן זיך אויף אַ דרעמל צו טון. פאַראַן אויך אַ צווייטער קלאַס און עס מוז דאָרט זיין וואו צו זיצן, כאָטש קיין באַזונדערן קאָנפאָרט, זעט זיך נישט, ער זאָל האָבן נאָר איך האָב גראָד געקויפט אַ בילעט אין דריטן און איך דריי מיך אום צווישן באַזעצטע קלומקעס און קאַסטנס. פאַראַן אַ טיש אַ לאַנגער אויפן דעק אַוועקגעשטעלט נעבן דער מאַשין־אָפּטיילונג אונטער אַ ברעז־זענט, וואָס פאַרשטעלט די זון, און פוןביידע זייטן טיש צוויי לאַנגע בענק; זיינען זיי שוין פאַרנומען.

די שיף איז שוין אַרויס פונעם קאַנאַל, מען זעט שוין נישט די באַגלייטער און נישט זייערע ווייסע טיכלעך, וואָס פאָכען אינדערלופטן, פּונקט ווי ביים אָפּגיין פון אַלע שיפן אין אַלע האַפנס פון דער וועלט. מען זעט נאָר די בערג, די אייביקע בערג, ביי דעם אייביקן ים, בערג און ים, וואָס וויפיל די מענטשן און די מלוכות האָבן זיי נישט באַ־הערשט, זיינען זיי אַלץ פאַרבליבן פריי און אומאָפּהענגיק הערשן; וויפיל

די שיפן האָב דעם ים נישט געאַקערט און זיי האָבן אויף אים קיין שפּור נישט געלאָזט און וויפיל די מענטשן האָבן אויף די בערג נישט געקלע־מערט און די בערג זיינען געבליבן אומבאַוואוינט, זיינען געבליבן שטיין אַלס די עדות פון דער אייביקייט.

ווען די שיף איז שוין געווען ווייט אין ים און מען האָט שוין די בערג נישט אָנגעזען, האָב איך גענומען זוכן מיט די אויגן די אידן, וואָס האָבן צווישן זיך געשמועסט. נאָר דער אידישער גאַט האָט מיר צוגעשיקט אַנדערע צוויי אידן. ביים טיש זיינען זיי געזעסן און איינער האָט פאַרויכערט אַ ציגאַרעט ביים צווייטן. ביים צורויכערן, ווייזט אויס, האָבן זיי זיך באַקענט.

— אידן?! — פרעג איך און באַשטעטיק אין דערזעלבער צייט.

— אידן! — ענטפערט מיר גערן און מהיכי תיתאדיק אין דער זעלבער צייט איינער פון זיי, אַ מיטליאָריקער מיט אַ ברייטלעך פּנים — און נאָך וואָס פאַר אַ אידן! איר האָט געהערט פונעם כערסאָנער חזן יוכט? דאָס בין איך, יוכט, דער כערסאָנער חזן, ס׳הייסט, איך בין ג ע ו ו ע ן כערסאָנער חזן, איצט ווייס איך נישט, מחמת מיין קאָנטראַקט מיט די באַלעבאַטים פון דער שיל האָט זיך געענדיקט און מיין נייער קאָנטראַקט איז נאָך נישט אונטערגעשריבן. שווער אויס־צוהאַלטן אַ חזן היינטיקע צייטן. און טאַקע, כ׳פרעג אייך, ווער גייט היינט אין שיל אַריין? אַרבעטאָרער? די גבירים מיט די צילינדערס זיינען היינט נישטאָ. איז געבליבן באַלמעלאָכעס. דער באַלמעלאָכע גייט נאָך שבת אין שיל, אָבער שוין אויך נישט דאָס. מען האָט אָנ־געהויבן שעמען זיך מיט גיין אין שיל אַריין. אַפילו ימים נוראים איז שוין שיטער אין די שילן... און איר דאַרפט וויסן, אַז איך בין נישט אַבי וואָס פאַר אַ חזן. דער חזן יוכט! איר האָט געהערט פון יוכטן?

— ניין, — זאָג איך אים — איך האָב געהערט פון יאָסעלע ראָזנבלאַט, פון רויטמאַנען. רויטמאַנען האָב איך נישט לאַנג ערשט געהערט ביי אונדז...

— אַזוי? איר זייט אַן אַמעריקאַנער? איך זע נאָך אייער שליאַפּע נאָך, נאָר נאָכן לשון נאָך אייערן, וואָלט איך עס אויף מיין לעבס־טאָג נישט געזאָגט.

— איך בין פון לעבן אַמעריקע.

— פון קאנאדע, פון בראזיליע?

— אין דעם ערך.

— איז וואָס זאָגט א י ר ? א לעבן? האַ? גוט. זאָל זיין. גע־רעכט. האנדל איז שווינדל. מסכים. ווילסט עסן, אַרבעט! אויסגע־צייכנט! נאָר אַט נעמט אזא מענטשן ווי איך: איך בין א חזן. איז וואָס זשע? איך עקספּלואַטיר עמיצן? איך באשווינדל עמיצן? איך אַרבעט! מיט וואָס בין איך ערגער פון אַן אַרטיסט? און איר מיינט איך גיב נישט קיין קאָנצערטן? אַט פאַר איך איצטער פון קאָנצערטן. איך בין ערשט געווען אין סימפעראָפּאָל, אין יעוופּאַטאָריע. נעמט מען און מען שטעלט מיך אוועק מחוץ למחנה. אין „ראַבּיס" (פּאַרקירצט פון „ראַבּאָטניקי איסקוסטווא", וואָס דאָס מיינט פאַריין פון די אַר־בעטער ביי דער קונסט) נעמט מען מיך נישט אַריין, קען איך שוין קיין ביכל פון דער קאָפּעראַטיווע נישט האָבן. איך בין א כלי קודש, זאָגן זיי. נישטאָ ווער ס'זאָל לאַכן. איך בין עפּעס א פאַנאַטיקער? מילא א רב, א שוחט, פאַרשטיי איך, הייסט א כלי קודש; אָבער א חזן, געוואַלט געשריגן, א חזן ביי אידן, איז א מענטש א היינטוועלטיקער. פאַראַן, הערט איר, צווישן חזנים אַזעלכע אויסוואורפן, וואָס איר קענט נאָר קיין באַגריף נישט האָבן: שיקסע־בחורים און טרייפניאַקעס — איך רייד נישט פון זיך, איך, גראָד, פיר אַן אַנשטענדיק פאַמיליען־לעבן, מען קען מיך אויף דער וועלט. נאָר ווער ווייסט עס נישט ווער חזנים זיינען! — איז אַט מיר הייסן ביי דער מאַכט כלי קודש און מ י ר האָבן קיין רעכט נישט, „לישענצעם", הייסט עס...

— טאַקע — רופט זיך אָפּ דער צווייטער — מענטשן זיינען אַזעלכע פּאַסקודניאַקעס און די סאָוועטסקע וולאַסט (די ראַטנמאַכט) קוקט זיך אַפילו נישט אום אויף זיי...

— וואָס לאַכט איר, וואָס? — אַמאָל איז א חזן געווען א מענטש אי צו גאָט אי צו לייטן, היינט איז ער נע דאָ באַהאַ נע דאָ ליודעי, כאָטש נעם און ווער אויס חזן.

— די וועלט וועט אונטערגיין, טאַמער ווערט איר אויס חזן. — זאָגט דער צווייטער ווי פאַר זיך.

— איז צו וואָס זשע זאָל איך זיך נעמען?

— ווערט אַן אַרטיסט! — רופט זיך ווייטער יענער אָן אין זעלבן טאָן.

— וואָס זשע מיינט איר? אַ סך חזנים זיינען שוין געוואָרן אַר־טיסטן. נאָר איך בין דאָך פאָרט אַ באַלעבאַטישער איד. איז טאַקע נישט גוט. מען האַלט אויף די שיל, ווי ווייט מעגלעך. און אַ גוטער חזן, מיינט איר, איז נישט קיין שטיצע פאַר אַ שיל? די גוטע יאָר זאָל איך האָבן וואָס קאָמוניסטן עס קומען ראש השנה אין שיל מיך הערן דאַווענען. און איך האָב טאַקע כבוד אויך. נאָר איך בין זיי מוחל דעם כבוד, נאָר לאָזט מיך אַרויס! האָב איך נאָר אויף הוצאות, ווי איך וואָלט זיי דאָרט געוויזן וואָס ס'הייסט חזנות. איכל אייך נישט זאָגן, אַז איך בין גרעסער פון יאָסעלע ראָזנבלאַט און רויטמאַן, נאָר אַזאַ חזן ווי זיי, זיכער. איר ווייסט גאָר וואָס, לאָמיר מאַכן אַ געשעפט — יוענדט ער זיך צו מיר — נעמט מיך אַרויס צו אייך. פון אייך ווערט מען שוין דערהערן וועגן מיר קיין אַמעריקע. ביי אייך איז דאָך פאַראַן אידישע בלעטער. אין אַמעריקע שרייבן די אידישע בלעטער פון חזנים פונקט ווי פון אַרטיסטן... איר וועט מאַכן לעבן מיר אַ גוט געשעפט.

— איך בין נישט קיין געשעפטסמאַן — ענטפער איך אים דערויף.

ער ווערט ביי זיך אַראָפּגעפאַלן. ער האָט געמיינט ער רעדט מיט אַן אמתן אַמעריקאַנער אידן, די אמתע אידן — זאָגט ער — זיינען איצט אין אַמעריקע. דאָרט זיינען איצט די גרעסטע שילן און די גרעס־טע חזנים. פאַראַן דאָרט אידן, וואָס לאָזן זיך קאָסטן געלט אויף אַ חזן.

— כ'האָב מורא — זאָגט אַלץ אין זיין זייטיקן טאָן דער יונגער־מאַן וואָס זיצט דאַנעבן — אַז מיר דאָ וועלן אינגיכן בלייבן אָן חזנים; ביי אונדז ווערט מען וואָס אַמאָל קליגער...

דער חזן, וואָס האָט זיך געכאַפּט אויף דעם דאָפּלטן שטאָך, האָט אַ קוק געטון אויף אים פון דער זייט, האָט גאָרנישט געענטפערט און אָנגעשטאָפּט דעם, זיך גענומען פאַנאַנדערוויקלען אַ פּעקעלע מיט עסן, וואָס ער האָט לעבן זיך געהאַט: ברויט, וואורשט און זויערע אוגערקע, וואָס ער האָט גענומען שניידן מיט אַ קעשענע־מעסער, ווי אַ וועג־מענטש.

איך בין אויך הונגעריק געוואָרן און בין געגאַנגען זוכן דעם בופעט.

דאָ קענט איר קריגן וואָס אייער האַלז גלוסט, נאָר וועטשערע אויב איר ווילט, דאָס הייסט פלייש, זופּ אָדער באָרשטש, מוזט איר האָבן באַשטעלט בעת איר האָט געקויפט דעם בילעט. און איך האָב גראָד נישט באַשטעלט. און ס'איז גאַנץ לאָגיש; מען קען דאָך נישט צוגרייטן גלאַט אין דער וועלט אַריין, אַז מען זאָל דאַרפן אַרויסוואַרפן.

פונדעסטוועגן איז נאָך פאַראַן אַ פּנים אויף דער שיף ביי עמיצן אַ חשבון אויסער דער לאָגיק, אַ חשבון אַ באַזונדערער, פון וועלכן איך האָב געגאַסן און האָב מיך דערנאָך געפילט נישט אַזוי באַקוועם, מחמת איך בין שיר נישט אַריינגעפאַלן אין איינעם פון יענע פאַלן, וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט אויף דער וואַנט־צייטונג פון דער שיף אָדער גאָר אויף דער זייטל זעלבסטקריטיק פון דער פּאַרטיי־צייטונג. איך האָב געגעסן אַ וועטשערע גלייך מיט אַלעמען, כאָטש איך האָב זי נישט באַשטעלט און עמיצער האָט געמסורט דעם קעלנער. עס האָט זיך באַוויזן דער פּאַרוואַלטער — אַ איד אין אַ מונדיר פון אַ ים־אָפיציר, אַ איד אַ גבר, וואָס האָט באַקומען אַ קאַרק אויף דער שיף אָדער האָט באַקומען דעם אַמט צוליב זיין קאַרק, — און דער סכסוך איז דערלײדיקט געוואָרן, נאָכדעם ווי מיר האָבן דעם ענין „אויפגעקלערט" און מיר האָבן גענומען די שולד אויף זיך.

מיר, זאָג איך, וואָרום געווען זיינען מיר פיר צו דער דאָזיקער דבר עבירה; צוזאַמען מיט מיר זיינען געווען אויך דריי ים־אָפיצירן, פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן אויך פאַרגעסן צו באַזאָרגן זיך מיט וועטשערע־צעטלען און פון אונדזערטוועגן האָט דער „אָפיציאַנט" (קעלנער) בשותפות מיטן קוכער עובר געווען אויף די פאַרשריפטן.

די געמיינזאַמע לאַגע און די געמיינזאַמע עבירה האָבן מיך צוזנויפגעפירט מיט די ים־אָפיצירן. און מיר זיינען שוין דערנאָך געשטאַנען צוזאַמען ביים באָרט און געקוקט אין דער קרימער טיפער נאַכט מיט אירע העלע שטערן און אין דעם וואַסער פון שוואַרצן ים, וואָס איך דאָ גאָר נישט שוואַרץ, נאָר בלוי.

געשטאַנען זיינען מיר ביז שפּעט אין דער נאַכט מחמת שלאָפן איז סאַי ווי נישט געווען וואו. איך האָב דערציילט וועגן מיין נסיעה אויפן אַטלאַנטיק, וועגן די האַפנס וואָס איך האָב באַזוכט, זייער פּאַרנעם, זייער שיינקייט, וועגן די דערשיינונגען אויפן ים, די פאַרשידענע

זון-אונטערגאַנגן, וואָס איך האָב געזען אויפֿן ים; ווען עס צעגיסן זיך פֿײַער־פֿאַרבן איבערן גאַנצן האָריזאָנט אין מערב און ווען עס גייט אונטער די זון ווי אַ רויטער צונטער־קויל, אָן שום אָפּשפּיגלונג אויפֿן האָריזאָנט, ווי אויף אַ יאַפּאַנישן בילד; ווי עס בײַטן זיך די פֿאַרבן פֿונעם וואַסער, אַט בלוי און אַט גרין, אַט טונקל בלוי, ווי אויף די באַנאַלע ים־בילדער און אַט העל גרין, ווי אַ גרינע גלאָז. און פֿאַרוואָס — האָב איך געפֿרעגט — רופֿט מען אַט דעם ים, איבער וועלכן מיר פֿאָרן, שוואַרצער, בעת ער איז גאָר בלוי. אמת, אין אַנדערע ערטער איז ער ברוין. איך געדענק ווי איך פֿלעג מיך באָדן אין אַדעם בײַם לאַנזשעראָן און דאָס וואַסער האָט געהאַט אַ ברוינעם קאָליר...

די אָפֿיצירן האָבן דאָ געהאַט אַ געלעגנהייט אַרויסצואַווײַזן זייער וויסנשאַפֿט: אַ סך מיינען נאָך, אַז דאָס וואַסער שפּיגלט אָפּ דעם הימל — דערקלערט איינער — אָבער דאָס איז נישט ריכטיק, די וואַסער האָט איר אייגענע פֿאַרב, פּונקט ווי ס'איז פֿאַראַן ערד פֿון פֿאַרשידע־נער פֿאַרב און זיי מישן זיך נישט אויס, שטראָמענדיק אין פֿאַרשיי־דענע ריכטונגען. בעמיש איז עס נאָך נישט אויפֿגעקלערט, אָבער ער גלייבט אַז מען קען דאָס אויפֿקלערן אַנאַליזירנדיק די מינים מינעראַלן, וואָס דאָס וואַסער אַנטהאַלט. בנוגע די פֿאַרבן פֿון זון-אונטערגאַנג איז פֿאַראַן גאַנצע שטודיומס, נאָר מען קען פֿון זיי קיין טאָלק נישט דער־גיין; דאָס איז נאָך גאָר אַ רויע וויסנשאַפֿט. פֿאַרוואָס מען רופֿט דעם ים שוואַרצער? — ער גלייבט אַז מיט דער פֿאַרב פֿונעם ים האָט דאָס ווייניק צו טון, פּונקט ווי עס איז נישט רויט דער רויטער ים, ווי מען רופֿט דעם אַראַבישן גאָלף, וואָס טיילט אָפּ אַראַביע פֿון אַפֿריקע און ווי ס'איז נישט געל דער געלער ים, ווי מען רופֿט דעם שטיק פּאַסי־פֿישן אָקעאַן, וואָס שניידט זיך אַרײַן צווישן קאָרעע און כינע.

— אין דער אמתן — רופֿט זיך אָן אַ צווייטער פֿון די ים־אָפֿי־צירן, — וואָלט מען באַדאַרפֿט אַט דעם ים אונדזערן אומבײַטן דעם נאָמען, פֿון שוואַרצן אויף רויטן; ער איז דער ים פֿון אונדזער רויטן פֿלאָט.

— און יענעם רויטן ים בײַ אַפֿריקע — רופֿט זיך אָן דער דריי־טער — דאַרף מען זען ער זאָל נישט טראָגן אומזיסט זײַן רויטן נאָמען. עס איז שוין געווען שפּעט ווען עס זײַנען פֿאַרשוואונדן פֿון אויג

די לעצטע פייערלעך פון יעווּפּאַטאָריע, וואָס די שיף האָט פאַרבייגע־לאָזט אויף איר וועג און מיר זיינען אַוועק זוכן וואו צוצושפּאַרן זיך.

— אַ גלעזל טיי, טאַמער ווילט איר, — רופט מיך דער כערסאָ־נער חזן, — אויף דער קיך איז דאָ געזאָדענע וואַסער!

מיר שפּאַנען איבער פּיס פון איינגעשלאָפענע מענער, פרויען און קינדער צוגעטוליעטע, ביז מיר געפינען אַ פּלאַץ און ביי אַ גלעזל טיי, וואָס איז מחיה די אידישע ווי די רוסישע הערצער, וואַרטן מיר אויפן סוף פון דער שלאָפלאָזער נאַכט אויפן וואַסער.

## 28

דער גאָלדענער פרימאָרגן אויפן ים בליט אויף אין מיין נישט אויסגעשלאָפענעם מוח מיט פייער־שפּריצן און עפנט פאַר מיינע צו־געמאַכטע אויגן, וואָס איך האַלט אין די אָרעמס פאַרגראָבן, פאַנטאַנען מיט פייער גאָלדענע שפּיזלעך, וואָס וויקלען אויס פאַר מיר די ליכ־טיקע שטאָט פון מיין יוגנט — אָדעס; אָדעס, ווי איך האָב זי געזען צוריק מיט קנאַפּע פיר און צוואַנציק יאָר. זי שפּרייט זיך, די שטאָט, אינעם גאָלדן פייערדיקן און זוניק העל ווערנדיקן מוח, אָנהויבנדיק פונעם קאָכעדיקן האַפן און „פּערעסיפּ" מיט זייערע באָסיאַקעס און וואָוילע יונגען; איבער דעם דיעטסקי סאַד, ניקאָלאַיעווסקי בולוואַר, טעאַטער און דעריבאַסאָווסקע מיט זייערע באַרישניעס, קאַזאַקן און פּריסטאַוועס; דער גריכישער און דער אַלטער מאַרק מיט זייערע קאַ־פּיינעס און טראַקטירן: „טאַלטשאָק" און מאָלדאַוואַנקע מיט זייערע געסטן פון אָרעמקייט און פאַרברעכן...

איך טרייסל אָפּ פון מיר דעם ליכטיק־גאָלדיקן קאָשמאַר, וואָס איז פּלוצים אין אַ שוואַרצער פינצטערניש אַריינגעפאַלן, איך פּריש אָפּ מיין נישט אויסגעשלאָפענעם מוח אונטערן קראַן מיט וואַסער, נאָר אָדעס טרעט מיר פון די אויגן נישט אָפּ. ווי זעט זי איצט אויס אָט די קאָכיקע האַפנשטאָט, וואָס איך האָב געקענט, מיט איר גרויסן עקס־פּאָרט פון תבואה און אימפּאָרט פון עלעגאַנץ און דעליקאַטעסן פאַר אירע הערן און דאַמען, אַפּגעפּרעסענע סוחרים, אָפיצירן און פאַרשווענ־

דערישע פריצים, וואס האבן געהוליעט אין אירע שאנטאנען און אין זייערע גיטער איבער גאנץ אוקראינע? איך געדענק די שטאט אדעס פון די רייכע קרעמער און קבצנישע פארשמייעטע מעקלער, תבואה־שפעקוליאנטן און זשוליקעס, גנבים פון אלע מינים מיט זייערע ספעציפישע באצייכענונגען, די „אורקעס" מיט די „סקאקערס", שלעגער און סוטענערן, פראסטיטוטקעס און זייערע אויסנוצער, די „שטארקע", די „בלאטע" און די „געטער", די אלע מיט זייער האלב אידישן האלב רוסישן זשארגאן; איך געדענק אדעס פון „טאלטשאק" און „אבשארקע" און לייזיקע „פריוטן", וואו אומריינע אלטווארג האט זיך געמישט מיט אפגעפרישטע קנישעס, אלטע קוואסניצעס, זידלעריי פון דעגענערירטע באסיאקעס און שיכורער געזאנג פון קאצאפעס מוליארעס, וואס האבן זייער טאג־לוין פארטרונקען; איך געדענק אדעס פון די באַרישניעס, וואס האבן אויף דעריבאסאווסקע געקנאקט דעם ספעציפישן אדעסער רוסיש און אין דער היים געזונגען דעם לעצטן שאנטאן-קופלעט, בעת זייערע ברידער פלעגן וואוילעריש „אויסזינגען" א גנביש לידל און „אויסטאנצן" א באלגאריש אין די שאנדהייזער; איך געדענק אדעס פון די פול־געפאקטע טראקטירן מיט זייערע מעסערגעשלעגן און פון די „בירזשעס", וואו צווישן געקלימפער פון טשייניקעס, געשריי פון שיכורים און גרילצנדיקער מוזיק פון דער „מאשין", האבן די אדעסער ארבעטער ארגאניזירט זייערע פאליטישע קרייזלעך, שטרייקן און דעמאנסטראציעס און העלדיש געקעמפט אונטער דער רוט פון דעם טרויעריק בארימטן פריסטאוו פאנאסיוק און זיינס גלייכן סאדיסטן פון דער צארישער פאליציי און „אכראנקע"; איך געדענק אדעס פון די בלייכע „עקסטערניקעס", וואס האבן זיך אהער געצויגן פון אלע עקן תחום און מיט א גלעזל טיי דורכן טאג זייערע בילדונגס דורשטיקע נשמות דערהאלטן; איך געדענק אדעס, וואו אידישע קולטור האט געהייסן עפענען א „חדר מתוקן", אויסהערן א דרשה וועגן ציון אויף רוסיש און קאקעטירן מיט א העברעיש ווארט; איך געדענק אדעס פון די שיינע דאטשעס, וואס זיינען פארבונדן מיט נעמען פון גענעראלן, אמבאסאדארן און גריכישע מיליאנערן און מיט... א וועג א היימישן צו דער „טשומקע", צום בית עולם, וואוהין איך האב פריצייטיק פארשטארבענע חברים באגלייט, און צו דער טורמע...

אַדעס פונעם קרייצער „פּאָטיאָמקין"־אויפשטאַנד. די שטאָט איז אין פּחד און אין פלאַמען און ביי יעדן אין האַרצן ציטערט אַ פּלעמל פון דרך ארץ צו די נעוואַגטע מאַטראָסן און אַ האָפענונג אויף נייע פרייע צייטן פאַר רוסלאַנד; אַדעס פון אָקטאָבער 1905, מיט אירע דעמאָנסטראַציעס און פאַרזאַמלונגען, פּאָגראָמען און זעלבסטשוץ און דער רום פון אירע גנבים, וואָס האָבן אויף זיך גענומען די פאַרטיידיקונג פון די אידן; אַדעס און איר אַנאַרכיזם, דער לעגענדאַרישער „טשאָרני וואָראָן" (שוואַרצער ראָב), און זיינע נאָכמאַכער, וואָס האָבן געהאַלטן אין טעראָר די אַדעסער גבירים און אַ רעטעניש געווען פאַר דער פּאָליציי... אַדעס, אַדעס, די שטאָט פון פלאַמיקסטן רעוואָלוציאָנעריזם, פון הפקר און פון קולטורלאָזיקייט...

יאָ, איך האָב שפּעטער געהערט וועגן אַ קולטורעלער עוואָלוציע אין אַדעס: אידישע צייטונגען. נאָר עס האָט מיר אויסגעוויזן ווי אַ נס, ווי די שלאָם-מעמן מיט די סאַמעכן וואָס זיינען דורכגעהאַקט געוואָרן אין די שטיינערנע לוחות. סיידן געדרוקט נאָר האָבן זיי זיך אין אַדעס און געלייענט האָט מען זיי אין די כערסאָנער, בעסאַראַבער, פּאָדאָליער און וואָלינער שטעט און שטעטלעך. אידישע צייטונגען — אין דער שטאָט פון בירגערלעכער עם הארצות און קאָקעטעריי און מעאָרעטישער קאָסמאָפּאָליטיש־אַסימילאַטאָרישער טראַדיציע ביי די אַרבעטער, וואָס איז אפשר נישט ווייניקער עם הארציש!... מען האָט געווים אַריינגעבראַכט אידישיזם קיין אַדעס, נאָר אָנעמען זיך האָט דאָס נישט געקענט, העכסטנס האָבן זיך דאָרט געקענט שאַפן קליינע נעסטן פון אידישיסטישער קולטור צווישן איינגעוואַנדערטע אַרבעטער פון פּאָדאָליע און וואָלין, פון ליטע, ווייסרוסלאַנד און פוילן...

און אָט איז אַדעס אין חורבן. איך האָב אַזוי פיל געלייענט וועגן חורבן אַדעס, אַז די שטאָט שטייט מיר פאַר די אויגן מיט אירע אויסגעהאַקטע ביימער אויף די גאַסן און פּאַרקן, מחמת מען האָט זיי גענומען אויף הייצונג, מיט אויסגעהאַקטע שויבן אין אירע פיל פענצטערדיקע הייזער און אויף אירע גאַסן וואַלגערן זיך מתים, קרבנות פון בירגער־קריג, פון הונגער און מגפות. עס באַהערשן אירע גאַסן איין מאַכט נאָך דער צווייטער: דעניקינס „אָפיצירלעך", זעלנים באַנדיטן, עסטרייכער, פראַנצויזן, גריכן און פּאָלאַקן. און אָט איז דער „אויפ־

ברויז": באָלשעוויקעס, פּאַרטיזאַנען, מישקע יאַפּאָנטשיק — ווידער אַ גנב, וואָס פאַרטיידיקט אַדעס; רויטע אַרמייער און צווישן זיי — צוויי ברידער מיינע יונגע, געפאַלענע העלדן פון דער רעוואָלוציע. און ווידער דעניקין מיט זיינע „אָפּיצירלעך" און „טשעקאַ" באָלשעוויקישע, וואָס ראַמט אוים די קאָנטררעוואָלוציע און די שפּעקולאַציע אָן שום ריקזיכט און רחמנות. „יאַבלאָטשקאַ, קודאַ קאַטישסיאַ?" — זינגט אַדעס, דאָס אַלץ נאָך זינגנדיקע און שטענדיק זינגנדיקע הפקרדיקע אַדעס — וואוהין קייקסט זיך, עפּעלע? „נאַ אַלמאַז פּאָפּאַדיאָש, ניע וואָראָטישסיאַ" — ווערסט זיך פּאַקן אויף „אַלמאַז" און דאָרט בלייבן כיטן קעפּעלע... אַ באָלשעוויסטישע עקזעקוציע־שיף איז געווען אָט דער „אַלמאַז", אַ שיף וואָס איז אומגעגאַנגען אין די וואַסערן פונעם שוואַרצן ים און געהאַלטן אין שרעק די קאָנטרעוואָלוציע. דעניקינס „אָפּיציר־לעך" אָדער „פּריוווילִיקע", כאַפּן יעדן איינעם, וואָס זיי זיינען חושד אַלס אידן, הייסן זאָגן „קוקורוזע" און איז זיי נישט געפעלן דער „רייש", דערשיסן זיי.

אַך!... זיפצט אָפּ, זיפצט אָפּ צוזאַמען מיט מיר, וואָרום אָט פאָרן מיר אויף די וואַסערן פון שוואַרצן ים און נישטאָ שוין נישט „אַלמאַז" און נישט דעניקין און זיינע „אָפּיצירלעך" און די אַלע איבעריקע מלאכי חבלה, וואָס האָבן פאַרכאַפּט איינער נאָכן צווייטן די מאַכט איבער אַדעס און זי טעראָריזירט. מיר פאָרן אויף אַ סאָוועטישער שיף אונ־טער אַ סאָוועטישער פאָן מיט אַ סערפּ און אַ האַמער, די פאָן פון דעם פויער און אַרבעטער, פון דער סאָוועטישער שטאָט סעוואַסטאָפּאָל צו דער סאָוועטישער שטאָט אַדעס, צו דער ליכטיקער שטאָט פון מיין יוגנט.

האָבן זיי דאָרט באַקומען מיין ראַדיאָטעלעגראַמע, מיינע אייגענע, וועלן זיי קומען מיך באַגעגענען? מיר זעען יבשה. דאָס איז די טענד־ראָווער קאָסע. פון דאַנען ביז אַדעס איז אַ קלייניקייט. דער עולם נעמט זיך גרייטן צום אַראָפּגיין פון דער שיף. עס איז נאָך פונדעסט־וועגן דאָ צייט צו פרישטיקן. ביים טיש אין עס־צימער זיצט איצט קעגנאיבער מיר אַ „פּראָפעסאָר", אַ רוס מיט אַ שיינער שוין גרויער צעקעמטער באָרד, וואָס שיידט זיך נישט די גאַנצע צייט מיט דעם

בוך, אין וועלכן ער קוקט אריין אפילו בעת ער עסט, וואס דאס איז גאר נישט קיין רוסישע טבע; גיכער פאסט׳עס פאר א אידן א משכיל. דאס בוך איז אבער גראד נישט קיין השכלה־בוך, נאר עס באהאנדלט אזעלכע גאנץ פראקטישע זאכן, ווי, די טעאריע פון גלייכגעוויכט אין דער טעכניק פון מאשין-בוי. זייער א שפאנענדיק בוך, ווי איר זעט, צו לייענען אויף דער רייזע, און זיין פרוי, וואס זעט אויס ווי א פשוטע פויערטע און ווייסט דעם ווערט פון איר מאן, טיילט אים צו און מונטערט אים אונטער ער זאל עסן, נאך אן איי, נאך א שטיקל פוטער, נאך א גלאז טיי...

ווען איך גיי ארויף אויפן דעק, איז שוין די שיף גאר נאנט צום אדעסער האפן, בעסער געזאגט צו די אדעסער האפנס, ווייל האפנס האט אדעס צוויי און איך נעם ארום מיטן בליק דעם ברעג, וואס ציט זיך אוועק רעכטס צו אטשאקאוו צו און לינקס, מיט די דאטשעס וואס ציען זיך ביז ליוסטדארף, אלץ אזעלכע באקאנטע ערטער, און דער פריי־מארגן איז אזא ליכטיקער, אז אלץ ארום גריסט דיר און איז דיך מקבל פנים.

די שיף איז שוין אין האפן. אן עולם ווארט אפ די שיף. און אט זיינען מיינע אייגענע, וואס האבן מיך דערקענט און גריסן מיך. מיין ברודער און זיין פאמיליע און אנדערע קרובים, צווישן זיי איינער מיט א גאלן קיילעכיקן קאפ? א גאלער קאפ איז אין סאוועט רוסלאנד מער ווי א זומערדיקער גאנג פון באקוועמלעכקייט וועגן און מער ווי א מאדע; א מענטש מיט א גאלן קאפ איז דא א טוער, א מענטש מיט א פאראנטווארטלעכן פאסטן; אין דער פראווינץ איז גאלער קאפ א צו־נאמען פאר א קאמוניסט. דער גאלער קאפ ביי די קאמוניסטישע טוער זעט אויס ווי א מין דעמאנסטראציע פון דער פראקטישקייט קעגן דער שווערמעריי און ראמאנטיק, וואס האט זיך געהאט אנגעקלעפט אינעם כאציאליזם פון זינט ער האט זיך באוויזן אלס אידעאל ביז צו לעצטע צייטן. לאקן פלעגן אמאל טראגן די פילאזאפן און עס טראגן נאך ביז היינטיקן טאג קינסטלער, די געליבטע פון די מוזעס, מאלער און פא־עטן. איך האב זיי באגעגנט א סך אין די פאריזער קאווע־הייזער פון מאנפארנאס און מאנמארטר און אויך אין סאוועט רוסלאנד האב איך א פאר אזעלכע באגעגנט און גראד האבן זיי נישט אויסגעזען ווי פרעמ־

דע, ווי טוריסטן, וואָס זיינען געקומען אָנקוקן סאָוועט רוסלאַנד ווי עפּעס א וואונדער, נאָר ווי אייגענע; איינער א הויכער אוקראַינער מיט א בלייכן וואקסענעם געראַזירטן פּנים אין א פּאַטלע א לאַ גאָגאָל, אויף וועלכן מען האָט געקוקט פון אַלע זייטן, ווי אויף אַן אַנאַכראָניזם, ווי אויף א פּאַרצייטיקע חיה... איז ווער זשע איז ער, דער גאַלער קאָפּ, וואָס איז געקומען מיך באַגעגענען? קיין פאַרשטייער פון געזערד קען ער נישט זיין, מחמת איך האָב צום געזערד אין אַדעס נישט געשריבן וועגן מיין קומען. נאָר אָט בין איך שוין אויף דער יבשה און דער גאַלער קאָפּ קושט מיך. אַן אייגענער גאָר, אַן אייגענער.

— ביזט א קאָמוניסט, יאַנקל?

— ניין, איך בין נישט אין דער פּאַרטיי, נאָר א פּאָסטן האָב איך גאָר א פאַראַנטוואָרטלעכן. מען געטרויט מיר פּונקט ווי איך וואָלט געווען א פּאַרטיי-מיטגליד.

— דעם מענטשן דערקענסטו? ס'איז משה... פּיניען געדענקסטו? ער איז נאָך געווען א יינגעלע ווען דו ביזט אוועקגעפאָרן. איצט, ווייסטו וואו ער שפּאַרט אָן? א פּראָפעסאָר איז ער, א פּראָפעסאָר פון פּאָליטיקע אין דער רויטער אַרמיי, מיט א גענעראַלסקע טשין. אזוי זאָגט די מאַמע זיינע.

— וואָס זשע טוסטו, מאיר?

— א קוסטאַר בין איך, אין אַן אַרטעל פון פיש-קאָנסערוון.

— וואָס טוט עפּעס שאָפּע?

— וואָס זאָל ער טון? ער לעבט פון דער פּענסיע. צוויי און זעכציק רובל א חודש באַקומט ער און פּריווילעגיעס האָט ער די אייגענע ווי פריער, ווען ער האָט געאַרבעט בעקעריי...

— אים קומט באמת. ער איז קיינמאָל נישט געווען אויסערן „פּראָפּסאָיוז", אין די ערגסטע צייטן, ווען ס'איז ממש געווען סכנות נפשות, האָט ער זיך געהאַלטן ביים פאַריין...

— געדענקסט, ער איז אַמאָל געווען א ציוניסט? פרעג אים נאָר היינט!...

— יאָ, מאיר, האָסט מיך דערמאָנט אַן ציוניזם. וואָס טוט עפּעס דיין לייבל?

— ער איז אין טאַשקענט. ער פאַרדינט דאָרטן גאַנץ וואויל מיט

סטענאָגראַפיע. ער דאַרף שוין באַלד פאַרענדיקן דעם טערמין פון פאַר־שיקונג, נאָר אים ווילט זיך אַלץ קיין פּאַלעסטינע.

— זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס טאַקע איז געווען מיט אים? אַזאַ געפערלעכע אָרגאַניזאַציע איז זי געווען, די ציוניסטיש סאָציאַ־ליסטישע?

— וואָס, ווילסטו, זאָל איך דיר זאָגן? איך בין דאָך אַ טאַטע! נאָר מיר וועלן נאָך ריידן. דערפאַר איז שוין מאָטל גאָר אַן אַנדערער און מיין לייקעלע איז שוין אַ פּיאָנערקע...

אָט אַזוי, שטייענדיק ביים האַפן, צווישן די אייגענע, כאַפּ איך אויף אויף שנעל די סאָציאַלע עוואָלוציע פון מיין משפחה, פון מיין אַזוי צו זאָגן קרעמערישער יחוסדיקער משפחה, אין וועלכער עס זיינען נאָך צוריק מיט דרייסיק יאָר געמאַכט געוואָרן די ערשטע „פלעקן" פון מלאכה.

מיר זעצן זיך אויף אויף דראָזשקעס און פאָרן אין שטאָט אַריין, איבערן „פּאָלסקי ספּוסק". היינט הייסט די גאַס אַן אַנדער נאָמען. איבער אָט דער גאַס, געדענק איך, פלעגן זיך ציען פון האַפן אין שטאָט אַריין פול אָנגעלאָדענע „בינדריוגעס" (וועגענער) מיט פאַרשידענע סחו־רות, געשלעפּט פון גרויסע בעלגישע פערד. זי איז היינט פּוסט, די גאַס, ווייל אויך דער האַפן איז פּוסט. עס קומען נישט אָן קיין שיפן פון אויסלאַנד. דריי פיר שיפן אויסלענדישע דורך דער וואָך קען מען זען אַריינקומען אין אָדעסער האַפן און אין די אַמאָליקע צייטן פלעגן אָנקומען 30 און 40 יעדן טאָג.

— אַ גאַנצע איבערקערעניש געוואָרן אינעם רוסישן האַנדל — דערקלערט מען מיר — און דאָס האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן אויפן אָדעסער האַפן. מען באַנוצט היינט אין גאַנץ רוסלאַנד אייגענע פּראָ־דוקטן און — אייגענע פאַבריקאַטן, וואָס ווערן געבראַכט קיין אָדעס מיט די באַנען. די מלוכות מיט וועלכע מען האַנדלט איז באַקוועמער די פאַרבינדונג מיט לענינגראַד דורך דעם פינישן ים־אויסגוס אָדער אַפילו מיט אַרכאַנגעלסק דורך דעם ווייסן ים. נאָר אָדעסער האַפן וועט נאָך מיט דער צייט פאַרנעמען זיין אַמאָליקן פּלאַץ אינעם וועלט־האַנדל. אוקראַינע וועט נאָך אַלץ זיין דער תבואה־שפּייכלער פון אייראָפּע. זאָל מען נאָר איינאָרדענען וואָס מער „סאָווכאָזן" (סאָוועטישע ווירט־

שאפטן). אז דו וועסט פאָרן איבער די אידישע קאָלאָניעס, וועסטו זיך מעגן אָפּשטעלן אַ קוק טון אויפן סאָווכאָז שעווטשענקאָ, וועסטו זען ווי אַזוי מען פאַבריצירט תבואה אין ראַסייע...

—דערווייל איז נישט גוט; אַדעס האָט אַמאָל געלעבט כמעט אינגאַנצן פונעם האפן. אַדעסאַ מאַמאַ! — פלעגן זאָגן די האַפן־אַר־בעטער, די טרעגער, די בינדיוזשניקעס, די אַלע וואָס האָבן געאַרבעט ביים ברויט־עקספּאָרט. און אַז עס פלעגן קומען שיפן נאָך תבואה, פלעגן זיי שוין נישט קומען מיט ליידיקן, האָבן זיי געבראַכט סחורות פאַר־שידענע, ענגלישע שטאָפן, דייטשישע מאַשינעס און געצייג, פראַנצוי־זישע ווייגען; און נישט טייער, וואָרום זיי האָבן געהאַט אַן אינטערעס צו האָבן לאָדונג אויף דער שיף. געווען אויך קאָנטראַבאַנדע אַ סך און מען האָט טאַקע געלעבט פון קאָנטראַבאַנד. אַדעס איז געווען אַ שטאָט פון האַנדל און אַרום דעם האַנדל האָט זיך געדרייט די מלאכה, היינט איז דער גרויסער האַנדל נישטאָ. קיין אָרט פון שווערער אינדוסטריע, איז אַדעס קיינמאָל נישט געווען. אויף די „גרויסע" זאַוואָדן פלעגט מען פאַריכטן די מאַשינען, וואָס מען האָט באַנוצט אין דער קלענער פאַבריקאַציע און היימישער מלאכה און העכסטנס די טראַנספּאָרט־מיט־לען, שיפן, באַנען, טראַמוויין, און אַז ס'איז קיין האַנדל נישטאָ, איז אַדעס געוואָרן ליידיק. אין מלחמה־צייט האָט שוין אַדעס געציילט זעקס הונדערט טויזנט טעלעבע און דרייסיק טויזנט נפשות. איצט רעכנט מען ווייניקער פון אַ האַלבן מיליאָן. אַדעס, האָב איך מורא, וועט שוין נישט וואַקסן אַזוי גיך ווי ס'איז אַמאָל געוואַקסן. פאָרן טאַקע אידן איצט נישט קיין אַדעס, נאָר קיין לענינגראַד און אַרכאַנגעלסק און קיין מאָסקווע, וואו ס'איז דער צענטער פונעם רוסישן האַנדל. מען זאָגט, אַז מאָסקווע האָט שוין איצט 150 טויזנט אידן און אַנדערע שאַצן אין נאָך מער, און מעגסט זיין זיכער, אַז די מערסטע פון זיי זיינען אַדע־סער. אַדעס האָט דערפאַר אַנדערע צוציאונגס־פאַקטאָרן. אַדעס איז אַ גרויסער צענטער פון בילדונג, אַדעס איז אַ גרויסער אַדמיניסטראַטי־ווער צענטער און אַדעס איז אַ גרויסער קוראָרט, אַ באָד־פּלאַץ און מען קומט אַהער פון אַלע עקן רוסלאַנד אויף צו פאַרברענגען דאָ דעם אור־לויב אום זומער ווי אום ווינטער. זומער זיינען דאָ פאַראַן די דאַטשעס

און די אַפּרו־הייזער, דער ים מיט די פּליאַזשן, פון לוזאַנאָווקע ביז ליוסטדאָרף און ווינטער איז דאָ פאַראַן טעאַטער און קאָנצערטן.

— איז וואָס זשע דאָ אַזוי נישט גוט? — פרעג איך.

— מיר, דאָ, פאַרשטייסטו מיך, אַז מיר זאָגן „נישט גוט", מיינען מיר נישט די פּרנסה; מ'לעבט אין אָדעס נישט ערגער ווי אומעטום און אפשר נאָך בעסער; פאַר הונגער שטאַרבט מען דאָ איצט נישט און פאַר קעלט אויך נישט. מיר, אַז מיר זאָגן „נישט גוט", מיינען מיר די אַלגעמיינע פּערספּעקטיוון פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. בעת אַנדערע שטעט האָבן פּערספּעקטיוון פון אינדוסטריעלער אַנט־וויקלונג און דעריבער פון וואַקסן, האָט זיי נישט אָדעס. אָדעס וועט מוזן וואַרטן ביז דער שוואַרצער ים זאָל זיך עפענען פאַר אַ ברייטן האַנדל מיט דער וועלט; אַז רומעניע, בולגאַריע און גריכנלאַנד זאָלן אויפהערן צו זיין די בייזע הינט אויף דער קייט ביי ענגלאַנד און פראַנקרייך, און די דאַרדאַנעלן זאָלן ווערן אַ פרייער דורכגאַנג פאַר אַלע שיפן פון דער וועלט.

אַזוי שמועסנדיק, אויפן וועג צו מיין ברודערס וואוינונג, איז מיר עטוואָס קלאָר געוואָרן דאָס איצטיקע אָדעס, דאָס אָדעס אָנעם האַפן.

## 29

איך האָב אַזאַ חשק צו באַקוקן אָדעס, דאָס היימישע אָדעס, נאָר איך האָב געסט. און נישט אַזוי צוליב מיר, זעט אויס, זיינען די אַלע נאָנטע און ווייטע קרובים, געקומען צו מיין ברודער אין שטוב, ווי צוליב אויסטענהן זיך פאַר מיר, דעם אַמעריקאַנער, אויף די עוולות וואָס די נייע אָרדענונג באַגייט קעגן זיי און דיסקוטירן די פּראָבלעמען, וואָס דאָס נייע לעבן רופט אַרויס.

עס טענהט איסאַק, דער מאַן פון מיינס אַ שוועסטערקינד:

— הערסט, פיניע, אונדז פעלט איצט גאָרנישט, מיר זיינען זיך „דיד טאַ באַבאַ", די קינדער האָבן גוטע שטעלעס און מען האַלט פון זיי, וואָרום זיי זיינען טאַקע איבערגעגעבענע בלב ונפש. וואָס זיי האָבן

גישט אויפגעטון אין די סאַמע ערגסטע צייטן! מען איז געקראָכן אין פייער, מען האָט אָרגאַניזירט, מען האָט צונויפגעבראַכט פּראָדוקטן, מען האָט גישט געקוקט אויף גאָרנישט... מיין קלענערער האָט אַ שם, אַז ער שרייבט אָן אַ סטאַטיאַ, הערט מען זיך גוט צו... די קינדער האַלטן מיך אויס, מיר וואוינען גאַנץ שיין, מעגסט צוקומען צו אונדז... נאָר וואָס דען? איך, איסאַק, וואָס בין געוואוינט געווען אַלע מיינע יאָרן צו האָרודעווען, האַנדלען, דרייען, בין איצט אַ פאַרמשפּטער צו זיצן אין דערהיים און גאָרנישט טון; וואָרום לאָמיך נעמען עפּעס „טון", וועל איך די קינדער אומגליקלעך מאַכן. וואָלט איך געווען אַ איד פון תהלים זאָגן צי פון שיל גיין; איך בין דאָך נאָך אַ יונגערמאַן, ווי דו קוקסט מיך אָן!... צי אָט איז מיין איידעם. ער איז געווען „אופּראַוויליאַיושטשי" (פאַרוואַלטער) פון אַ גרויס געשעפט, פון גאָר אַ גרויס געשעפט, האָסט אפשר געזען אין גאַס „וויוועסקעס" (שילדן) מיט גרויסע אותיות „טעזשע", אַ געשעפט פון פאַרפומען און פון פּודער... איז האָט ער איבערגענומען דאָס געשעפט פאַר זיך און דערנאָך איבערגעגעבן דער מלוכה מיטן תנאי, אַז ער זאָל בלייבן אין געשעפט; איז ער אַ שטיקל צייט געווען, ביז זיי האָבן אים אָפּגעזאָגט. איצט לאַדט ער זיך. צי ער וועט עפּעס אויסלאָדן, ווער ווייסט? און ער איז דען דער איינציקער, וואָס מען טוט מיט אים אַזוי? מיט אַלע פּריוואַטע אונטערנעמונגען האָבן זיי אַזוי געטון. די פינאַנסאינספעקציע (פינאַנץ אינספעקציע) לייגט אַרויף אַזוי פיל שטייערן און דער פּראָפּסאָיוז (פּראָפעסיאָנעלער פאַריין) הויבט אָן שטעלן אַזעלכע פאָדערונגען, העכערן דעם לוין, פאַרקלענערן די אַרבעטס־שעהן, איינפירן היגיענע. זיכערקייט ביי דער אַרבעט, „סאָצסטראָך" (סאָציאַלע פאַרזיכערונג) און נאָך און נאָך, פּונקט ווי אויף די פאַבריקעס און זאַוואָדן פון דער מלוכה, אַז דער באַלעבאָס ווערט דערשטיקט און בעט זיך ביי דער מלוכה זי זאָל ביי אים אָפּקויפן דאָס געשעפט. קויפט עס ביי אים די מלוכה אָפּ און גיט נאָך אַ שטעלע אויך אין זיין געוועזענעם געשעפט. איז ער אָבער ביי „זיך" אין געשעפט" פאַרייסט ער די נאָז, האַלט זיך פאַר אַ מאַכער, פאַר אַ „ספּעץ" (ספּעציאַליסט), ביז די אַרבעטער גיבן אים דעם דרך..

— אַנדערע — דערקלערט מיר מיינער אַ קרוב אַ קוסטאַר —

מאכן עס קליגעריש. זיי גיבן נישט אוועק דאָס געשעפט דער מלוכה, נאָר זיי מאכן דערפון אַן ארטעל. דער באַלעבאָס רעדט זיך צונויף מיטן מייסטער, מיטן פּאַרוואַלטער, מען ציט צו נאָך אַ פּאָר ארבעטער, פון די עלטערע, „בלאַגאָנאַדיאָזשנע״ הייסט עס, אַזעלכע וואָס קוקן נישט צום באַלעבאָס אין טעפּל אַריין, און מען מאכט מיט זיי שותפות. די איבעריקע ארבעטער זאָגט מען אָפּ. עס איז דאָך אויס פאבריק! און אַן ארטעל טאָר קיין ארבעטער נישט האלטן, נאָר לערנאינגלעך און לערנמיידלעך, ס'הייסט נישט עלטערע פון צוואַנציק יאָר.. טרייבט מען אָן לערנאינגלעך און לערנמיידלעך און עס גייט אוועק אַן ארבעט. רויע מאַטעריע באַקומט מען פון דער מלוכה, די סחורה ארבעט מען פאַר דער מלוכה. איז דאָך ווידער גוט. איז אָבער דאָ אַן אַנדער צרה. די מלוכה שטעלט אוועק אינעם ארטעל אַ קאָנטראָל, אַ מענטשן, וואָס קוקט זיך צו צו אַלצדינג, וואָס ס'טוט זיך אויף דער ארבעט: ווי אַזוי מען ארבעט און וואָס מען ארבעט, וויפיל מען פאַרדינט און וויפיל געהאַלט מען נעמט, וויפיל מען צאָלט די לערנאינגלעך און לערנמיידלעך, צי זיי זיינען אַלע פונעם פּראָפּסאָיוז, ער קוקט איבער די ביכער וכדומה. אַ קאָמוניסט, נאַטירלעך. געהאַלט נעמט ער פון געשעפט, גלייך מיט אַלעמען, טרעפט אַז דער קאָמוניסט איז אַ וואויל מענטשל, וואָס לאָזט זיך ריידן און באַקומט אינטערעס אַז דער ארטעל זאָל פאַרדינען וואָס מער, כדי ער זאָל אויך האָבן וואָס מער און אַמאָל טאַקע נישט נאָר ער, נאָר אויך דאָס ווייב, וואָס ער געפינט פאַר איר אויס אַ שטעלע אינעם ארטעל — גייט עס גאַנץ גלאַטיק, ווי געשמירט. נישט גוט איז נאָר, אַז דער קאָמוניסט, וואָס די מלוכה שטעלט אוועק איז אַ המן, אַ צורר היהודים, און לאָזט נישט „דעכען״, לאָזט דעם אָטעם נישט איבערכאַפּן; דאָ טרייבט מען צו גיך די ארבעט, דאָ דאַרף מען מאכן לופטיקער, דאָרט דאַרף מען פאַריכטן, דאָ איז אים צופיל פאַרדינסט, צו גרויסע געהאַלטער: פון וואַנען נעמט זיך עס, וויל ער וויסן, ווייל לויט זיין חשבון דאַרף אַזוי פיל נישט זיין... נאָר מילא, דאָס בין איך אייך שוין מוחל. האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַ נייע צרה: פאַרשמעלצן די ארטעלן. פון אַלע ארטעלן, וואָס ארבעטן אויס איינע און די זעלבע סחורה, זאָגט די מלוכה, זאָל ווערן איינער. אַז עס וועט זיין איינער, זאָגט די מלוכה, וועט מען, ערשטנס,

איינשפארן „פאמיעשטשעניעס" (לאקאלן), וואס מען קען פארנוצן אויף וואוינונגען צי אויף אנדערע באדערפענישן; צווייטנס, וועט מען קענען אוועקשטעלן איינע א גרויסע מיט אלע באקוועמלעכקייטן צו דער ארבעט, לויט אלע פאדערונגען פון דער „אכראנא טרודא" (ארבעט־פארהיטונג), מיט מאשינען, וואס מאכן לייכטער און גיכער די ארבעט און טאקע אויך איינשפארן זיך אזוי פיל קאנטראליארן. בקיצור, זי וויל מאכן פון די ארטעלן א פאבריק, איינע א פאבריק. איי, פרעג איך אייך, וואס וועלן דעמאלט טון די באלעבאטים פון די ארטעלן, די שיינע אידן, מיט די „אופראווליאיושטשעס", מיט די מייסטערס? אין אן ארטעל, זיינען זיי די באלעבאטים, וואס ארבעטן מיט לערנאינגלעך, מיט „פאדראסטקעס" און אז א „פאדראסטעק" צי א „פאדראסטקע" יוערט עלטער פון צוואנציק יאר, איז מען זיי משלח. זיי טארן מער נישט ארבעטן, גיי דיר אין דיין פראפסאיוז און פארשרייב זיך אויף דער בירזשע פאר ארבעטסלאז. אין א פאבריקע, וועט מען שוין מיט קיין „פאדראסטקעס" נישט ארבעטן און די אלע באלעבאטים וועלן זיך מוזן, מחילה, פארקאטשען די ארבל און זיך אוועקשטעלן צו דער ארבעט. דא דארף מען נישט אזוי פיל „אויפזעער" און „פארוואלטער" און „סטארשי מייסטערס".

— וואס זיי וועלן טון? — מישט זיך אריין א יונגערמאן וואס זיצט ביי דער זייט — אבעטעך, זיי האבן זיך שטארק געזארגט וואס עס וועלן טון די ארבעטער, וואס זיי פלעגן אפזאגן פון דער ארבעט? און איצט, זארגן זיי זיך עפעס וואס עס וועלן טון די „פאדראסטקעס", וואס ווערן צוואנציק יאר אלט? בפרט, אז זיי קענען זיך שטעלן צו דער ארבעט גלייך מיט אלעמען. עלע, איר ווילט נישט ארבעטן, אזוי ווי אלע ארבעטער ארבעטן, וועט איר גיין צום רב, וועט ער אייך אנשרייבן א „קול קורא" צו די אידן פון דער גאנצער וועלט, אז מען קוילעט אייך דא, אז מען מאכט אויף אייך פאגראמען, אז מען פארטיליקט דא דאס „אידנטום".

דער וואס רעדט, איז אליין א קוסטאר פון אן ארטעל, ער האט זיך שוין פראלעטאריזירט, שוין באלד פינף יאר. מיט א סטאזש פון פינף יאר ארבעט אין אן ארטעל, באקומט ער דאס רעכט צו ווערן א מיטגליד פון פראפעסיאנעלן פאריין. בעת ער רעדט, קוקט ער צו מיר,

וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס מאַכט אויף מיר, דעם אַמעריקאַנער, דעם גאַסט פון אַמעריקע, וואו מען נעמט זיך אָן אַזוי שטאַרק פאַרן „אידנ־טום”, וואָס דאָס מיינט פאַר די באַלעבאַטישע אידן.

— ביזט דאָך גאָר נישט קיין אַרבעטאָרער, ביזט דאָך ערשט אַן אַרטעלנע קוסטאַר — רופט זיך אָן אַ צווייטער גאַסט — און דו רעדסט שוין ווי אַ גאַנצער קאָמוניסט.

— די סאָוועטישע שונאים אויף צופיקעניש, וועל איך נאָך זיין אַ פּאָלנאָפּראַוונער אַרבעטאָרער און אַפילו אַ „טשליען פּאַרטיע” (פּאַרטיי־מיטגליד), ווי דו קוקסט מיך אָן. און אַז אַ קוסטאַר? קוסטאַרן האָבן אויך וואָס צו קלאָגן? יוער שפּאַצירט היינט אויף דעריבאַסאָווסקע אין זיידנס און אין טייערע פוטערס? ווער טראָגט היינט פּעליקאָסעווע זאָקן און וואָלענע באַטינקעס פאַר זעכציק רובל אַ פּאָר, אַז נישט די קוסטאַרישע ווייבער? ווער ווער, נאָר קוסטאַרן האָבן נישט וואָס צו באַקלאָגן זיך אויף דער סאָוועטישער מאַכט...

— און אַז מיר זיינען שוין קוסטאַרן? — רופט זיך אָפּ אַ צוויי־טער גאַסט, אַ פרוי — מיר מאַכן מילכיקס: איז לייגט מען דען נישט אַרויף אויף אונדז קיין נאַלאָגן (שטייערן)? מען וויל מיר זאָלן מאַכן אַן אַרטעל, מען זאָל צונויפנעמען אַלע פון דער געגנט און מאַכן אַ פאַבריקע בשותפות, וועט מען אויף אונדז קיין נאַלאָגן נישט אַרויפ־לייגן. צו וואָס דאַרפן מיר עס? אַלע יאָרן געמאַכט מילכיקס אַליין און נאָך געגעבן מענטשן צו פאַרדינען אויך, פּלוצים גאָר אַן אַרטעל... גאָר גאָרנישט, פּרנסה, דאַנקען גאָט, פעלט נישט. האָבן מיר אַ צרה מיט דער דירה. די באַלעבאָסטע, אַ צײלעמניצע, אַ כוליגאַנקע, — אַט אַזעלכער האָט מען עס צוריקגעגעבן די דירה! אַ קרענק וואָלט איך איר געגעבן! דער גלח גייט דאָך ביי איר פון שטוב נישט אַרויס! — וויל זי נישט ליידן למאַי מיר מאַכן מילכיקס ביי איר אין הויף. ס'שטינקט איר, זאָגט זי, די זויערע מילך, שטינקען זאָל איר פּונעם האַלדז, רבונו של עולם. גיט זי אויף אונדז איין מיר זאָלן זיך אַרויסציען; איז וועמען זשע, מיינט איר, האָט מען צוגעפּסקנט? אַוודאַי איר, דער כוליגאַנקע, וואָס איז? די אַנדערע שכנים זאָגן אויך, אַז סע שטינקט זיי. און אַט — האָט איר אייך סאָוועטסקע וולאַסט!...

— שאַט, שאַט! אַט וואוין איך ביי אַ פרומען אידן, וואָס גייט

אין שיל אריין פונקט ווי אייער גויע צייל׳עמט זיך און מען האט אים אויך צוריקגעגעבן די דירה, איז ער א כוליגאן, נאך ערגער ווי אייער צייל׳עמניצע. קומט מען צו אים דינגען א וואוינונג, מעסט ער אייך אפ פון אויבן ביז אראפ. טאמער זענט איר אן ארבעטער, א קוסטאר, וועט ער אייך נישט פארדינגען. איר מיינט וואס האב איך אים אפגעטון? איך קום צו אים און זאג אים: „איר ווייסט, אייער וואוינונג געפעלט מיר. א „נעפמאן", האב איך פיינט מען זאל מיר ארייננקוקן אין טעפל"... דער איד האט זיך גאר דערפרייט איבער מיר. אוודאי קומט צו אים אריין די קאנטראלנע קאמיסיע פונקט פאר דעם ווי איך דארף אים צאלן דירה־געלט און גיט א מעסט אויס די דירה מיינע: — חבר, א גאנצן טשערוואנעץ דארפסטו באצאלן יעדן חודש דירה־געלט פאר די צוויי צימערן מיט דער קיך. אז דער איד האט שיר נישט א מיתה משונה איינגענומען אויפן ארט... — אזוי — זאגט ער — זענט איר גאר א חבר... ווער מיינט איר, זיינען זיי אלע, די וואס מען האט זיי צוריקגעגעבן די הייזער? צייל׳עמניקעס, גאטס גנבים אדער גלאט הויט־שינדער. מען צערעמאניעט זיך שוין צופיל, מיט אט די לייט! איר פארשטייט, א ראבאטשע מענטש דארף זיך אפשלאגן די פיס ביז ער געפינט א דירה און אט דער לײדיקגייער, אט דער שונא, אט דער פעטליורע, האט זיך זיין אייגענע דירה...

— וואס זשע מיינט איר? — הויבט אן א צווייטער מיר אויפקלערן דאס דירה־פראבלעם אין אדעס — טאקע א צרה ביי אונדז מיט דירות. מלחמה-צייט האט מען נישט געבויט, אפילו נישט פאריכט. דערנאך ביי דער „גראזשדאנסקע" מלחמה (בירגער־קריג) האט מען צעבראכן, חרוב געמאכט די הייזער; דערנאך איז געווען דער הונגער מיט די מגפות... פריער, אז די סאוועטסקע וולאסט האט עקספראפריאירט אלע הייזער, איז נאך געווען נישקשה, דער שטאטישער סאוועט האט אריבערגעפירט די ארבעטער־פאמיליעס פון דער מאלדאוואנקע, פון די שמוציקע הויפן אין די שטאטישע הייזער. די בעסערע, פארשטייט זיך, האט מען אפגעגעבן אויף מלוכה־אנשטאלטן און ארבעטער־ארגאניזאציעס. דערנאך, אז עס איז איינגעפירט געווארן דער „נעפ", האט מען א סך דירות צוריקגעגעבן די פריערדיקע באלעבאטים, די וואס האבן געהאט צו איין דירה און האבן צוגעזאגט זי רעמאנטירן. די איבעריקע

הייזער האט דער „גארסאוועט" (שטאט־ראט) איבערגעגעבן די שכנים: וואוינט אייך און פאריכט אייך און צאלט נאר פאר וואסער, פאר עלעקטריציטעט און פאר פאריכטן די טראטוארן. וואוינט מען פון דעמאלט אן אזוי. די שכנים פון יעדן הויף אדער צוויי און אמאל דריי זיינען מיטגלידער פונעם וואוינונגס־קאאפעראטיוו „זשילקאאפ", אויף אוקראיניש „זשיטלאקאאפ", זיי קלייבן זיך אויס א פארוואלטונג, זיי טראגן אהין אריין דאס דירה־געלט, און די פארוואלטונג צאלט שוין אין „גארסאוועט" און דעם „סטראזש". דאס דירה־געלט, איז פאר־שטייט זיך, לויט א טאקסע, פונעם מעטער. פאר ארבעטער און סא־וועטישע אנגעשטעלטע וויניקער, פאר קוסטארן — עפעס מער, פאר „געפלייט" איז קיין טאקסע נישטא. נאר זיי נעמט מען בכלל נישט אן פאר מיטגלידער אין די „זשילקאאפן". אז עמיצער וויל ווערן א מיטגליד אין „זשילקאאפ", גיט ער אן א ביטע אין דער פארוואלטונג און אויף א פארזאמלונג פון די שכנים, ווערט אנגענומען אדער אפ־געווארפן, נאכדעם ווי מען דערוויסט זיך ווער ער איז. א סך הייזער האט מען פארבראקעוועט, זיי טויגן שוין נישט אויף צו וואוינען אין זיי, מען דארף זיי אינגאנצן איבערבויען, נישט נאר די הייזער דארף מען דארט איבערבויען, נאר אפילו די גאסן, מערסטנס, די שמאלע געסלעך. א סך הייזער האט מען שוין ביי אונדז איבערגעבויט. די מלוכה בויט גרויסע געביידעס פאר יאסליעס (קינדער־הייזער), ארבעט־שולן, פאבריקן און הייזער פאר ארבעטער. די הייזער פאר ארבעטער בויען זיך די ארבעטער גופא, נאר די מלוכה גיט זיי נײנציק פרא־צענט פונעם ביודזשעט אויף אויסצאלן, ווען זיי שטעלן צו א פלאן און זייערע צען פראצענט. אויף א פאבריק, למשל, מאכן זיך די אר־בעטער א פאנד, א בוי־פאנד, און מען טראגט אים אריין אין באנק; מען מאכט א פלאן, לאמיר זאגן, אויף א הויז פאר דרייסיק משפחות, אט אזוי ווי ביי אונדז אויף דער שוך־פאבריק; מען מאכט דעם ביוד־זשעט, מען שטעלט אים צו אין באנק און די באנק גיט שוין ארויס די איבעריקע נײנציק פראצענט. דער „גארסאוועט" ווייזט אייך אן א פלאץ, דארט, וואו אייך איז באקוועמער, נעענטער צו דער ארבעט, צו דער פאבריק. פלאץ קאסט קיין געלט נישט. אין סאוועט רוסלאנד איז ערד נישט קיין זאך צום קויפן און פארקויפן. און איר בויט אייך אויס

א הויז, אַן אייגן הויז, איר ווערט אַן אייגנטימער. איר לאַכט? אין סאָוועט רוסלאַנד איז גאָר קיין אייגנטום נישט אָפּגעשאַפט; אבי נישט צוליב קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, מעגט איר האָבן אייגנטום... אַז אין פאָנד זאַמלט זיך אָן נאָך צען פּראָצענט, שטעלט מען ווייטער צו א פּלאַן מיט א ביודזשעט און אזוי ווייטער, ביז אַלע אַרבעטער האָבן אייגענע הייזער. אָט דאָ באַלד טאַקע, אויף לעקערט־גאַס בויט זיך אזא הויז פאַר דרייסיק משפּחות. יעדע וואוינונג וועט האָבן צו דריי צימערן מיט א קיך און מיט א באָד־צימער, אינמיטן הויף וועט זיין א גאָרטן. דאָס ווערט געמאַכט כדי עס זאָל זיין גענוג קוילנשטאָף פאַר די איינוואוינער... ביז אָבער אַלע אַרבעטער וועלן האָבן נייע וואוינונגען, איז שווער צו קריגן א וואוינונג. עס קומט אַמאָל אַזוים אַרויס־צושטעלן פון דער וואוינונג א „נעפּמאַן", וואָס וואוינט שוין לאַנגע יאָרן אין א הויז פון א „זשילקאָאָפּ", צוליב אַן אַרבעטער פאַמיליע, וואָס איז געבליבן אָן א וואוינונג. וואָס סע טוט זיך דעמאָלט אָפּ! גאַנץ אַדעס גייט דעמאָלט כאַדאָראָם. וויפיל די סאָוועטישע מאַכט כאַפּט דעמאָלט אַריין קללות! און סע טרעפט, אַז א פאַרוואַלטער פון „זשילקאָאָפּ" פאַרדינגט א וואוינונג פאַר א „נעפּמאַן", דעמאָלט ווען ס'איז פאַראַן אויף איר אזוי פיל בעלנים אַרבעטער. אַדעס איז דעמאָלט גאַנץ רואיק, נאָר סוועטלאָוו וועט שוין וועגן דעם אָנשרייבן א גרויסן פעליעטאָן אין „וועטשערניאַ איזוועסטיאַ" און דער פאַרוואַלטער וועט שוין לאַנג פאַר־וואַלטער נישט בלייבן.

— און איך — רופט זיך אָן דער קוסטאַר, וואָס האָט שוין באַלד דערגרייכט זיין פינף-יעריקן סטאַזש — וואָלט אזא פאַרוואַלטער אַוועק־געשיקט, איר ווייסט וואו? אין סאָלאָווקי וואָלט איך אים אַוועקגע־שיקט, וואו מען שיקט אַוועק די וואַליוטשיקעס מיט די סאַבאָטאַזש־ניקעס.

— ע, מיט דיר איז נישטאָ וואָס צו ריידן, דו ביסט א הייסער קאָמוניסט. מען האָט דיך שוין געריייניקט?...

— הלואי רייניקט מען מיך. נישט יעדערער האָט דערצו די זכיה. מען פלעגט פריער נעמען אין דער פאַרטיי יעדן איינציקן, אבי אַן אַרבעטער; היינט פרעגט מען אויף יחוס, וואָס פאַר א יחוס קען איך זיי אָנגעבן? אַז מיין טאַטע איז געווען א שניטקרעמער? אַז מיין

זיידע האָט געהאַלטן אַ באַקאַליינע קלייטל? אַז מיינע פעטערס האָבן געטאַפּט אַ וואָגן אין מאַרק?

— איך פאַרשטיי נישט מיט אַן אמת, וואָס קער זיך דאָס אָן איינעם צום צווייטן. אָבער דו, ביזט אַן אַרבעטער?! צי אַ שטייגער אין „וואוז" (העכערער בילדונגס אַנשטאַלט) קען מען נישט אַריין, וואָס איז די עלטערן זיינען נישט קיין אַרבעטער, איז וואָס זשע זאָלן זיי טון? ס'איז דאָך נאָך ערגער ווי ביי ניקאָלאַיען!...

— איר האָט שיין פאַרגעסן, פעטער, ווי ס'איז געווען ביי ניקאָלאַיען... וואו שטייט עס געשריבן, אַז זיי מוזן זיין דאָקטוירים און אינזשעניערן? פשוטע אַרבעטער שטייט זיי נישט אָן צו זיין? אַלאַ יואָס דען, ביזט אַ טאַטנס אַ קינד און רייסט זיך דווקא אויף אַ דאָקטאָר און אויף אַן אינזשעניער, איז עס דאָך טאַקע ערשט אַ באַווייז, אַז מען טאָר דיר נישט געטרויען קיין פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. זיי האָבן גענוג צרות אָנגעאַרבעט די טאַטנס קינדער. וואָס זשע דען, ווילסט פאָרן קיין אויסלאַנד דערנאָך? איז ווער זשע איז מחויב דיך צו לערנען אומזיסט, דיך אויסהאַלטן מיט פּראָפעסאָרן און מיט ביכער, אַלץ מיט אַן אַנדער? זיינען טאַקע אַ סך אַזעלכע יונגעלייט געפאָרן קיין אויסלאַנד שטודירן. און די וואָס ווילן מיט אַן אמת שטודירן און זיינען נישט אויסן דעם דיפּלאָם און די שטעלע, קענען סיי ווי שטודירן. אַלע טירן זיינען אָפן אין די אוניווערזיטעטן פאַר יעדן איינעם. מען פרעגט דיך נישט ווער דו ביסט און וועמענס דו ביסט. קומסט אַריין, זעצסטו זיך אַוועק אויף אַ באַנק גלייך מיט אַלעמען און הערסט די לעקציעס, פאַרשרייבסט דיר די טעזיסן און מאַכסט דיר די אויפגאַבן, מער נישט, אויף עקזאַמען נעמט מען דיר נישט און מען גיט דיר נישט קיין ביכער און קיין וואוינונג מיט קיין עסן, מיט קיין שיך און קליידונג, מיט קיין בילעטן אויף האַלבן פרייזן אין טעאַטער, אויפן טראַמוויי, אין די קופּאַלניעס, ווי אַן אַרבעטער. איר זאָגט, ערגער ווי ביי ניקאָלאַיען. וואו האָט איר ביי ניקאָלאַיען געזען אַז אַן אַרבעטער זאָל גיין אין אוניווערזיטעט?

— הייסט עס, נעמען איצט די באָלשעוויקעס נקמה פון די נעפּלייט פאַר ניקאָלאַיס חטאים?

— ס'איז נישט קיין נקמה, פעטער. די סאָוועטישע מלוכה האָט

זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אָפּצושאַפן דעם קאַפּיטאַליסטישן „סטראָי“, ס׳זאָל נישט זײַן קײן אָרעמע און רײַכע, קײן בורזשואַזיע און פּראָ־לעטאַריאַט. איז וואו זשע האָט איר דאָ נקמה? נאָר וואָס דען, פריער איז די שקאָלע מיט דער גימנאַזיע מיט דעם אוניווערזיטעט געווען בײַ דער בורזשואַזיע אין די הענט אַ מיטל אויף צו פאַרשטאַרקן איר הער־שאַפט; איצט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט גענומען אײַנפירן דעם קאָמוניזם, נעמט ער זיך צו הילף די שולע און דעם אוניווערזיטעט, אויף דורכצופירן זײַנע אידייען, זײַן אָרדענונג און זײַן ווירקונג. שײַן וואָלט די סאָוועטישע מלוכה אויסגעזען, ווען זי גיט אַ לאָז אַרײַן אין די אוניווערזיטעטן דאָס גאַנצע ביסל בורזשואַזיע און די אַרבעטער מיט די פּויערים זאָלן ווי פריער בלײַבן אומוויסנדיק!

— און אַז די בורזשואַזע קינדער זײַנען פאָרט פעאיקער? קענסטו פאַרגלײַכן אַ פלינקן קעפּל פון אַ שטאָטישן אינגל, צו אַ דאָרפישן באַמולע?

— פּע, סע נישט שײַן, פעטער, ווי איר רעדט. אין די אַלטע רוסישע כרעסטאָמאַטיעס פלעגט קײנמאָל נישט פעלן די מעשה מיט דעם דאָרפישן אינגל לאָמאָנאָסאָוו, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין שטאָט אַרײַן לערנען און ס׳איז פון אים אויסגעוואַקסן אַ געלערנטער. ווען איר זעט מיט וואָס פאַר אַ פרישע קעפּ, נישט צעבאַלעוועט פון דער שטאָטישער ציוויליזאַציע, די פּויערישע בחורים לערנען, וואָלט איר זיי מקנא געווען, וואָלט איר זיך געוואונטשן, אַז אײַער פלימעניק דאָרט אין בערלין, זאָל אַזוי לערנען.

די דיסקוסיעס האָבן זיך אַרײַנגעצויגן שפּעט אין מיטיק אַרײַן. נאָר איך וואָלט מוחל געווען די מיטיקן פאַר די דיסקוסיעס, פון וועלכע איך ווער געוואָוירע אַזעלכע אינטערעסאַנטע זאַכן. אָט איז מיר, למשל, קלאָר געוואָרן פון הײַנטיקן שמועס דער עניָן אַרטעלן און דירות און דאָס רײַסן זיך פון סוחרישע קינדער צום שטודירן.

## 30

היינט נאָך מוז איך אַ קוק טון אויף אָדעס.

מיר גייען דורך דעם הויף, אַן אָדעסער פּירעקעבדיקער דרייגאָרנ־דיקער הויף, פול מיט פענצטער, אָפענע אָדער פאַרמאַכטע, נאָר נישט פאַרהאַנגענע, דורך וועלכע עס זעט זיך דאָס גאַנצע באַלעבאַטישקייט פון די דירות און דער גאַנצער זומערדיקער „נעגליזשע” פון די באַוואוינער.

צוגעוואוינט צו דער בוענאָס איירעסער פאַרשלאָסנקייט, צו די דירות אָן פענצטער און צו די פענצטער מיט די אייביק אַראָפּגעלאָזטע פאַרהאַנגען און שטאָרן, הינטער וועלכע עס לעבן אויס זייערע יאָרן אַלטע פאַרביטערטע, קאַטוילישע מוידן אָדער עס באַווייזט זיך זעלטן אַ שמייכלדיק פריש פּנים פון אַ „סעניאָריטע”, וואָס כאַפּט אַ קוק צי שטייט נישט דער זיבן יאָר וואַרטנדיקער חתן הינטערן פענצטער אָדער ביים טויער; צוגעוואוינט צו דער פאַרשלאָסנקייט, וואָס באַהאַלט אויס פאַר אַ פרעמד אויג די רייכקייט ווי די אָרימקייט פון די הויז־באַוואוינער, שאָקירט מיך דאָ די אָפנקייט, וואָס באַהאַלט קיין זאַך נישט אויס.

— דאָס גאַנצע ביסל אָרימקייט זעט מען אַרויס דורך די פענצ־טער. — מערק איך אָן.

— אָרימקייט איז קיין שאַנד נישט — ענטפערט מיר מיין באַ־גלייטער מיט אַ ווערטל און פאַרכאַפּט זיך דערנאָך: — אייגנטלעך קען מען שוין היינט זאָגן „אָרימקייט איז אַ כבוד”, אָרימקייט איז היינט דער גרעסטער יחוס און פאַרקערט, שעמט מען זיך היינט מיט רייכקייט.

— נישט מען שעמט זיך — רופט זיך אָן אַ צווייטער — נאָר מען האָט פּשוט מורא; ביי אונדז אין הויף וועט מען קיין „נעפּמאַן” קיין דירה נישט פאַרדינגען. און אַז ער וועט זיך שוין יאָ אַריינכאַפּן, וועט ער דען נעמען אויפרייסן דער וועלט די אויגן מיט שיין מעבל?

שפּעטער מיט אייניקע טעג איז מיר גראָד אויסגעקומען צו זיין אין אַ שטוב, וואו אַ פרוי האָט זיך פאַר מיר, דעם אַמעריקאַנער, גע־קלאָגט, אַז זי האָט אַ שלעכטע דירה.

— וואָס קומט מיר אַרויס — האָט זי זיך געקלאָגט, — אַז מיין

מאַן פאַרדינט אַ סך, אַז ער מאַכט מיר שיינע קליידער, אַז מען קען זיך נישט אָנטון... אַז איך וויל עסן הון יעדן טאָג, באַקומט עס מיר נישט. אירט מיר גלויבן, אַז ווען איך וואַרף אַריין די ביינדלעך אין מיסט, פאַרוויקל איך זיי אין אַ פּאַפּיר...

דער ברוק אין הויף איז זייער נישט אין אָרדענונג. אַרויסגעריסענע שטיינער. ערטערווייז שלעכט פאַריכט. דער גאַנצער הויף פאַרדערט שוין אַ גרינטלעכן רעמאָנט.

— פאַרוואָס זאָרגט זיך נישט אייער „זשילקאָאָפּ" צו רעמאָנטירן דעם הויף?

— ער זאָרגט זיך, נאָר מאַטעריאַל קאָסט טייער און אַרבעט קאָסט אויך טייער און דאָס דירה־געלט טראָגט נישט.

אין הויף האַקט מען האָלץ. דאָס גרייט דער „זשילקאָאָפּ" הייצונג פאַר די איינוואוינער.

אויף דער גאַס איז דער ברוק נישט בעסער ווי אין הויף.

— דאָס איז שוין געלד. — ענטפערט מיר מיינער אַ באַגלייטער אויף מיין אָנמערקונג. מיט אַ פּאָר יאָר פריער איז געווען נאָך ערגער. געווען גאַסן, וואו מען האָט אַלע שטיינער פון די טראָטואַרן אַרויסגעריסן...

הינטער אַ יונג ביימל, וואָס גיט קוים אַ שאָטן, זיצט אויפן טראָטואַר אַן אַלטער איד ביי אַ שוסטער־וואַרשטאַטל און לאַטעט שיך.

— געווען דאָ גרויסע ביימער, האָט מען זיי אויסגעהאַקט אין די הונגער־יאָרן, אויף הייצונג. וואָס האָט מען דען דעמאָלט נישט אויסגעהייצט? דאָס בעט אַפילו, ווער עס האָט געהאַט...

דער הויף, וואו מיין ברודער וואוינט, געפינט זיך אויף דער קאָאָפּעראַטיווער גאַס (פריער באַזאַרנע). קעגנאיבער איז די אידישע טעכנישע שול „מעטאַל" (געוועזענע „טרוד") און עטוואָס נידעריקער דער „יעווראַבמאָל" (אַרבעטס־היים פון דער אידישער יוגנט).

די למודים דאָ הייבן זיך ערשט אָן אין סעפּטעמבער. נאָך פאַראַן צייט זיי צו באַזוכן.

מיר לאָזן זיך גיין לענגויס דער גאַס.

**— זעסט? דאָ איז די אידישע אַקאַדעמישע ביבליאָטעק.**

איך דערזע א אידישע שילד „ארבעט שול נומער... אויפן נאָמען פון קרופסקאיא".

— ס'איז קאָניקול צייט, מען לערנט איצט נישט. נאָר פאַראַן דאָ אַ היפּשע צאָל אידישע ארבעט-שולן.

וויפיל אקוראט ווייסט ער נישט, נאָר אַ דריי צענדליג זיכער. ער ציילט: אויפן נאָמען פון לענין, פון שלום עליכם, פון מענדעלי מוכר ספרים, פון אברהם רייזען...

אויף די מערסטע הייזער זיינען פאַרצויגן רויטע לייוונטן מיט ווייסע אויפשריפטן אין אידיש, אין אוקראַיניש און אין רוסיש. די אויפשריפטן זיינען אויסגעהאנגען צום פּראָטעסט קעגן די כינעזישע שיקאַנעס אין ווייטן מזרח און צום טאָג פון אלוועלטלעכן פּראָטעסט קעגן מלחמה, דעם 1־טן אויגוסט. אויף די לייוונטן לייען איך:

„דער אימפּעריאַליזם פירט צו מלחמה", „פּראָלעטאַריער פון אלע לענדער, פאַרוואַנדלט די מלחמה אין בירגער־קריג!" און ענלעכע. אָפט טרעפט איר אזא רויטן לייוונט איבערגעצויגן איבער דער גאַנצער ברייט פון דער גאַס.

מיר שניידן איבער די פּושקין־גאַס, די לענין־גאַס (געוועזענע רישעליעווסקע), די קאַרל מארקס גאַס (געוועזענע יעקאַטערינינסקע) און מיר שניידן אריין אין אלטן מאַרק. דאָ האָט זיך גאָרנישט געביטן. מיר דוכט די זעלבע הילצערנע קלייטלעך, וואָס פאַרקויפן אלט אייזן, פון אַ פאַרזשאַווערטער זאַווּיסע ביז אַ קעפּל פון אַ נייי־מאַשין, טאַנדייט און צעלניק און הילצערנע קאַסטנס...

— זעסט אָט די קלייטלעך? ס'איז אויך קאָאָפּעראַטיווע. ווען אפשר געפינען אַ פּאָר צווישן זיי, וואָס זיינען נישט אָנגעשלאָסן אינעם פאַריין פון די קאָאָפּעראַטיוועס.

מיר פאַרנעמען זיך פון דאָרט אויף דער לעקערט־גאַס (געוועזענע באָלשאַיאַ ארנאַוטסקאַיאַ) וועלכע איז צוזאַמען מיט דער מאַלאַיאַ אר־נאַוטסקאַיאַ (היינט „פּראָלעטאַרסקאַיאַ"), געווען איינע פון די באַ־וואוסטסטע אידישע האנדלס־גאַסן, די גאַס פון די גרויסע קאָלאָניאַל געשעפטן, פיש־געשעפטן און איינפּאַר־הויפן. שטיל איז אויף די דאָ־זיקע צוויי גאַסן. וואו נישט וואו, איז אָפן אַ געשעפט מיט אן אלטער פאַרזשאַווערטער שילד.

לעבעדיקער עטוואָס איז ביי אַ גרויסן נאַפּט־לאַגער, וואו מען לאָדט אָפּ פּעסער. נאָר ווי גיי עס איז נישט די שילד אויף דעם לאַגער, בלייבט אָבער אין מוח דער איינדרוק פון אַלטקייט, פון פאַרגאָסענעם נאַפּט איבערן אייזן פון די אַלטע קראָמען. פּונקט ווי ביי די אַלטע קראָמען פון אַ פּאַרוואָרפענעם קרייז־שטעטל אין אַ פּוסטן זומער־טאָג, זיצן אויף סחורה־קעסטלעך חברה לײדיקגייער און ווערטלען זיך. עס גייט פאַרביי אַ האָפערדיקע מיידל צי אַ ווייבל און עס באַגעגענען איר קאָמפּלימענטן:

— סע געפערלעך!

דאָס איז אַזאַ מין קאָמפּלימענט, וואָס אויף איידעלן לשון קען עס הייסן: רייצנד!

דאָס מיידל וואַרפט צוריק אַ וואָרט. זי איז נישט באַליידיקט, פאַרקערט, עס טוט איר הנאה; זי טרעט נאָך שטאָלצער און די באַקן נעמען איר נאָך מער בליען.

אויף דער לעקערט־גאָס גיי איך פאַרביי דאָס שמאָלע אוספּענסקע געסל, וואָס האָט פון ביידע זייטן געהאַט אַמאָל צוויי באַרימטע „טראַקטירן", דעם „צאַרסקאָיע סעלאָ" און אַליינקאָווס, וואו די מאַלערס און אַ צייט אויך די איינבינדער, צוליב זייער זומערדיקער קרובהשאַפט מיט די מאַלער און שפּאַלירער, האָבן געהאַט זייער בירזשע. די טירן זיינען געשלאָסן. איך גיב אַ קוק אַרויף אין די פענצטער, פון וואַנען איך וויל דערבליקן די בייכיקע באַבלימטע ווייסע טשייניקעס; די „שעס־טיאָרקעס", אָט די קאַלוגער און קאַשימער גלאַט צוגעקעמטע בחורים אין רויטע אָדער ווייסע העמדלעך, וואָס פלעגן פאַר זעקס רובל אַ חודש טראָגן פון פינף אַזייגער פאַרטאָג ביז צוועלף אַזייגער ביינאַכט טשייניקעס מיט געזאָטן וואַסער פאַר די שטענדיקע טראַקטיר־זיצער, ביים איינציקן „פּאָרל טיי", און כאַפּן פּעטש פונעם באַלעבאָס, וואָס האָט געקיניגט פונעם בופעט ביז דער מוזיק־מאַשין; צי וועט זיך נישט באַלד דערהערן דורך די פענצטער די הייזעריקע מוזיק פון אָט דער מאַשין מיט אירע טאַנצנדיקע קוקלעס, אונטערן שטעקעלע פון דעם אויסגעפאַרבטן שטרענגען דיריגענט: „מאַרוסיאַ" אָדער „פּאָנאַפּראַסנאָ וואַניאַ כאָדיש"... און די פענצטער זיינען אַלץ פאַרמאַכט, מיר דוכט ווי מען וואָלט זיי שוין לאַנג נישט געעפנט און איבער די פענצטער —

אַ שילד פון עפּעס אַ באַלמעלאָכישער קרעדיט געזעלשאַפט. אַ וויינקעלער איז דאָ געווען, וואו מען פלעגט זיך אַמאָל אַראָפּכאַפּן טרינקען אַ גלעזל קאַושאַנער אָדער אַקערמאַנער, איז ער ווי מיט פּאַוטינע פאַרוואַקסן און נישטאָ. דאָ זיינען אויך די צוויי הויכע דאַרע שטיוול־פּוצער, ביידע פאַרכעס, וואָס זיינען אַזוי סימעטריש געשטאַנען אויף ביידע זייטן געסל און וואַוויליונגעריש און הפקרדיק געשיט מיט „חכמות". נישטאָ... נאָר זייט נישט פאַרצווייפלט, נידעריקער מיט אַ פּאָר קוואַרטאַלן שטייט פאַר אייך אָפן אַ טיי־הויז. נישט אויף קיין כּרעפּ און אָן אַ „מאַשין" אפילו, נאָר איר קענט דאָ באַקומען אַ „פּאָרל טיי" אויפן אַלטן שטייגער, מיט „קיפּיאַטאָק" (געזאָטענע וואַסער) וויפיל אייער האַרץ גלוסט. עס זיצן דאָ עלטערע באַלמעלאָכעס, וואָס יעדערער האָט זיך זיין צונאָמען. „אויסגעדינטע" אַרבעטער, וואָס לעבן פון פּענסיע אָדער ווערן אויסגעהאַלטן פון זייערע קינדער. זיי זיצן דאָ און ריידן פון פּאָליטיק, לייענען אַ צייטונג אָדער אַ ביכל און דערציילן מעשיות פון אַמאָליקע שטרייקן און ווי אַזוי נחמן דער קויטיקער האָט אים אָפּגערעדט פון איציקל גלאַוונע און אים געגעבן מיט גאַנצע פופציק קאָפּיקעס אויפן טאָג מער, נאָר ער, „האָט שוין געדריפּעט אויף זיין טאַטן", ווייל יאַנקל ניקאָלאַיעווער האָט אים שוין געגעבן צוויי רובל אַ טאָג...

ביי דער זייט — אַ שילד מיט אַ שיינעם געפלאָכטענעם קוילעטש, אַ פאַרניטעטן און מיט אַ „פראַנדזאָליע". אויך אַ טרייסט פאַר אייער אַלטער אָדעסער נשמה. נאָר קויפן אַזאַ קוילעטש קענט איר נישט, וואָרום מען באַקומט נאָר שוואַרץ ברויט אָדער האַלב ווייסן און דער שיינער פאַרניטעטער געפלאָכטענער קוילעטש רייצט בלויז ביי די אָדעסער אידן זייער פאַנטאַזיע אָדער דערמאָנט זיי אין אַמאָליקע גוטע צייטן.

און ווידער אַ שילד, אַ טרייסט פאַר די העברעיסטן און שילאידן פון דער גאַנצער וועלט. מיט שוואַרצע אותיות אויף אַ ווייס פּירעקעכדיק ברעטל איז אויפגעשריבן: „בת הקנסת כרש זהב", וואָס מיינט אַ פּנים די שיל פון די גאָלדשמידער. און ווייטער אַזאַ שילדל, אויף וועלכן עס איז אויפגעשריבן אויך אין דעם זעלבן העברעיש „שוב ומוהל. בכן מוכרים תליתים".

וואו זיינען אהינגעקומען די אדעסער העברעיסטן? — האב איך מיר געטראכט, — ארער זיינען אט דאס די אדעסער העברעיסטן, וואס לייגן אזוי איין די וועלט פאר העברעיש?

— די אדעסער העברעיסטן — רוף איך מיך אן צו מיין באגלייטער — וואס גייען אויף קאטארגע פאר לייענען א העברעיש ביכל, וואלטן אויף דעם זעלבן חשבון שוין געמעגט מאכן אן איבערפאל אויף דעם „בת הקנסת כרש זהב" און אויף דעם „בכן מוכרים תלתים".

— איר מיינט דארט מיט אן אמת, אז דא האט מען זיי שטארק אינגזינען, די העברעיסטן. איר זעט דאך די העברעישע שילדן שטייען שוין דא א היפש ביסל יארן און קיינער קוקט זיך אפילו נישט אום אויף זיי.

— און די ציוניסטן? — פרעג איך שוין ווייטער.

— וועמען ליגט עס דא אינזינען? אמאל, אז מען פלעגט צושטיין צו א אידן ער זאל קויפן א שקל אדער אן אקציע, צי א מארקע פון נאציאנאל פאנד, פלעגט ער קויפן, ווייל עס האט אים נישט געפאסט אפצוזאגן. היינט, ווער דארף עס דא האבן? וועמען גייט עס אפ? ס'פעלט עמיצן צו פרנסה?

— פארוואס זשע פארשיקט מען זיי? — פרעג איך ווייטער.

— וועמען?

— די ציוניסטן.

— וועלכע ציוניסטן?

— וואס הייסט וועלכע? די ציוניסטן, וואס פארקויפן שקלים אויף אקציעס און ווילן אקערן ערד און פלאנצן ביימער אין ארץ־ישראל... — גיב איך אים צו פארשטיין מיט שלום עליכמס ווערטער.

— וואו האט איר דאס געהערט?! — פרעגט ער מיך און שטוינט.

— וואס הייסט, וואו? — ענטפער איך — אין די ציוניסטישע בלעטער האב איך עס געלייענט און ביי אונדז האט מען אפילו אפגעהאלטן פראטעסטן קעגן דער יעווסעקציע, וואס מסרט זיי צו דער סאוועטישער מאכט פאר קאנטררעוואלוציאנערן.

— זאג זשע זיי דארט, אז זיי ווייסן נישט וואס זיי שרייבן. ווארום פארשיקט האט מען טאקע, נאר נישט קיין ציוניסטן. מען האט פארשיקט עטלעכע יונגעלייט, ציוניסטן סאציאליסטן, וועלכע האבן

שום נישט פארשטאנען, אז זיי שפּילן זיך מיט פייער. סאמע ווען ענגלאנד האָט געגראָבן אויף סאָוועט רוסלאנד און מ'האָט זיך געריכט יעדן טאָג אויף אַן אָנפאַל, זיינען זיי ארויס מיט א דעמאָנסטראַציע פאר ענגלאנד, מיט א לויב צו איר פאר דער באלפור־דעקלאַראַציע און מיט א קריטיקע אויף די סאָוועטן; זיי זיינען קעגן סאָוועטן; זיי זיינען פאר סאָציאַליזם אַן סאָוועטן, די „אוטשרעזשדיטעלנע סאָבראַניע" ווילן זיי... פריטשאָם זשע טוט יעווסעקציע? — פארענדיקט ער אויף זיין אדעסער אידיש. — וואָס מיינען זיי דאָרט, אז ס'איז דאָ עפּעס א שפּילכל? ווייסט איר, אז חס וחלילה, ביי אַן איבערפאַל, שטייט אדעס אויפן ערשטן פייער? איר ווייסט וויפיל אדעס האָט שוין אי־בערגעליטן? ווער האָט שוין נישט געשאָסן אויף אדעס און ווער האָט שוין נישט געהאַלטן אדעס אין די הענט?! אז אדעסער אידן האָבן דערהערט די מעשה מיט די יונגעלייט, זיינען זיי אויפגעקאָכט געווען. ווען מען אַרעסטירט זיי נישט, אָט די יונגעלייט, וואָלטן זיי אדעסער אידן אליין צעריסן אויף שטיקער. איר מיינט ווער? טאָקע די ציור־ניסטן. די אידן, וואָס האָבן אמאָל געקויפט א שקל מיט אַן אַקציע און וואָס ביי אייך פּראָטעסטירן זיי דערפאר וואָס מען האָט זיי אַרעס־טירט און פארשיקט.

מיר האָבן זיך פאררעדט און זיינען ארויף אויף א צווייטער גאָס.

די מאַלאַ ארנאוטסקאַיאַ, וואָס רופט זיך היינט פּראָלעטאַרסקאַיאַ, פירט צום אָרט, וואו אמאָל איז געווען דער „טאָלטשאָק", די „אב־זשארקע", די „פריוטן" פאר באָסיאַקעס און בעטלער, דער מאַרק, וואָס מען האָט גערופן „דעם גראָדאָנאַטשאַלניקס הויף", די באַראַקן אויף טריאָכאוגאָלני פּערעאולאָק, וואו עס האָבן געוואוינט די „קאַצאַפּעס", וועלכע קומען קיין אדעס אויף ארבעט פון די ווייטע גרויס־רוסישע גובערניעס. בכלל, דער וועג וואָס פירט פון די צענטראַלע אדעסער גאַסן צו דער מאָלדאַוואַנקע.

געטראָפן האָב איך אויף דעם אָרט א ברייטן יונגן פּאַרק, וואָס טראָגט דעם נאָמען „פּראָלעטאַרסקי פּאַרק", מיט יונגע בוימער, מיט בענק און מיט יונגע פּאָרלעך אויף די בענק. דאָרט, וואו עס זיינען געשטאַנען די נאַכט־אַזילן פאר באָסיאַקעס און בעטלער און „דעם

ג־אדאנאטשאלניקס הויף", שטייען הויכע נייע געביידעס, ארבעטער־הייזער.

אין דער זייט וואס צו דער מאלדאוואנקע, איז דער פלאץ פאר־ענדיקט מיט א נייער ליכטיקער געביידע, מיט צעעפנטע ברייטע פענצ־טער, אין וועלכע איך קוק אריין. דאס זיינען „יאסליעס", א קינדער־היים, אויפן נאמען פון קרופסקאיא. איך קען מיך נישט אפרייסן פון די ווייסע ווענט אין די גרוימע צעעפנטע צימערן, אויף וועלכע עס זיינען פאנאנדערגעהאנגען קינדערשע געמעלן פון חיות און פלאנצן און איבער זיי בילדער פון סאוועטישע פירער.

פונקט אט דא איז דאך געווען דער ווידעפאליער איינפאר-הויף און דא איז דאך געווען די „אטעליע" פון מיין ערשטן באלעבאס דעם שילדן־מאלער!...

איך הער אינדרויסן ארוים א פריילעכן געפילדער פון קינדער און איך מאך, נישט ווילנדיק, א פארגלייך צווישן דעם פריילעכן קינדער־געריוש, וואס טראגט זיך איצט אויף אט דעם ארט און דעם אמאליקן געריוש פון שיכורן געזאנג און זידלעריי פון באסיאקעס און צעפוילטע פראסטיטוטקעס און פון געשרייען און דינגעניש פון די אלטווארג־הענדלער און פון די וואוילע יונגען וואס פלעגן אזוי ממזריש פאר־קויפן די פינפקאפיקע מכשירים און שפילצייג: „זא פיאט, נא פיאט, פא פיאט" אדער „זא טרי, נא טרי, פא טרי"...

איך שטעל זיך אוועק ביי די צוויי פאראלעלע גאסן פון דער מאלדאוואנקע, פראכאראווסקע (היינט כווראסטין גאס) און האספי־טאלנע. אזוי רואיק זיינען די צוויי אמאל רוישיקע גאסן.

מען האט זי אביסל אנטפעלקערט די מאלדאוואנקע. א סך אר־בעטער, וואס האבן געוואוינט אין אירע גאסן, וואוינען איצט אין די צענטראלע גאסן, אין די הייזער פון די בורזשויען. איבערגעפירט האט מען פון דאנעט יענע ארבעטער, וואס האבן געוואוינט אין די ערגסטע הייזער, אין די „הויפן", א מין בוענאס איירעסער „קאנווענטיזשעס", וואס מען האט זיי איינגעוואלגערט.

מיר פארקירעווען פון דארט פארביי דער „אווידיטאריע", וועלכע דערמאנט מיך אין די לעקציעס, וואס פלעגן דא נעגעבן ווערן פון די אוניווערזיטעט־פראפעסארן פארן פאלק און באזונדערס די לעקציעס

פון פיזיקע, צו וועלכע מיר פלעגן קומען, כדי אויסצונוצן די פינצטער־קייט בעתן דעמאָנסטרירן אויפן לייוונט אויף צו פאַנאַנדערוואַרפן פּראָקלאַמאַציעס. איך כאַפּ אַ קוק צום קעגנאיבערדיקן ווינקל, וואו עס איז אַמאָל געווען די ציוניסטישע שול „יבנה", וואו מיר פלעגן קומען פירן דיסקוסיעס וועגן די פּראָגראַמען פון די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן אַקטואירט אין רוסלאַנד. און אָט דאָ, דאַכט זיך, צווישן די יאַטקעס איז געווען דער „טרעזוואָסט", אַ זאַל פון דער געזעלשאַפט צו קעמפן קעגן שיכרות, וואו איך האָב געזען די גרויסע רוסישע אַקטיאָרן אויפטרעטן אין קלאַסישן רעפּערטואַר.

פון דער אַנדערער זייט איז דער „פּריוואָז", דער מאַרק, וואו מען ברענגט די דאָרפישע פּראָדוקטן פאַר דער שטאָט. דאָ איז דער פרוכטן־מאַרק און דער מילך־מאַרק, מען האָט דאָ פאַר דער צייט איינגעפירט זיים: אויסגעבויט אַ געביידע אין צענטער פונעם ברייטן פּלאַץ אויף אויפצונעמען פאַר די קאָאָפּעראַטיוועס די סחורה, וואָס ווערט צוגע־פירט פון די פּויערים. דאָ קענט איר נאָך טרעפן אפילו אַן אַמאָליקן „טראַקטיר", דאָ קען מען זען אויסטרינקען אויף דער גאַס אַ פלעשל בראָנפן אין צווייען און דאָ אַרבעטן מערסטנס אויך די „נעפּלייט". זיי קויפן אָפּ דעם מאַרק און אָפּטמאָל מוזן די קאָאָפּעראַטיוון אָנקו־מען צו זיי. פאַראַן צווישן די לייט באַוואוסטע שלעגער, וואָס האַלטן דעם מאַרק אין דער מורא און ס'איז שווער זיי צו באַקעמפן.

אויף היינט גענוג. מירן נאָך שפּאַצירן איבער אָדעס.

## 31

דער אָדעסער וואָקזאַל האָט זיך מיט גאָרנישט געביטן. פּונקט ווי צוריק מיט פיר און צוואַנציק יאָר, איז ער פול מיט פּאַסאַזשירן און זייער געפּעק, קוישלעך און קלומקעס, וואָס פאַרנעמען די בענק און די דורכגענג; מענער און פרויען, וואָס שטייען אין „אָטשערעד" ביי די קאַסעס און וואַרטן אומגעדולדיק ביז מען וועט עפענען דאָס פענצ־טערל און ביז עס וועט דערגיין צו זיי; שטופּן זיך מיט זייער געפּעק צום אַרויסגאַנג אויף דערשטיקט צו ווערן. פּונקט, ווי צוריק מיט פיר־

און צוואנציק יאָר, קומט מען אהער טרעפן אַ מענטשן פון היימישן שטעטל אָפּצונעמען אָדער מיטצוגעבן אַ גרוס, אַ בריוו, אַ פּעקעלע אהיים. פאַר אַ סך שטעטלשע איז עס אַריין אין געוואוינהייט צו גיין אין די אָוונטן צום וואָקזאַל טרעפן אַ היימישן מענטשן. און אויך די מענטשן זיינען די אייגענע: די אייגענע שטעטלשע פאַרשמאַלצעוועטע קרעמער, וואָס פאָרן קיין אָדעס קויפן סחורה, אויב נישט מיט דעם זעלבן חשק, איז מיט דער זעלבער רוטין, ווי זיי פלעגן אין חדר נאָכ־שרייבן נאָכאַנאַנד דאָס באַוואוסטע „שורה־גריסל” אויף די אויסגע־ווירעטע טעקעס, וואָס דער מלמד פלעגט זיי אויפשרייבן: „איך בין געפאָרן קיין אָדעס קויפן סחורה”; די אייגענע פויערטעס און פאַר־וואַקסענע אידן, וואָס ברענגען מילכיקס קיין אָדעס און פירן איצט צוריק זייערע ליידיקע כלים; די אייגענע שטעטלשע יונגעלייט און מיידלעך, וואָס זיינען אין אָדעס אויף אַ שטעלע, אָדער לערנען זיך דאָ און קומען אויפן וואָקזאַל מיטגעבן אהיים גריסן, בריוו און פּעק־לעך און טאַקע באַווייזן זייער שטאָטישקייט. ווען נישט די ברייט פאַנאַנדערגעלייגטע שטעל מיט ביכער, וואָס דערציילן פון קאַמף און בויאונג, פון אָנגעשטרענגטן לעבן אין משך פון צוועלף יאָר ראַטנ־מאַכט, וואָלט איך געמיינט איך בין אין דעם אָדעס פון מיינע אינגל־שע יאָרן.

שוין פון אָדעסער וואָקזאַל האָב איך אַ גרוס פון מיין געבורט־שטעטל, פון גראָסעלעס.

— דו דערקענסט אָט דעם אידן? — פרעגט מיך מיין ברודער, וואָס פאָרט צוזאַמען מיט מיר אין שטעטל, אָנווייזנדיק מיר אויף אַ הויכן אידן, וואָס שטייט אָנגעשפּאַרט מיט די עלנבויגנס הינטער זיך אויף דעם געפּעק־טיש.

איך דערקען דעם אידן און רוף אָן זיין נאָמען. און מיין ברודער דערציילט מיר שוין, אַז אָט דער געוועזענער רייכער תבואה־סוחר איז היינט אַן עני ואביון. וואָס ער טוט איצט, ווייסט ער נישט, נאָר ער האָט זיך געשדכנט צו זיי אין אַרטעל. מיין ברודער רופט מיר אָן אַ גאַנצע ריי נעמען פון גראָסעלער רייכע תבואה־סוחרים און שניט־קרע־מער און וואָס פון זיי איז געוואָרן. איינער אַ רייכער שניט־קרעמער

וואָס מיין ברודער איז געווען ביי אים אַנגעשטעלט, איז אַ קוסטאַר אין אַדעס און אַזוי אויך אַנדערש.

קוסטאַר מיינט באַלמעלאָכע; אָבער מען דאַרף גאָרנישט קענען קיין מלאכה אויף צו ווערן אַ קוסטאַר; מען קויפט זיך איין אין אַן אַרטעל פון באַלמעלאָכעס, מיט אַ פּאַי, ד. ה. אַריינלייגנדיק אין דער אונטערנעמונג אַ חלק קאַפּיטאַל, וואָס נעמט זיך אָן אויף יעדן מיטגליד און דאָרט געפינט מען שוין אַן אַרבעט פאַר אים, אין דער געשעפט־לעכער טייל פון דער אונטערנעמונג אָדער ביי אַן אַרבעט, וואָס פאַ־דערט נישט קיין קוואַליפיקאַציע. ביי דער פאָרם פון אַרבעטס־צעטיי־לונג, וואָס ווערט איינגעפירט אין אַ קאָלעקטיווער אונטערנעמונג, זיי־נען פאַראַן געגוג פונקציעס, צו וועלכע עס נויטיקט זיך נישט קיין קוואַליפיקאַציע.

אין אָט אַזעלכע אַרטעלן, פון וועלכע אַ סך געוועזענע סוחרים און קרעמער זיינען אליין די גרינדער, געפינען זיך אַ היפּש ביסל שטעטל־שע באַלעבאַטים, וואָס מיין ברודער רעכנט זיי אויס ביי די נעמען.

די אַרטעלן אַרבעטן אויס די פאַרשידנסטע זאַכן. מערסטנס זיי־נען דאָס אַרטעלן פון טריקאָטאַזש אויסאַרבעטונגען, אָבער פאַראַן אַר־טעלן אין אַלע צווייגן פון מלאכה. אַדעס איז באַרימט מיט איר פיש־האַנדל; גייט דאָ דעריבער אָן אַ גרויסע פּראָדוקציע פון זאַלצן, רויכערן און קאָנסערווירן פיש אויף די פאַרשידנסטע אופנים. מיט דעם אויס־נאַם פון איינער אַ גרויסער מלוכהשער קאָנסערוון־פאַבריק, ליגט די דאָזיקע פּראָדוקציע אין די הענט פון די אַרטעלן, וואָס שטעלן צו די אויסגעאַרבעטע סחורה אויפן אָרטיקן מאַרק דורך די קאָפּעראַטיוועס און אויך אויפן אַלגעמיינעם מאַרק. גאַנץ ווייניק, פאַרקערט, זיינען אידן פאַרטראָטן אינעם פישפאַנג; אַלנפאַלס אין דעם, וואָס קומט פאָר ביי די נאָנטע ברעגן.

איך פרעג זיך נאָך ביי מיין ברודער אויף אַלע שטעטלשע סוחרים און קרעמער און מיוחסים פונעם שטעטל און זייערע זין און טעכטער. די יונגע האָבן זיך אַלע איינגעאָרדנט — און יונגע מיינט צומאָל עט־לעכע און פערציק יעריקע, וואָרום בשעת איך רייד וועגן דעם עולם, וואָס איז אין מיין עלטער, פאַרגעס איך, אַז איך בין שוין אין דער צווייטער העלפט פונעם פינפטן צענדליק — ווער אין אַדעס און ווער

אין מאָסקווע, אַלס קוסטאַרן, אַלס סאָוועטישע אָנגעשטעלטע און וועך אין שטעטל ביי דער ערד־אַרבעט, הינטערן שטעטל גופא אָדער אין אַן אַנדער קאָלאָניע. אַנדערע אַרבעטן ביי דער ברויט־פאַרגרייטונג אין שטעטל, אַלס תבואה־ספּעצן. איינער, אַ גבירישער זון, מיינער אַ יוגנט־חבר, מיט וועלכן איך האָב צוזאַמען געלערנט און געלייענט אין שטעטל, דאָס ערגעץ אָפּגעקויפט אַ מאַשין, וואָס שניידט „סטרוזשקעס" צום פּאַקעווען און ער האָט געמאַכט אין אַדעס אַן אַרטעל פון סטרוזשקעס. ער איז אַ גאַנצער קאָמוניסט, מענסט מיט אים ריידן. פון די עלטערע זיינען אַ סך שוין נישטאָ: געשטאָרבן, אומגעקומען אין די פּאָגראָמען; אַנדערע האָבן גענומען ערד צום אַרבעטן הינטערן שטעטל און אַנדערע ווערן אויסגעהאַלטן פון די קינדער, פון רוסלאַנד צי פון אַמעריקע. ערגער פון אַלע איז די אַמאָליקע גרויסע גבירים. דער גרויסער הור־טאָווניע קרעמער י. מ. איז אָרים און קראַנק און דער גרויסער קרעמער, זעם שענקערס זון, וואָס האָט ביים טאַטן די דירה צוגענומען פאַר פּראָ־יענט, איז היינט אַ שברי כלי און האַלט זיך אויף מיט זיין פרוי ביי זיינע קרובים ערגעץ אין פּאָדאָליע...

אין וואַגאָן איז ענג. נישטאָ וואו צו זיצן. עס פאָרן אידישע קרע־מער און קוסטאַרן פון די אַרומיקע שטעטלעך, פּויערטעס, וואָס פירן אַ האַנדל מיט דאָרפישע פּראָדוקטן; יונגע פּויערים, וואָס פאָרן צוריק אין דאָרף פון דער שטאָטישער אַרבעט, אויף דער צייט פון שניט; עטלעכע רויטאַרמייער...

אַז מען זאָגט, שטעטלשע קרעמער, דאַרף מען זיך נישט פאָר־שטעלן דערביי קיין באַלעבאַטים פון קראָמען. דאָס זיינען אַזעלכע, וואָס שטעלן זיך אויס אין אַ מאַרק־טאָג מיט זייער ביסל באַקאַליי אָדער צעלניק אויף אַ שטעלכל אָדער אויף אַ ראָגאָזשקע. מערסטנס זיינען דאָס אינוואַלידן אָדער אַלטע לייט, וואָס האָבן באַקומען אַנ־שטאָט אַ פּענסיע, דאָס רעכט צו „האַנדלען" אָן אַ „פּאַטענט".

פאַראַן נאָך אָבער אויך קרעמער, וואָס האַלטן באַקאַליינע קלייט־לעך און האַלטן אָן זייערע אַלטע קונים: די שטעטלשע אידענעס און דאָרפישע פּויערים, וואָס קאָנען נישט איבער דאָס נייעס, וואָס רופט זיך קאָאָפּעראַטיווע. אין דער קאָאָפּעראַטיווע דאַרף מען ווערן אַ מיט־גליד, אַריינטראָגן אַ פּאַי, וואָס באַשטייט פון 15 רובל און דער פּויער

צאָלט דריי מאָל אַזוי פיל די פּרייז ביי זיין אַלטן באַקאַנטן קרעמער, וואָס באָרגט אים אַמאָל אויף אַ רובל סחורה און ער ווערט נישט קיין מיטגליד אין דער קאָאָפּעראַטיוו. שניטקרעמער זיינען שוין אָבער אין שטעטל נישטאָ.

ערשט די וואָך — דערציילט מיר מיין ברודער — האָבן זיך אין אונדזער שטעטל פאַרמאַכט די לעצטע דריי שניט־קרעמלעך. דאָס מוז ברענגען דערצו, אַז אויך די אַנדערע קרעמלעך זאָלן זיך שליסן, מחמת דער פּויער וועט מוזן אַנקומען נאָך שניט־סחורה צו דער קאָאָפּעראַטיוו און וועט שוין מוזן ווערן דאָרט אַ מיטגליד. און אַט די יונגע פּויערים און די רויט־אַרמייער, וואָס קומען אַהיים פון דער שטאָט און פון דער רויטער אַרמיי, דאָס זיינען פּראָפּאַגאַנדיסטן פאַר קאָאָפּעראַטיוויזם, פאַר קאָלעקטיוויזאַציע און פאַר אָפּגעבן די תבואה דער מלוכה.

די צרה איז מיט די קרעמער, וואָס זיי זעען דאָס נישט אָדער זיי ווילן דאָס נישט זען. אָט פּאַרט דאָ מיט אונדז מאָטל בעזפּ... (אַזאַ שטעטלשער ניט שיינער צונאָמען). דער דאָזיקער קליינשטעטלדיקער טפּש, וואָס קוואַסעט ביי זיך אין קלייטל, ווי דער וואָרים אין כריין, איז דערצו נאָך אַ גאַנצער חכם, אַ „פּאָליטיקער" און הייסט ביי די פּויערים אַ קלוגער איד, וואָרום פאַרוואָס זאָל ער נישט זיין קלוג, אַז ער איז מבטל אַלצדינג, וואָס איז ניי: די קאָאָפּעראַטיוו, דעם מלוכה־אַמבאַר, דעם דאָרפסראַט, דעם שטעטלשן ראַט און חוזקט אָפּ פון אַלץ!... צי אַ צווייטער קרעמער, גדליה שלמהס; יענער איז נאָך אַ ציוניסט אויך דערצו און ווייסט פון וועלט־פּאָליטיק, פון ענגלאַנד, דעם אוהב ישראל, וואָס וועט נאָך אויסלייזן רוסלאַנד צוזאַמען מיט די אידן פון די באָלשעוויקעס...

מיר שטייגן אָפּ אין ראַזדיעלנאַיאַ. דאָ האָבן מיר משפּחה און דאָ אויפן וואָקזאַל טרעף איך זיך מיט מיין טאַטן, נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיך באַלד פיר און צוואַנציק יאָר נישט געזען. מיין טאַטע פילט זיך אין דער ראָל פון יעקב אבינו, וואָס האָט זיך געטראָפן מיט זיין זון יוסף און נאָכדעם, ווי מיר צעקושן זיך און זיינען אַזוי גערירט פון דער באַגעגעניש, רופט ער זיך אָן צו מיר מיט יעקב אבינוס ווערטער: „ראות פּניך לא פּללתי" און איך טראַכט מיר דערביי, ווי שטאַרק עס

איז דער טרייסטנדיקער כוח פונעם פסוק און דערביי דערמאָן איך מיך אַליין אין אַ פסוק, אין די ווערטער פון רש״י: „מה שאירע ליעקב אירע ליוסף", אַז איך בין נאָך אַלעמען דער זון פון מיין טאַטן, דעם אַלטן משכיל. ווי ווייניק סענטימענטאַל ער איז! ווי שטאַרק ער איז באַהערשט פון דעם שכל! ווי ער רעזאָנירט דאָס אַזוי וועגן דאָס אַרומיקע און וועגן זיך אַליין, וועגן די אַלע אויסערגעוויינלעכע מאָמענטן אין דעם געזעלשאַפטלעכן און אין זיין פּריוואַטן לעבן! און נאָך אַלעמען, רופט ער זיך אָן צו איינעם פון דער משפחה, אַ באַן־באַאַמטער, וועלכן איך האָב פריער נישט געקענט: איך ווייס ווער א י ך בין און ווער מיינע ז י ן זיינען און איך פאָדער נישט פון זיי עפּעס אַנדערש, ווי דאָס, וואָס זיי זיינען.

פונדעסטוועגן האָט מיך איין זאַך, דערפון, וואָס ער האָט דערציילט וועגן זיך און וועגן מיר, אַביסל געערגערט. ער באַקומט „די פּרעסע", לייענט מיינע אַרטיקלען, זיי געפעלן אים און טיילט דעם פאַרגעניגן מיט... דעם רב פונעם שטעטל.

— אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט! — מערק איך אים אָן. — פאַרוואָס נישט געבן צו לייענען די האָרעפּאַשניקעס פונעם שטעטל?

— מיינסט אודאי — טרייסט ער מיך — אַז אונדזער רב איז דער אַמאָליקער ווילדער פרומאַק און שוטה? דער היינטיקער איז אַ יונגערמאַן מיט וויסן און לייענט די „איזוועסטיאַ" און דעם "עמעס" און אַז סע וועט אים שטאַרק צוטרעטן, ווייס איך נישט צי ער וועט נישט אַוועקוואַרפן דאָס רבנות און זיך באַזעצן אויף ערד.

אַ טאָג צייט האָבן מיר פאַרבראַכט אין ראַזדיעלנאַיאַ. אין הויז פון מיין קרוב דעם באַן־באַאַמטן און זיין פרוי, מיין קוזינע און געקליבן נחת פון זייערע האָפערדיקע און באַגאַבטע קינדער, וואָס דעקלאַמירן אַזוי שיין און שאַרף אין רוסיש און אוקראַיניש (נישטאָ אין ראַזדיעלנאַיאַ געגוג אידישע קינדער פאַר אַ אידישער שול) לידער פון אַרבעט און קאַמף. מיר באַקוקן זיין באַשטאַן, זיין ברודערס פאַבריקל פון זעלצערוואַסער (אַ גרויסער צווייג פון אידישער קוסטאַרנער אינדוסטריע אין אַלע שטעט און שטעטלעך) און אין אָוונט, גייען מיר מיט אַ דעמאָנסטראַציע פון די אַרבעטער און פּויערים פון ראַזדיעלנאַיאַ, מיט רויטע פאָנען און שטאַנדאַרטן קעגן די פאַרכאַפּער פון דער

רוסישער אייזנבאַן אין בינע. אַן אומגעריכטער היימיש און סאָוועטיש פאַרבראַכטער טאָג אויפן וועג פון אדעס, וואו איך האָב נאָך קיין צייט נישט געהאַט דאָס סאָוועטישע לעבן צו זען, און מיין געבורטשטעטל, וואו איך ריכט מיך צו זען אַזוי ווייניק סאָוועטישעס.

אויף דער צווייטער באַן־סטאַנציע, וועסיאָלע קוט, וואוהין מיר מאַכן די רייזע ביינאַכט און פון וואַנען מיר דאַרפן מיט אַ פור צופאָרן צוועלף ווערסט צו גראָסעלעס, פיל איך מיך שוין ווי אינעם פאַרהויז פון מיין שטעטל. עס נעמט מיך אויף מיט אַ וואַרימען „וואָס מאַכס־טו?" דער באַלעגאָלע איציקל אירעס, דער גראָסעלער „יאַנקל שיינעץ"; דער באַאַמטער פון דער סטאַנציע, וועלכער גיט מיר אַרויס מיין גע־פעק, וואָס איך האָב אַרויסגעשיקט אַהער נאָך פון מאָסקווע, געפינט פאַר נויטיק זיך צו פאַרענטפערן פאַר מיר, פאַרן אויסלענדער, די באַ־ציאונג פון דער ראַטנמאַכט צו די שטעטלשע הענדלער: „זשמוט וואַ־שעוואָ סטאַריטשקאָ", — זאָגט ער מיר ביים אָנשרייבן די קבלה — מען דריקט צו אייער אַלטיטשקן, נאָר אַנדערש קען מען דאָך נישט... צוויי אידן פון אַ דערבייאיקער קאָלאָניע האָבן געבראַכט קעז און פּו־טער, וואָס זיי פירן קיין אדעס; די אידן זיינען נישט אונדזערע, זיי זיינען ערגעץ פון קיעווער גובערניע, פון וואָלין, וואָס די פרייע ערד אַרום אונדזער שטעטל האָט זיי אַהער צוגעצויגן.

אויפן וואָגן צו אונדז זעצט זיך אויף אַן אַלטער תבואה־מעקלער, וואָס אַרבעט איצט ביי דער מלוכה, ביים אויפקויפן תבואה פאַרן „כליעבסאָיוז". מיר פאָרן און דער אַלטער מעקלער דערציילט „סאָוו־טישע אַנעקדאָטן", אייניקע גאַנץ אַלטע, וואָס איך האָב זיי געהערט אָדער געלייענט אין אַרגענטינע, למשל, וועגן לענינען ביי דער טיר פון גן-עדן און ענלעכע; אַ טייל אָבער שוין נייע, מערסטנס אַזעלכע, וואָס נעמען זיך אָן די קריוודע פון טראָצקין. פריער פלעגט מען דער־ציילן אַנעקדאָטן קעגן דעם עוכר ישראל „לייבעלע טראָצקי", היינט איז „לייבעלע טראָצקי" צווישן אָט דעם עולם שיר נישט אַ אידישער מאַרטירער. איינער פון די אַנעקדאָטן, אַ באַזונדערס שאַרפער, איז מיר פאַרבליבן איינגעקריצט אין זכרון:

ווען מען האָט טראָצקין אַראָפּגענומען פון זיין אַמט און פאַרשיקט קיין סיביר, איז ער אַריינגעקומען אין דער זעלבער כאַטקע, וואו ער

האָט אַמאָל געוואוינט, בעת דער צאַרישער פאַרשיקונג. אַנטקעגן איז אים אַרויסגעקומען אַן אַלטיטשקע, די באַלעבאָסטע פון דער כאַטע און האָט אים דערקענט:

— ליעוו דאַווידאָוויטש!

— יאָ — זאָגט ער — איך בין עס.

אויף וואָס די אַלטיטשקע האָט אַרויסגעלאָזט אַ פאַרוואונדערטן געשריי:

— ניעאוזשעלי צאַר?! צי דען, הייסט עס, הערשט שוין ווידער דער צאַר אין רוסלאַנד?!

ווען טראָצקי ווייסט, ווער עס זיינען זיינע אַנהענגער און פאַרייִדיקער אין ראַטנרוסלאַנד! — האָב איך מיר געטראַכט און נאָכמער האָב איך געטראַכט וועגן די אַנעקדאָטן־דערציילער. אין דעם אַרבעטס־אימפּעט, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַלע אַרבעטנדיקע אינעם ראַטנפאַרבאַנד און אינעם אינטערעס צו די פּראָבלעמען, וואָס דער דאָזיקער אימפּעט רופט אַרויס — פּראָבלעמען, וואָס ווערן דיסקוטירט מיט אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט און „כובד ראש", ווי עס פּאַסט פאַר עניינים, וואָס פון זיי איז אָפּהענגיק די צוקונפט פונעם ראַטנפאַרבאַנד, אַן אימפּעט, אַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אַ „כובד ראש", וואָס האָט אָנגעשטעקט אויך מיך, דעם גאַסט, האָט מיר מאָדנע געטענצלט פאַר די אויגן אָט דאָס לייכטע פּאַסאַזשירל, אָט דער אַלטער שוין מעריודנדיקער תבואה־מעקלער, וואָס געפינט זיך אויף אַ מלוכה־שטעלע און איז גאַנץ צופרידן, ווי ער זאָגט, און נעמט אויף אַלץ וואָס אַרום אים טוט זיך ווי אַן אַנעקדאָט.

פריער, פלעגט אַזאַ איד דערציילן אַנעקדאָטן פונעם צאַר, פונעם „אדון הגדול", ווי ער האָט אים אויף זיין שפּראַך גערופן, פון זיין „אבי" דעם רשע, וואָס האָט „געמתט", פון פּריצים און גענעראַלן, פאַר וועלכע ער האָט מורא געהאַט און געציטערט אימת מות און וועלכע ער פלעגט אָפּחוזקן און מבטל מאַכן צווישן אייגענע; הייַנט, חוזקט ער און לאַכט פון די באָלשעוויקעס און איז זיי מבטל. נישט געקוקט, וואָס ער איז אַ מלוכה־אָנגעשטעלטער, קוקט ער אויף די פירער פון דער אינסטיטוציע, אין וועלכער ער אַרבעט, ווי אויף זיינע באַלעבאַטים; ער טאַפּט זיי צי זיינען זיי „גוטע" צי „שלעכטע", אויף וויפיל

דאַרף מען מורא האָבן פאַר זיי, און ווי דער לאַקיי וואָס שטעקט אַרויס דער פריץ אַ צונג הינטן אַרום, נאָכדעם ווי ער איז ערשט געשטאַנען פאַר אים אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע און געחנפהט, אַזוי רעדט דער דאָזיקער איד וועגן „איוואַן כראַפּ", נאָכדעם ווי ער האָט אים מיט ציטערניש אָנגערופן „טאָוואַרישטש".

דאָס האָב איך איבער געטראַכט אַזוי וועגן דעם אַלטן מעקלער אויף דער ערשטער מינוט; שפּעטער האָב איך מיך צוגעוואוינט צו אים און צו זיינע אַנעקדאָטן, ווי צו זיינע ווערטלעך און איך האָב פאַר מיר געזען שלום עליכמס אַ אידן, אין וועלכן עס זיינען פאַראַן אַלע זיינע פאַרשוינען צוזאַמען, אָנהויבנדיק פון מנחם מענדלען און ענדיקנדיק מיט טוביהן. אַ שאָד נאָר וואָס דער דאָזיקער איד, דער מעקלער איז פאַרבליבן אויך ביי דער ראַטנמאַכט ביי אָן אַרבעט, וואָס דערציט אים נישט איבער; וואָלט דער איד אַריינגעפאַלן אין אַ קאָלאָניע, אַלס ערד־אַרבעטער, וואָלט ער אין משך פון נאָר אַ קורצער צייט גאָר אַנדערש געוואָרן. איך האָב מיך דערמאָנט אָן דעם ענטפער פון איינעם אַזאַ אידן, אַ ווערטל־זאָגער, אויפן „רויטן מאַרק" אין קאַלאַי, ווען איינער פון די דזשאָינט אָנגעשטעלטע האָט אים געבעטן ער זאָל עפּעס דערציילן:

— מיינע פערדלעך וועלן ברוגז ווערן, זיי בענקען שוין אַהיים.

מיר פאָרן באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ. אַרויף דעם באַרג גייען מיר אַראָפּ פון וואָגן, כדי די פערד זאָל זיין לייכטער צו שלעפּן. מיר פאָרן דורך אַ פאָר אַלטע דערפלעך. „ביטערע גויים" אַמאָל דאָ געוועזן... אינטערעסאַנט ווי באַציט זיך אָט דאָס דאָרף צו דער ראַטנמאַכט...

און אָט איז סאַוויצקאָיע, אָדער אויף אידיש סאַוויצקעס, וואָס איז אַמאָל געווען אַ אידיש שטעטל, מיט אַ ריי קלייטלעך אינמיטן מאַרק, מיט אַ שיל און מיט אַ שוחט, וואָס זיינע זין זיינען געוועזן פלינקע תבואה־סוחרים, מיט אַ מלמד וואָס האָט געהייסן חיים הערש און האָט געהאַט אַ זון, וואָס איז אַוועק אין דער פרעמד און איז געוואָרן אַ „לערער" און דערנאָך אַ בוכהאַלטער, און אַ פּריץ וואָס די אידן האָבן אים גערופן פעטרע און זייער שתדלנטע ביי אים האָט געהייסן הינדע רייזיע, וועלכע האָט שוין געוואוינט ביי אונדז אין שטעטל און האָט שוין פאַרקויפט באַרלעך־קוואַס. אַמאָל פלעגט זיך דאָ שטעלן

אַ יאַריד אַ זונטיק איבער זונטיק. און אַ איד אַ ווערטל־זאָגער ביי אונדז אין שטעטל, פלעגט זאָגן נאָך אַזאַ יאַריד, אַז ער האָט היינט פארדינט צען קאָפּיקעס, וואָס איז, ער איז געגאַנגען פון גראָסעלעס קיין סאַוויצקעס צופוס און האָט איינגעשפּאָרט שכר עגלה.

די אַמאָליקע צוויי רייען הייזלעך און קלייטלעך זיינען חרוב. ביי איין שטוב זיינען די פענצטער פארקלאַפּט מיט ברעטלעך.

„מיסטיוועקע!" — דערמאָן איך מיך אינעם שטעטל פון דוד בערגלסאָנס „דער לעצטער ראש השנה" און איך פוויל מיך נישט און גיב אַ געשריי:

„מיסטיוועקע!"

און מיר ווילט זיך, אַז פון דער לעצטער שטוב זאָל ארויסשפּרינגען, ווי ביי דוד בערגלסאָן, אַ האַלב נאַקעטע אידענע און אונדז נאָכשרייען:

„מיסטיוועקע שטעלט אייך אַ פייג!!"

אָבער מיסטיוועקע, כ'מיין סאַוויצקעס, קען שוין אפילו קיין פייג אויך נישט ארויסשטעלן. די פּאָגראָמען האָבן עס צום איבעריקן אָפּגעווישט.

— ביטערע גוים דאָ! — זאָגט מיר דער אַלטער מעקלער, וועלבער איז איצט אויף „סאָוועטישער סלוזשבע".

